אברהם ליס

# הײם און דויער

וועגן שרײַבער און ווערק

פארלאג
י.ל. פרץ
ביבליאטעק
תל-אביב, ישראל
1960



ארץ-ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור

יהואש

אפרים אויערבאַך

י. פּאַפּיערניקאָוו

שמואל איזבאַן

שמחה אייזין

ל. חיין-שמעוני

יואל מאַסטבוים

מלכה לאָקער

אברהם לעוו

אריה שמרי

ה. לייוויק

א. סוצקעווער

ש. בערלינסקי

יעקב פרידמאַן

מענדל מאַן

יצחק פּערלאָוו

בינעם העלער

א. קאַרפּינאָוויטש

משה יונגמאַן

צבי אייזנמאַן

מ. גראָס-צימערמאַן

מ. צאַנין

מרדכי יאָפּע

שמשון מעלצער

# ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור

דעם ליכטיקן אָנדענק פון דבורהלען

די טעמע ארץ־ישראל און דער ארץ־ישראל־מאָטיוו זענען נאָך דער שטעטל־טעמאַטיק, וואָס האָט אַזוי ברייט געוואָרצלט אין דער יידישער ליטעראַטור, פון די קענטיקסטע און דאָמינירנדיקסטע. און ס׳איז קיין חידוש נישט, — האָבן דאָך דורות באַזונגען די בענקשאַפט נאָך ציון און ירושלים און דעם באַגער צו ארץ־ישראל.

מיר מיינען דאָ נישט די תפילות און פיוטים, וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט יחידישן בענקען און דריקן אויך אויס די באַגערן פון כלל, — הגם זיי האָבן אָן ספק משפיע געווען, אַז דער מאָטיוו פון נאַציאָנאַלער בענקשאַפט זאָל קולימינירט ווערן אין די פאָלקס־געזאַנגען און אויפגעהיט ווערן דורך דורות און צייטן, — מיר מיינען דאָ און האָבן אין זינען די ארץ־ישראל־שאַפונג זינט ס׳איז אויפגעקומען און זיך אָנגעהויבן פאָרמירן דאָס ניי־ארץ־ישראלדיקע לעבן, דאָס פיאָנערישע און געוואַגטע, וואָס האָט זיך גענומען געשטאַלטיקן, אַריינברענגענדיק נייעם אינהאַלט און אָטעם, אַ נייעם גלויבן און חלום אין לעבן פון די יידישע מאַסן, און פון דעם צו דער יידישער וואָרט־שאַפונג.

די שטרעבונג פון שיבת־ציון, וואָס האָט דורות־לאַנג געטליעט אין פאָלק, האָט זיך אויך געמוזט אָפּשפּיגלען אין דער ליטעראַטור. דער דראַנג צום אייגענעם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן האָט זיך אויסגעדריקט סיי אינעם געזונגענעם פאָלקסליד, וואָס איז אָן צווייפל דער געטרייסטער באַ־ראָמעטער פאַר די שטימונגען און מהות פון פאָלקישן טראַכטן און שטרעבן, און סיי אין דער ליטעראַטור, אין דער פּאָעזיע און פּראָזע.

אַפילו י. ל. פרץ וועמענס באַציונג צום נייעם ארץ־ישראל איז נישט קיין גאַנץ קלאָרע, לאָזט איינעם פון זיינע העלדן יאָר אויסחלומען, אַז — „האַלט מען ביים פאָרן...„דאַכט זיך מיר פאָרט, אַז ארץ־ישראל איז דאָס

איינציקע אָרט". און הגם ביי פּרצן ציט עס אַהין, ווייל — "דאָ ליגט אַ מלך... אַ כהן... אַ נביא... און היינט זשע די כותל מערבי...", איז אָבער זיכער, אַז פּרץ איז נישט נאָר צוליב "כהן און נביא" אָנגערעגט געוואָרן צו טראַכטן וועגן ארץ־ישראל, נאָר טאַקע דורכן ממשותדיקן אויפקומענדיקן לעבן. ווייל די נייע ווירקלעכקייט האָט אין יענער צייט באַוועגט און געצויגן דעם יידישן פאָלקס־מענטש. זאָגט דען נישט טביה דער מילכיקער, דער טביה פון נעכטיקער יידישער גורלדיקייט און טרוימערישער צעפּלאָנטערטקייט: — "ביז וואַנען איז דער שיער צו טאָפּטשען זיך אויף דער וועלט?".

האַלטן מיר, אגב, ביי די ערשטע, ביי די קלאַסיקער, וואָס האָבן אַ הייב געטאָן דעם נאַציאָנאַלן ווערט פון אונדזער היינטצייטיקער ליטעראַטור — איז כדאי צו ציטירן דעם בריוו, וואָס י. ל. פּרץ האָט געשריבן צוזאַמען מיט י. דינעזאָנען צו יהואשן, בעת יהואש האָט זיך אַריבערגעקליבן פון אַמעריקע קיין ארץ־ישראל. — "מען זאָגט אונדז — שרייבט פּרץ צו יהואשן — אַז דו ביסט נישט געזונט און פאָרסט דעריבער אַרויס פונעם ביזנעס־לאַנד צום הייליקן לאַנד, טוט אונדז וויי, וואָס דו ביסט קראַנק, אָבער עס פרייט אונדז, וואָס דו פאָרסט אַרויס צום לאַנד, פון וועלכן מיר זענען אַזוי אָפּגעריסן קערפּערלעך און אַזוי גייסטיק פאַרבונדן. ווינטשן מיר דיר הערצלעך אַ גליקלעכע רייזע און ווינטשן דיר געזונט. נעם אונדז מיט אין דיין האַרץ, אין דיין געדאַנק... און זאָג, אין אונדזער נאָמען די בערג פון יהודה, דעם לבנון און אַלעם וואָס געבליבן, — מיר וועלן זיך אין קיין אַנדער לאַנד נישט אַריינפּליישן. ציון איז אונדזער וועג, די וועלט מיט ציון אין דער שפּיץ איז אונדזער צוקונפט..."

טאַקע פּרץ, וואָס איז געווען אַזוי געבונדן מיטן יידישן מאַסן־לעבן, מיט דעם רענעסאַנס פון דער יידישער ליטעראַטור און קולטור, האָט עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט דערפילט — "מיר וועלן זיך אין קיין אַנדער לאַנד נישט אַריינפּליישן"; דאָ איז שוין פאַראַן דאָס קאָנקרעטע און ווירקלעכע, ווי דער גרויסער קינסטלער האָט דערזען — ארץ־ישראל ווי דאָס לאַנד פון יידישן טרוים און יידישן לעבן.

ארץ־ישראלדיקער טרוים און נאַציאָנאַל־אייגנדיק לעבן איז געוואָרן אַ גרונטמאָטיוו אין דער מאָדערנער יידישער שאַפונג. יידישע דיכטער און קינסטלער האָבן נאָך אין ווייטן נעכטן, נאָך ווייט פאַרן נייעם בראשית,

אינטואיטיוו־נשמהדיק דערשפּירט און באַגריפן די וויטאַלע פאָלקס־כוחות, וואָס וועלן אויפקומען און שאַפן, זיך ראַנגלען און בויען. צי דאָס איז געווען דער פאָלקסטימלעכער בדחנותדיקער דיכטער אליקום צונזער, וועל־כער האָט מיט זיינע חיבת־ציון־לידער באַגלייט די ערשטע בילויים, צי גאָר דער צאַרטער ליריקער שמעון פרוג, אָדער מאָריס ראָזנפעלד, פון די ערשטע יידישע סאָציאַלע דיכטער, דער זינגער און בונטאַר פון די אַמעריקאַנער שוויץ־שאַפן, וואָס זאָגט אַזאַ תפילה:

באַוויז אונדז דיין רחמנות / באַפריי אונדז פון סכנות /
פארהיט אונדז פון פאַרדאַרבן / און לאָז אונדז ענדלעך ארבן /
דיין לאַנד, דיין זיסע לאַנד.

ס׳איז, פאַרשטייט זיך, אַ מהלך רב, ס׳איז פאָלג מיך אַ גאַנג פון די תמימותדיקע און שטימונגספולע ציון־לידער פון אליקום צונזער און אַנ־דערע פון זיין צייט, ביז דער היינטיקער ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן גע־וואָרן פון יידישע דיכטער און דערציילער מיט ארץ־ישראלדיקער שטימונג און וואָרהאַפטיקייט. ס׳איז אָבער איין המשכדיקע קייט, וואָס באַגלייט אונ־דזער נאַציאָנאַלן ארץ־ישראל־גאַנג אין זיינע געראַנגלען און שימחות, יסורים און פרייד.

*

קענטיקע יידישע ליטעראַטור־שאַפונגען קומען אויף אין ארץ־ישראל גופא האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז אָבער כדאי צו וויסן, אַז אַ פאָלקס־ליטעראַטור אין יידיש אין ארץ־ישראל איז געווען נאָך מיט יאָרן פריער. דאָס זענען געווען תחינות און מוסר־ספרימלעך, מעשה־ביכ־לעך, צייטונגען, וואָכן־ און חודש־בלעטער, ס׳רוב העברעיש און יידיש צוזאַמען. דער יידיש דעמאָלט איז אָפטמאָל געווען אַ ווילד־וואַלד פון ווילן האַרציקן אַלט־יידיש מיט סקאַרבאָווע דייטשמעריזמען. די באַ־דייטונג פון אָט די ספרימלעך און צייטונגען איז היינט, פאַרשטייט זיך, אַ ריין פאָלקלאָריסטישע, בשעתו אָבער איז עס געווען אין איינקלאַנג מיטן לעבנס־שטייגער און מיט די דעמאָלטיקע לעבנס־באַדינגונגען פון אַלטן אַשכנזיש־יידישן ישוב.

קלאָר איז, אַז די נייע יידישע שאַפונגען, וואָס האָבן זיך גענומען אַרויס־קענטיקן מיטן אָנקום פון דער צווייטער עליה, זענען נישט געווען קיין המשך פון אָט דער פאָלקס־שאַפונג, וואָס איז דעמאָלט געווען בנימצא אין לאַנד, זי איז נישט אַרויסגעוואַקסן פון איר. די נייע יידישע שאַפונג איז געווען אָנהייב, בראשית — ווי בראשיתדיק ס׳איז געווען די תקופה פון ארץ־ישראלדיקן ניילעבן.

ס׳איז געווען די צייט — ווי מיר זענען דאָ שוין געוווינט צו באַצייכענען — פון דער „צווייטער עליה". צו די ברעגן פון ארץ־ישראל האָבן זיך דעמאָלט געריסן פיאָנערן און בויער, די וואָס האָבן אויסגעטראָטן און געשאַפן דעם וועג פאַר מאַסן־עליה. מיט די שיפן קיין יפו זענען דעמאָלט אויך אָנגעקומען די ערשטע יידישע שרייבער. ווער ס׳איז געקומען צו בלייבן, צו בויען דאָ זיין היים און ווער נאָר צו זען און דערקענען דאָס לאַנד. ס׳זענען געקומען שוין אויסגערופענע שרייבער: שמואל יעקב אימבער, דער פּלימעניק פון בעל־„התקווה", ס׳איז געקומען צום ערשטן מאָל שלום אַש, יהואש איז געוואָרן אַ תושב אין רחובות מיט דער כוונה צו בלייבן דאָ. תלוש האָט דאַן געשריבן דעם ערשטן יידישן ארץ־ישראל־ראָמאַן און ז. ברכות האָט דערפילט און אַרויסגעבראַכט די שיינקייט פון גליל און די ריטמישע רוישן פונעם ירדן („דער ירדן רוישט"). ראובני, אַ ברודער פונעם היינטיקן נשיא מדינת ישראל, האָט געשריבן דאַן נאָר יידיש און האָט אויף אַן אָריגינעל־דערציילערישער קאַנווע פאַרפיקסירט דאָס לעבן פון השומר. אין זיין שיינער דערציילונג „אונטערן וואַנט", שילדערט ער דעם יידישן אַרבעטער אין זיין אַריינפּאַסן זיך אין דעם רויפעלד פון דער ארץ־ישראלדיקער סביבה. דער יידישער דיכטער האָט דערשפּירט די פאָלקס־כוחות וואָס קומען צום אויסדרוק אין לאַנד, דערפילט ווי אייגנס באַרג און טאָל, אויפגענומען די פרייד פון אייגענע קוואַלן און דאָס שניי־טער־געזאַנג אין פעלד.

לאָמיר נאָכאַמאָל איבערחזרן אָט דאָס, וואָס גייט דורך ווי אַן עיקר־מאָטיוו דורך דער גאַנצער יידישער ארץ־ישראל־שאַפונג — דער מאָטיוו פון דורותדיקער פאַרבונדנקייט מיט אָט דער ערד.

דעם דאָזיקן דורות־באַוווּסטזיין זינגט שוין אפרים אויערבאַך, וואָס קאָן מיט רעכט באַטראַכט ווערן, ווי דער פּיאָנער פון דער מאָדערנער

ארץ־ישראל־פּאָעזיע, ווען ערשט בוך ארץ־ישראל־לידער „קאַראַוואַ־נען" איז דערשינען מיט צוויי און פערציק יאָר צוריק.

א. אויערבאַכן, דעם זון פון בעסאַראַביע, וואָס איז אין יענער צייט געווען אַן אַרבעטער און שומר אין אַ קאָלאָניע, איז באַשערט געווען צו ווערן איינער פון די ערשטע באַזינגער פון דער חלוציש־העראָישער תקופה ביי אונדז.

פאַר אים האָט שוין שמואל יעקב אימבער אַרויסגעגעבן, נאָך זיין באַ־זוך אין יאָר 1912, זיין פּרעכטיקע לידער־זאַמלונג „אין יידישן לאַנד".

פון דער זעלבער צייט זענען אויך די קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן פון יהואשן „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק" און זיינע אינטים־לירישע ארץ־ישראל־לידער.

ארץ־ישראל האָט אויך זוכה געווען צו אַ גרויסער צאָל באַשריי־בונגען, צו אַ רעפּאָרטאַזשן־ליטעראַטור פון און אַרום ארץ־ישראל. מיר מיינען דאָ די רעפּאָרטאַזשן און ארץ־ישראל־באַשרייבונגען פון אונדזערע בעסטע יידישע שרייבער, וואָס האָבן אין פאַרשידענע צייטן במשך פון די לעצטע יאָרצענדליקער באַזוכט דאָס לאַנד. לאָמיר דערמאָנען אָפּאַטאָשוס „צווישן ימען און לענדער", פּרץ הירשביינס און לייב מלאכס ארץ־ישראל־באַשרייבונגען; ה. ד. נאָמבערגס און שאול ראַסקינס בילדערישע, פאַרביקע רעפּאָרטאַזשן; יעקב באָטאָשאַנסקיס און נחמן מייזילס שילדערונגען און באַטראַכטונגען, און איבער אַלץ וויִרקן זיך אויס ביז היינט צו טאָג יהואשעס קינסטלערישע באַשרייבונגען און שילדערונגען פון ארץ־ישראל. דאָס לאַנד פון מיט איבער פיר צענדליק יאָר צוריק, די מענטשן מיט זייערע זאָרגן און שׂימחות פון יענער צייט, ווי ער שילדערט זיי אין זיינע צוויי בענדער „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק", די געדאַנקען, סיטו־אַציעס, פּאַסירונגען און אַרויסזאָגונגען פונעם דיכטער זענען אַזוי היינטיק און אַקטועל ווי אַמאָל, בעת זיי זענען געשריבן געוואָרן.

און איידער מיר גייען איבער צו באַטראַכטן בקיצור די שאַפונגען, וואָס עס האָבן צונויפגעבראַכט די היגע יידישע דיכטער און פּראָזאַיקער און וועמענס ערשטע קאָלעקטיווע ליטעראַרישע זאַמלונג: „אָנהייב" איז דערשינען אין ירושלים מיט איין און דרייסיק יאָר צוריק, ווילן מיר נאָך אַ ביסל אַריינבליקן אין די ווערק, בעיקר די פּראָזע־ווערק, וואָס זענען דער־

שינען הויפּטזעכלעך אין פּוילן און וועמענס טעמאַטיק איז אַן ארץ־־ישראלדיקע.

דער יידישער שרייבער בנימין רעסלער, וואָס האָט מיט אַ שטיקל צייט צוריק באַזוכט דאָס לאַנד שוין צום דריטן אָדער פערטן מאָל, איז געווען דער מחבר פון ערשטן גרויסן און געטרייסטן ארץ־ישראל־ראָמאַן וועגן דעם חלוצישן לעבן און חלוצישער העראָיק: „אויף אַלטער ערד", וואָס איז דערשינען אין ווילנע אין יאָר 1928 האָט מיט בעלעטריסטישער קראַפט אַרויסגעבראַכט סיי דאָס מסירת־נפשדיקע פון קאָלעקטיוו, די געוואַגטקייט און עקשנות, סיי די שטימונגען און געפילן פונעם יחיד אין דער אַלגעמיינער ראַם פונעם קיבוץ־לעבן. דאָ קומען זאָרגן און יסורים פון אַרויפגאַנג און אויפלעבונג „אויף אַלטער ערד". די אַלטע אויסגעפּרוּווטע פּיאָנערן און די יונגע וואָס ברויזן מיט אינטימסטער מענטשלעכער שטימונג, ביידע צוזאַמען נעמען אויף זיך דעם עול און יאָך פון דער נייער קאָלעקטיווער געזעלשאַפט.

ענלעכע געשטאַלטן און פּראָבלעמען געפינען מיר אויך אין דעם ראָמאַן פון שלום אש „דאָס געזאַנג פון טאָל". דאָס איז אַ געזאַנג, וואָס קומט נאָך יאָרן פון שפּאַנונג, נאָך יאָרן פון פּיאָנערישער אָנשטרענגונג. פאַראַן אינעם ראָמאַן שטעלן פון אַשס וווּנדערלעכער קינסטלערישער בילדערישקייט: אָט שילדערט אַש דאָס אויסברענען אַ שטיק ווילדעניש, ווי דער מדבר ווערט באַהאָפטן מיט מענטשלעכער פּראַצע און מענטשלעכער מי און ס׳גייט אויף אַזאַ פאַרנעמיק בילד:

— „עס האָט געברענט די טויזנט־יאָריקע פאַרווילדונג, וואָס דער מידבר און די פאַרלאָזנקייט האָבן פאַרזייט. דאָס פייער האָט געקנאַקט און געקנאַלט מיט טויזנטערליי משונהדיקע קולות, ווי די רוחות, וועלכע האָבן געוווינט אין אים, וואָלטן אויסגעקלאָגט זייער ווידוי־געשריי אין דער פאַרניכטונג פון דעם מידבר. עס זענען געשפּרונגען מאָדנע באַשעפענישן פון די פייערן אַרויס און צוריק געפאַלן אין די פלאַמען; גאַנצע סטאַדעס שוואַרצע קראָען, ווי פליענדיקע טייוואָלים, האָבן זיך אויפגעהויבן און זיך אַוועקגעטראָגן, ווי זיי וואָלטן געווען די רוחות פון פאַרוויסטונג, וואָס טרעטן אָפּ זייער אָרט פאַרן ישוב".

דער טויט פון מידבר, דאָס באַהערשן די וויסטעניש און זי ברענגען צום לעבן, איז די דאָמינירנדיקע טעמאַטיק פון כמעט אַלע דערציילונגען

און ראָמאַנען פון יענצייטיקער ארץ־ישראלדיקער פּראָזע. דער מידבר און דער קיבוץ־שטייגער,ביידע ווערן סינטעטיזירט און אַרויסגעבראַכט ווי איינס וואָלט אַרויסגעוואַקסן פון דאָס אַנדערע.

קיבוץ־לעבן און קיבוץ־שטייגער ווערט באַזונגען מיט אַ סך האַרציקער ליבשאַפט און מיט רירנדיקער תמימות אינעם ראָמאַן פון זינאַ ראַבינאָ־וויטש „אויפן וועג צו פרייהייט" און אינעם ראָמאַן פון ב. דעמבלין „צוויי און אַ דריטער", וואָס זיין אינהאַלט זענען די אויפבוי־יאָרן פון תל־אביב, אָבער די העלדן פון ראָמאַן פאַרמאָגן דעם פּיאָנערישן גייסט און מיין פון ארץ־ישראלדיקער בייצייט.

ס'קומט שמואל איזבאַנס אַרומנעמיקער ראָמאַן „פאַמיליע קאַרפּ" און זיינע דערציילונגען פון ארץ־ישראל. לאָמיר אויך דערמאָנען די זאַמלונג דער־ציילונגען פון אומגעקומענעם אין וואַרשעווער געטאָ ז. סקאַלאָוו, „ווייסע הענט", די הענט פון אידעאַליסטישע יונגעלייט, וואָס האָבן אָנגענומען אויף זיך די סימנים פון פּראַצע, ווילן און עקשנות.

„ברענענדיקע ערד" האָט אהרן צייטלין אָנגערופן זיין ראָמאַן פון דער נילי־תקופה. מיט דעם דאָזיקן ראָמאַן האָט אהרן צייטלין אויסגעברייטערט און פאַרטיפט די ראַם פון דער יידישער פּראָזע־שאַפונג. זיין לירישער פּראָזע־סטיל און זיין אייגנאַרטיקער אופן פון דערציילן די טיפע איבערלע־בונגען פון דעם קליינעם יידישן ישוב אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער הערשאַפט פון די טערקן — ווי די מערקווירדיקע העלדן און טיפן פון דער יידישער שפּיאָנאַזש־גרופּע מיטן אייגנאַרטיקן, פאַנטאַסטישן אהרן אהרנסאָן, — גייען אויף און וויקלען זיך אויס אויף אַ ברייטער בעלעטריסטישער קאַנווע. דיווירקלעכקייט און די טרוימערישע געוואַגטקייט פון דער נילי־גרופּע, באַקומט איר פולע געשטאַלטיקונג און אויסדרוק אין אהרן צייטלינס לירישן פּראָזע־בוך „ברענענדיקע ערד".

אַ ראָמאַן פון יענער צייט, פון דער צייט פון ערשטן וועלטקריג, האָט אונדז מיט עטלעכע יאָר צוריק געגעבן דער פאַרשטאָרבענער דיכטער זישע ווייַנפּער „אויף די זאַמדן פון יהודה".

ווייַנפּער איז געווען אַ סאָלדאַט אין יידישן לעגיאָן. אגב, דער לעגיאָן איז אַן אינטערעסאַנטער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון קאַמף פאַר יידי־שער זעלבשטענדיקייט, עטלעכע יידישע שרייבער זענען געווען אין דעם לעגיאָן, צווישן זיי אויך דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער ישראלדיקער

דיכטער שמחה אייזין. „אויף די זאַמדן פון יהודה" איז אַ שילדערונג פון אַ יידישער קאָלאָניע, וואָס איר שטיל, פּאַטריאַרכאַליש לעבן ווערט צערו־דערט מיטן אָנקום פון די יידישע יונגעליים, וואָס ברענגען מיט זיך אידעע, התלהבות און מאָנונג. דער ראָמאַן שילדערט די באַציונגען צווישן די אַלט־יידישע תושבים מיט זייערע אַראַבישע שכנים און שפּיגלט אָפּ טשיקאַווע פּאַסירונגען פון סאָלדאַטישקייט אין דעם יידישן לעגיאָן, מיט זיין טשו־דאַטשנעם העלדיש־יידישן קאָמאַנדיר מאַרגאָלין. „אויף די זאַמדן פון יהודה" איז אַ לייכטער ראָמאַן, אָבער ברענגט אַרויס אמתדיקע האַנדלונגען פון דעמאָלטיקן ארץ־ישראלדיקן שטייגער און איז באַזונט מיט דעם ליכט פון ארץ־ישראל־פּייזאַזש. מער געראָטענער ווי דער ראָמאַן איז אָן־ספק די סעריע ארץ־ישראל־לידער, וואָס ווינפּער האָט בשעתו געשריבן און זיי זענען אַריין אין זיין בוך „געקליבענע לידער" אונטערן נאָמען „אַרום דער וואַנט". פריער נאָך איז דערשינען זיינס אַ באַזונדער ביכל ארץ־ישראל־לידער „פון אונדזער לאַנד", וואָס נעמט אַריין בילדער און שטימונ־גען, ווי אַ שטייגער די פּאָעמע „ירושלים".

אַ וואַלד מיט חורבות און צעגרויטן מויער. —\
אָט טאַנצט מיין האַרץ פון פרייד און טרויער\
און שווער זיך נעמען מיינע טריט באַוועגן.\
אָט שפּרייטן מיר זיך שוין אַנטקעגן,\
ווי קעלערס אונטערערדישע פאַרשפּאַרטע,\
די שמאָלע געסלעך די לאַנג־געגאַרטע.

**אינעם ליד „דורות" זאָגט ווינפּער:**

אין לויטערן שיין פונעם אַלטן,\
דערזע איך דאָס נייקייט פאַרבאָרגן.\
איך קלייב אויף דאָס, וואָס באַהאַלטן\
האָט נעכטיקער טאָג פאַרן מאָרגן.

אויף וועגן פון דורות צעטראָטן,\
באַשערט איז מיר איצטער צו טרעטן.\
בין איך ניט מער ווי שאָטן\
פון נעכטיקע ברידער פאָעטן.

ס׳איז גאָר אַ ווייטער וועג פון יענער צייט ביז היינט, ווי נישט בלויז יאָרצענדליקער וואָלטן פאַרגאַנגען. אונדזער יידיש לעבן אין דער וועלט איז דורך דער צייט טראַגיש קלענער געוואָרן, קלענער און טרויעריקער. ס׳איז אומגעקומען און פאַרשניטן געוואָרן דאָס האַרץ פונעם וועלט־יידנטום. אָט די יידן, וואָס האָבן געשאַפן, געבענקט און געחלומט. אָט די יידן, וואָס זענען געווען דער יסוד פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור, און געווען אויך דער אָנשפּאַר און די טרעגער פון יידישע אידעאַלן און אידעען. און נאָענט צו דעם שרעקלעכסטן פּעריאָד אין אונדזער געשיכטע איז שטאַרקער געוואָרן דער פאַרלאַנג צו נאַציאָנאַלער באַפרייונג, איז שאַרפער געוואָרן די תשוקה צו אייגנדיק־נאַציאָנאַל־לעבן, וואָס האָט אין דער תקופה פון אומקום געהאָלפן צו דער פאַרווירקלעכונג פונעם דורותדיקן חלום — צום אויפקום פון מדינת ישראל.

די אויסגעראַנגלטע זעלבשטענדיקייט, דער ישראל־מאָטיוו האָט נאַטירלעך, דערנענטערט דעם יידישן דיכטער און שרייבער אין גאָר דער וועלט צו די פּראָבלעמען און געשעענישן אין לאַנד. ער איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דער ממשותדיקייט פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן. אָבער מער ווי אַלץ — און קודם־כל — האָט עס אים אָנגעלאָדן מיט נאַציאָנאַלער ווירדע און געשטאַרקט אים אויך אין די תפוצות. דערפאַר זעען מיר אַזאַ שפע פון לידער, דערציילונגען, שילדערונגען און מעדיטאַציעס אויף ישראל־טעמעס ביי יידישע שרייבער און פּאָעטן. זיי האָבן אויפגעכאַפּט די נייע יידישע ווירקלעכקייט, באַנומען די גרייס פון דער געשעעניש און תופס געווען די היסטאָרישע חשיבות פון אָט דער תקופה.

דער פאַרשטאָרבענער דיכטער י. י. סיגאַל פון מאָנטרעאַל, וואָס איז געווען אַזוי טענסיטיוו, אָפּגעהיט און האָט געשמט פאַר אַ ראַפינירטן דיכטער, האָט זיך דאָך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן אין זיינע געציילטע לידער מיט ארץ־ישראל־טעמאַטיק, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, מיט ארץ־ישראל־שטימונג, אַרויסצוברענגען מיט אַזאַ התלהבות און מיט פּשוטן וואָרט זיין אינערלעך געפיל, ווי מיר זעען עס אין די סטראָפעס פון זיינע געזאַמלטע „לעצטע לידער״:

ניטאָ אין ערגעץ קיין שענערע וועלט,
און קיין בעסערע ערד איז ניטאָ.

בלעטער אויף זיבן בלעטער פון ווייטן אַמאָל —
אברהם און שרה און הגר.

**און אין דער לעצטער סטראָפע פון אַ ליד, וואָס הייסט „פון אַ בריוו פון ישראל״, זאָגט ער:**

און אַלץ איז דאָ פּאַלקסטימלעך יונג,
און אַלץ איז דאָ פּונקט ווי ביי זיך.
ביי זיך, ווי די פיס און די שיך.
און אַלע וועלן נאָך קומען אַהער
אפילו — משיח.

**דער משיח־מאָטיוו און די באַטאָנונג פון טרעטן אויף ערד פון ווייט־נעכטיקן און היינטיקן ארץ־ישראל, איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך אין דער יידישער ישראל־שאפונג, און איז ווי אַ באַגלייט־טאָן אין דער פּאָעזיע און פּראָזע.**

**ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז שאַרפער און אימפּולסיווער האָבן דערפילט דעם נאַציאָנאַלן קער־און־ווענד די יידישע דיכטער, וואָס זענען דורכגע־גאַנגען דעם גיהנום־וועג פון אונדזער פינצטערער תקופה אין אייראָפּע. דאָס טרעט אַרויס גאַר בולט אין די שורות פון א. סוצקעווער:**

ווען כ׳וואָלט ניט זיין מיט דיר ביינאַנד,
ניט אָטעמען דאָס גליק און ווײי דאָ —
ווען כ׳וואָלט נישט ברענען מיטן לאַנד,
ווולקאַניש־לאַנד אין חבלי־לידה;
ווען כ׳וואָלט אַצינד נאָך מיין עקידה,
ניט מיטגעבוירן מיטן לאַנד,
ווו יעדער שטיינדל **איז** מיין זיידע —
געזעטיקט וואָלט מיר ניט דאָס ברויט,
דאָס וואַסער ניט געשטילט מיין גומען.
ביז אויסגעגאַנגען כ׳וואָלט פאַרגוי׳ט
און בלויז מיין בענקשאַפט וואָלט געקומען...

אַט דעם גרונטטאָן קאָנען מיר געפינען אויך אין אַ ריי לידער פון אַנדערע דיכטער אין ישראל.

ס'איז אַ טיפע פרייד און באַפרידיקונג צו פילן, אַז דאָ אין לאַנד, ווו מ'האָט ווייט נישט געפיעשטשעט און געצערטלט דעם שאַפער אין יידיש, געפינט זיך היינט צו־טאָג אַ קערנדיקער, פאַרביקער און, דער עיקר, אַ וואָרצלדיקער שרייבער־קאָלעקטיוו.

ישראל איז היינט די היים פון די עלטסטע יידישע שרייבער, פון די, וואָס זענען אויפגעקומען אין דעם רענעסאַנס פון אונדזער ליטעראַטור, אין דער האָפענונגספולער פּרץ־תקופה, ביז די יונגסטע שאַפער אין יידיש־לשון. פון דוד פינסקי ביז די יונגסטע, וואָס זענען אויפגעקומען אין די יאָרן פון נאָכן צווייטן וועלט־קריג.

דריי דורות שרייבער. געקומען זענען זיי בפירוש פון גאָר דער וועלט: פון היטלערס גיהנום, פון געטאָס, פון וואַלד און קאַצעט, אָבער אויך פון לענדער, ווו מען איז נישט דורכגעגאַנגען דעם מלחמה־אומגליק: — דער יונגער יאָכל בירשטיין, היינט אַ חבר אין קיבוץ גבת, איז געקומען פון אויסטראַליע און די יונגע דיכטערין רחל פישמאַן פון בית־אלפא איז אַ געבוירענע אין פילאַדעלפיע. די דערציילערין רבקה רוס און דער נאָוועליסט פּנחס ביזבערג פון אַרגענטינע. לעבן און שאַפן היינט אין לאַנד. סיי די עלטסטע שרייבער, סיי די יונגסטע דיכטער אין אונדזער יידיש־לשון.

מען וואָלט געקאָנט איינטיילן די יידישע ליטעראַטור־שאַפונג אין לאַנד אין דריי צייט־אָפּשניטן: די שאַפונג ביז די מלחמה־יאָרן; אין די מלחמה־יאָרן און נאָכן אויפקום פון דער מדינה, וואָס האָט אַריינגעבראַכט פינף, זעקס מאָל אַזויפיל יידישע שרייבער, ווי ביזן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג.

נישט לייכט זענען געווען די ווייען פון אַקלימאַטיזאַציע, דאָס דערקענען און אויפנעמען דעם פּייזאַזש און טיפּאַזש פון ארץ־ישראל. אָט די אײַבערברוכן און ניי־געשטאַלטיקונגען, האָבן אויך איבערגעלעבט די העברעישע שרייבער. דערציילט דאָך דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער העברעישער דיכטער דוד שמעוני, ווי שווער ס'איז אים אָנגעקומען אַראָפּצוּרייסן די בלאָנע, וואָס האָט פאַרשטעלט זיין אויג, און צו דערזען דאָס אייגנדיקע און נייע...

דאָס יידישע ליד און די דערציילונג האָבן באַדאַרפט געפינען און האָבן געפונען נישט נאָר דעם ארץ־ישראלדיקן אינהאַלט, נאָר אויך די פאָרעם, ווייל שוין די ערשטע האָבן עס פאַרשטאַנען און געפילט, ווי י. פּאַפּיער־ניקאָוו האָט עס אויסגעדריקט אַזוי פשוט און תוכיק:

ברידער מיינע אומעט דיכטער, אַנדערש וואָלטן מיר געזונגען,
אַנדערש וואָלט מען אונדז געהערט,
אַנדערש וואָלט צעגאַנגען זיך און אָפּגעקלונגען
אונדזער ליד, ווען ס׳וואָלט פון אונדז געשלאָגן
זאַפט און קראַפט פון ערד.

אין פּאַפּיערניקאָווס לידער, סיי אין די ליריש־יחידישע, סיי אין די ארץ־ישראלדיקע, זעען מיר, כאָטש ער איז געגאַנגען מיט זיין אייגענעם נוסח און סטיל, די השפעות פון ארץ־ישראלדיקן קלימאַט און פּייזאַזש, וואָס האָט געפורעמט אין אים נישט נאָר טעמע און תוכן, נאָר אויך פאָרעם און לשון.

איז געקומען אריה שמרי, וואָס זיין ליד וואָרצלט אין דער טיפסטער יידישער מיליע, אין דער מקורותדיקער שטאַמיקייט, און האָט געבראַכט זיין אייגנדיק וואָרט און זיין טאָן, אַריינגעוואַקסן און אַרויסגעוואַקסן פונעם היימישן באָדן. מיט פּאָעטישער געשליפנקייט זאָגט ער:

מיין צונג — אין פייערן פון דאָרשטן,
נאָר אין אויג אַזויפיל קוואַלן בלאָען
און איך קוש דיינע וויסטע וויאָרסטן
מיט הייסע טלאָען.

אין שמריס ליד שפּירן מיר אַרויס דעם וווּנדערקלאַנג פון אונדזער נעכטיקער היים און יידישן גורל, דעם טרויער נאָכן נעכטן און די שטילע פרייד פון היינט.

זיין געזאַנג צו זיין דאָרף, פאַרמאָגט סיי די ערלעכע תמימות פון האָרע־פּאַשניק, סיי די דערהויבנקייט פון נייעם יידישן מענטש און די שעפערישע אומרואיקייט פון דיכטער:

ווער בין איך דען, וואָס איז מיין וואָר?
איך בין דאָס קינד פון וואָגל־דור
וואָס אַש פון גאָט אויף זיין גומען ברענט.

— — — — — — — —

און דערפאַר אויף שטעגן דאַזיקע,
שטאלץ־שטייניקע, מילד־גראַזיקע,
איינגעפלאַנצט האָב איך זיך פעסט
און מיין אליין דעם איכיקן,
איינגעברודערט אין דער נעסט.

פון זיין געסט אַרויס זינגט אויך אַן אַנדער דיכטער, איינער פון דער ערשטער גרופּע יידישע דיכטער אין לאַנד, אברהם לעוו, וואָס האָט נישט לאַנג אַרויסגעגעבן דאָ אַ גרעסערע זאַמלונג „פון היים און פעלד" — לידער און פּאָעמעס פון איבער צוויי צענדליק יאָרן אַרבעט און שאַפונג, געראַנגל און היימווי, לידער פון איינגלידערונג אין אייגענער היים און פעלד...

קומען די שאַפונגען פון די ערשטע, וואָס האָבן פאַרלייגט דעם יסוד פון „נייעם בראשית" — א. ריוועסעס דערציילונגען פון „איבערפלאַנץ", ל. חיינס שילדערונגען און דערציילונגען פון שטאָטישע און דאָרפישע אַרבעטער און זיינע באַשרייבונגען פון אַראַבישן לעבן. שמואל איזבאַנס „אויף רושטאָוואַניעס", י. הייבלומס בילדער און הומאָריסטישע דערציילונגען, יואל מאַסטבוימס רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען פון אַלט־ירושלים און פון קאָלאָניסטישן און קיבוצישן שטייגער־לעבן, די סקיצן און נאָוועלן פון אהרן קאָווע, די ארץ־ישראל־לידער פון רקודה פּאָטאַש און די לידער פון יעקב צבי שאַרגעל, י. ה. בילעצקי, י. מאַניק און ש. שנהוד, די ירושלים־לידער פון מלכה לאָקער, ווי די תמימותדיקע אָבער חנעוודיקע לידער פון שמחה אייזין, מיט זיין שטייגערישער פּאָעמע „אַ חתונה אין קאַטרא".

אָט די אַלע האָבן מיט זייער באַשיידענעם און התלהבותדיקן אָנהייב אויסגעברייטערט און געשאַפן דעם וועג פאַר דער איצטיקער צעצווייגטער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג אין ישראל.

מיר האָבן זיך דאָ נישט אָפּגעשטעלט אויף די באַזונדערע שטריכן און

אייגנאַרטיקייטן פון דער ישראל־שאַפונג. מיר האָבן געוואָלט, בעיקר, אָנ־ווייזן אויף דעם, וואָס קענטיקט זיך אַרויס אַלס דער גרונטשטריך אין דער שאַפונג, און די באַציונג פון שרייבער צו די פּראָבלעמען אין לאַנד, די צו־געבונדנקייט צו דער אייגענער ערד.

אָט די חבלי־לידה פון באַהעפטונג מיטן לאַנד האָבן דורכגעמאַכט די נייַ־געקומענע פון נאָכן חורבן, די דערציילער און דיכטער, וואָס דער רוב איז אַליין דורכגעגאַנגען דעם פּיין־ און יסורים־וועג, און ווי זאָגט עס סוצקעווער:

וױ קאָנען די מענטשן פון דאָנען דיר גלויבן,
אַז דו האָסט אין וואַרשע
פאַרטיידיקט דעם קאַסטעל?
אַז דו האָסט אין טויטן־מדינה געפורעמט
די לעבעדיק־היימישע
יונגע מדינה?

צוזאַמען איז עס אַ געזאַנג פון דורות יידישע דיכטער, וואָס באַקומט זיין תיקון אין דער יידישער ליטעראַטור, אויף דער יידישער ערד.

1958

# יהואש

מ׳איז געוווינט געוואָרן איינצוטיילן יהואשעס שאַפן אין צוויי אָפּשניטן: דאָס וואָס ער האָט געשאַפן בערך ביזן ערשטן יאָרצענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט, און דעם פּעריאָד, וואָס הייבט זיך אָן מיט זיינע לידער־ביכער „אין זון און נעפּל״ און „אין געוועב״. ס׳איז אָ ביסל קשה אָט די איינטיילונג, בפרט נאָך, אַז אַנדערע שטעלן עס אַזוי אַוועק ווי דער צווייטער, דער לעצטער יהואש, איז נישט קיין המשך פונעם אַמאָליקן יהואש.

אוודאי זענען זיינע פּאָעטישע שאַפונגען פון דעם צווייטן פּעריאָד פאַרביקער און רייפער, זיי זענען טעמאַטיש אויסגעברייטערט און אינטערעסאַנטער אין דער פאָרעם. איז עס דען נישט די נאַטירלעכע דיכטערישע שטייגערונג: השפּעה פון סביבה און געשעעניש, פאַרמירונג פון אייגענעם חוש און געשמאַק, באַרייכערונג פון פּאָעטישער דערקענטעניש.

וואָס פאַר אַ באַציונג און מיינונג מען זאָל נישט האָבן וועגן יהואָשעס דיכטערישן גאַנג און וועגן זיין קינסטלערישער שטייגערונג, און ווי ס׳זאָל נישט אַנאַליזירט ווערן די שייכותדיקייט פון דיביידע פּעריאָדן, לאָזט זיך זאָגן קלאָר: אין איין מאָטיוו איז ער געבליבן אוממיטלבאַר און שלימותדיק, דאָס איז דער נאַציאָנאַלער מאָטיוו, דער ביבליש־נאַציאָנאַלער מאָטיוו, יידישע לעגענדע און יידישער עבר, אגדות און פּיוטים. מיט ד ע ם איז געווען אויסגעבונדן זיין געמיט און וויזיע, פון אָט די אַלט־קוואַליקע מאָטיוון איז ער אָנגערעגט שוין אין זיינע ערשטע שאַפונגס־יאָרן און אַזוי אין דער שפּעטערדיקער צייט. אפילו זיינע אוניווערסאַלע, די אינטעלעקטועלע, די יחידישע און פילאָזאָפישע לידער, טראָגן אָפטמאָל דעם הויך און אָטעם פון זיין טיף־נאַציאָנאַלער מחשבה.

פאַרשטייט זיך, אַז זיין „מזמור שיר ליום השבת״ און „אויף די פעלדער פון „בית לחם״, אָדער „יפתח׳ס טאָכטער״, צי „דודס האַרף״, ווי בכלל די גאַנצע סעריע פון „ביבל און תלמוד״ און די „יידישע לעגענדן״, — פון

זיינע ערשטע זאַכן — הגם פאַר יענער צייט האָבן זיי פאַרמאָגט נייקייט און זענען געשריבן מיט פריש־אָטעמדיקער, דיכטערישער וואַרעמקייט, האָבן זיי אין זיך פון רוי־ערשטפעלד. און ביי דער גאַנצער אָנגעלאָדנקייט יהואשעס, איז דער אויסדרוק אָפט איינפאַך און תמימותדיק און דאָס בילד ווערט פאַרבלאַסט דורך דער שפע פון ווערטער.

יהואש איז אָבער געווען פון די ערשטע יידישע דיכטער, וואָס האָבן די מעשה פון מדרש און דאָס געזאַנג פון תהילים, די יידישע ראָמאַנטיק און תלמודישע געשיכטעס אַריינגעברענגט אין דער יידישער ליטעראַטור. מיט דעם האָט ער אויפגעעפנט אַ נייעם קוואַל אין דער מאָדערנער יידישער דיכטונג.

אין איינעם פון יהואָשעס ערשטע בענדער, „געזאַמלטע לידער״, געפינט זיך אַ ליד, וואָס הייסט „ווי ס׳ווערן לידער פאַרפאַסט...״. טאַקע דאָס ליד איז דאָס ערשטע אינעם בוך און דינט ווי אַן אַריינפיר: „מיך האָט אַ באַ־קאַנטער געפרעגט, ווי ס׳ווערן די לידער געמאַכט?״ — הייבט־אָן יהואש דאָס ליד און ער ענטפערט:

איך ווייס ניט — האָב איך אים דערקלערט —
פון וואַנען עס נעמט זיך די קראַפט,
וואָס גראַמען און ווערטער באַשאַפט,
נאָר דער וועמען גאָט האָט באַשערט,
די שיינע געשאַנקען אין זינען,
וועט גרינג שוין דעם מלבוש געפינען,
מיט וועלכן ער זאָל זיי באַקליידן,
ער ווייסט שוין דעם אויסדרוק דעם רעכטן,
אין קלינגענדע גראַמען צו פלעכטן,
און קונציק זיין מעטער צום וועבן,
ביז ס׳הייבט־אָן צו אָטעמען לעבן,
און וואַרט און געדאַנקען זיי פליסן
צונויף אין אַ זיווג אַ זיסן.

נאָר אַז ער האָט זיך שפּעטער באַפרייט פון דעם גראַמען־ און ווערטער־באַשאַף און פון די „קלינגענדע גראַמען צו פלעכטן״, די ווערטער און גראַ־

מען, וואָס זיי האָבן אָפּט פאַרשטאָלפּערט דעם געדאַנק, — איז יהואש אויפגע־גאַנגען ווי איינער פון די וויכטיקסטע און אינטערעסאַנטסטע יידישע דיכטער.

ער האָט געקענט גוט די אייראָפּעישע ליטעראַטור. ער איז געווען בקי אין דער ענגלישער ליטעראַטור, אין דער ענגלישער פּאָעזיע. אויב עס קאָן זיין אַ רייד פון אַ וועלכן־עס־איז איינפלוס אויף דעם כאַראַקטער פון זיין שאַפן, אויף דעם אויסגעהאַלטענעם, געפורעמטן געבוי פון זיינע פערזן, האָט ער עס, מעגלעך, באַקומען פון דער איינגעפונדעוועטער ענגלישער פּאָעזיע. נאָר וואָס עפּעס דווקא זוכן פון פרעמדס, אַז בעת דעם זיכערן טאָן און דעם פּאַטאָס און די וויל־קלינגעוודיקייט האָט ער געפונען אין דעם ספר־הספרים.

די טעמאַטיק פון יהואשעס לידער איז אַ ברייטע. אים זענען נאָענט געווען אַלע פריידן און אַלע יסורים פון לעבן. ער האָט געשריבן ליבע־לידער און לידער פון אַנטוישונג, וווּנדערלעכע נאַטור־שילדערונגען און צייט־לידער, מיט קרעפטיקע, קאָנקרעטע באַטאָנונגען. ער האָט געדיכטעט אויף פאָלקס־מאָטיוון און ער האָט מיט דינעם ליריזם אַרויסגעבראַכט זיין אייגענע נשמה־וועלט, איבערלעבונגען און געראַנגלען:

אַ, שוואַרצער תהום וווּהין עס ציט מיין וועג,
ניט וואַנקען וועלן מיינע לעצטע טריט,
ניט בויגן זיך פאַרצווייפלט וועט מיין קאָפּ,
ניט טרייסלען וועלן מיינע הענט,
ניט פאַלן וועט אויף מיין געמיט
אַ שאָטן פון דיין תוהו־נאַכט —
ווען איך וועל צו דיין ראַנד זיך נעהען...

מיין ליד וועט שפּריצן ליכט־שטראַלן,
מיין ליפּ וועט טריפן האָפענונג,
און שפּינען וועל איך פּרעכטיקע
חלומות פון מיין אייביקייט —
ביי דיינע ברעגן שטייענדיק.

היים און דויער

אַ רגע איידער אין דיין שלונד
דו וועסט פאַרשלינגען מיך...

(„דער לעצטער")

פאַראַן א גרויסע צאָל לידער פון אָט דער מחשבה. אין אַן אנדער ליד זינגט ער:

**דער** טויט האָט געלאַכט און געשטשירעט די ציין: —
„געזונגענע האָב איך געזען שוין פאַרגיין..."
דאָס ליד האָט געוויינט: „כ'בין די קרוין און די פּראַכט
פון אַלצדינג, וואָס ער האָט געטרוימט און געטראַכט..."
דער טויט האָט געענטפערט: „דאָס שענסטע נעם איך..."
און די אויגן געשלאָסן דעם דיכטער אויף גיך...

(„דאָס ליד און דער טויט")

**און וואָס איז לעבן? — אָט זענען פיר שורות, דאָס גאַנצע ליד, וואָס דעפינירט עס:**

אַ ווונק
פון דער אייביקייטס אויגן...
אַ פונק
צו דעם פייער געצויגן...
אַ שפּריץ
וועלכער לעכצט נאָך דעם ברונעם...
אַ בליץ
פון פאַרגייענדע זונען...

(„לעבן...")

**אַן אייגנאַרטיק קאַפּיטל אין דער יידישער דיכטונג זענען יהואשעס נאַטור־לידער. דאַכט זיך, אַז אַ חוץ לייב ניידוסן אין זיין צייט, האָט ווייניק ווער מיט אַזאַ קראַפט און מיט אַזאַ פאַרביקייט ארויסגעברענגט דעם פּיי־זאַזש און לאַנדשאַפט, ווי יהואש. זיין לידער־סעריע „אונטערן פרייען**

**„הימל" (פון „אין זון און נעפל"), צי די גרופּע נאַטור־לידער פון „אין גע־וועב", זענען מאָלעריש, ליריש, אָטעמען מיט ערד, מיט ריח פון אויפ־געאַקערט פעלד, מיט פרישקייט פון טוי, מיט ברכה פון רעגן:**

וואָלקנס רוקן זיך צו וואָלקנס,
און אַ באַנדע קומט צוזאַמען —
אָנגעלאָדן פול מיט גנבות,
פון די טייכן און די ימען...

פאַלט אַ שאָטן אויף די פעלדער...
אין דעם נעסט די פויגלען שטומען,
אין דעם זאָמען וואַרט די שפּראָצונג,
אין די קנאָספּן וואַרטן בלומען...

נאָך אַ רגע... וועלן ווערן
אַלע לאָגלען אויפגעריסן,
און די גנבות פון די וואָלקנס,
וועלן בוים און בייט געניסן...

(„מאַי־רעגן")

**אין יאָר 1914 קומט יהואש קיין ארץ־ישראל. ער קומט מיט דער כוונה זיך צו באַזעצן, ווערן אַ תושב. ס'איז געווען אַ געוואַגטער, מוטיקער שריט, צו פאַרלאָזן אַמעריקע, דאָס יידישע ניו־יאָרק, לייענער און פריינד. און יהואש איז דווקא געווען אַריינגעלעבט אין דער אַמעריקאַנער סביבה, געהאַט שוין דאָרט אַ פּאָזיציע פון אַן אָנגעזעענעם דיכטער. אָבער ווי זאָגט ער אין זיין קאַפּיטל „די אויסלייזונג": „יאָרן נאָכאַנאַנד האָט זיך אין מיר געשפּונען אַ שיינער ליבער חלום. ערגעץ אין אַ ווינקל פון דער נשמה, האָט אַ פלאַנצונג געשפּראָצט און איז שטילערהייט און צנועדיק געוואַקסן... אין דעם טומל און דער שרייאיקייט פון הונדערט אינטערעסן, פון אַרבעטן און שטרעבונגען, איז די דאָזיקע פלאַנצונג געבליבן נישט באַמערקט... נאָר אָפט, אין שטילערע, רויקערע מינוטן, פלעגט אַ ווינטל אַ בלאָז טאָן, און אַ זיסע דופטיקייט פלעגט אַ ווייע־טאָן אין געזיכט און פאַרשיכורן, און אָנפילן דאָס געמיט מיט אַ וויטיק און אַ בענקעניש אָן אַ שיעור".**

אין ארץ־ישראל זענען אין יענע יאָרן געווען אַ פּאָר געציילטע יידישע שרייבער. ס׳האָט געלעבט און געשאַפן אַ גאָר קליינע גרופּע העברעישע שריפטשטעלער. ס׳איז געווען דער אויפגאַנג פון נייעם יידישן ישוב.

יהואשעס פּראָזע־שאַפונג האָט אַ באַזונדערן טעם. דער חן קומט נישט ווייניק פון דעם, וואָס ער איז בכוח געווען איינצוהאַלטן זיין דינאַמיש־דיכטערישן אָטעם, אַנטשפּאַנען דעם פּאָעטישן אומרו און געדולדיק, אין אַ ברייט־דערציילערישן סטיל באַשרייבן און שילדערן.

עפּעס ווייניקער פון אַ יאָר איז יהואש געווען אין ארץ־ישראל. איז אים געלונגען צו דערקענען אַלע שטחים פונעם דעמאָלטיקן לעבן. ער האָט דערקענט מענטשן און זייערע באַגערן, גרופּעס און עדות, די איכרים פון די קאָלאָניעס און די אַרבעטער אין יפו, די תימנישע דינסטמיידלעך און די אַראַבער, וואָס באַקומען „מעטליקס" פאַר שיילן מאַנדלען אין יידישע סעדער, די קנאַישע העברעער פון דער דעמאָלטיקער פעסטונג, די הרצליה־גימנאַזיע, און ער פילט־מיט זיין שכן דעם הינקעדיקן שמיד, וואָס וויל אויך ווערן אַ יוסטער רחובות׳ער באַלעבאָס מיט אַ „באַיאַרע". ער איז געקומען ווי אַן אייגענער צו אַרבעטער און ער האָט זיך געפילט היימיש מיט די מערקווירדיקע קאָלאָניסטישע עסקנים, מיט וועלכע ער פאָרט צוזאַמען איבערגעבן אַ מתנה דעם אַלטן שייך אבו־כאליב אין חברון.

מיט אַ זעלטענער געניקייט און וואַכזאַמקייט האָט ער אָבסערווירט זאַכן און געשעענישן, שטייגער און יחידים. ער האָט אַרויסגעבערענגט דאָס כאַראַקטעריסטישע אין עיקרדיקע פאַר יענער צייט, געזוכט נישט נאָר די טרוימער און בויער, נייערט דעם גאַנצן כלל. דאָס דערהויבענע ווי די טונקעלע זייטן.

דער הומאָר, מיט וועלכן ס׳איז דורכגעוועבט דאָס גאַנצע ווערק, מאַכט לעבעדיקער די סצענעס און באַגעגענישן און אויך יענע שטעלן, ווו יהואש בלייבט מיט זיך אַליין, מיט זיינע אייגענע מחשבות וועגן נייעם ארץ־ישראל.

די טיפע אָנגעלאָדענע און שיער־נישט אָנגעכמורעטע ציון־בענקשאַפט זינט יאָרן, לייזט זיך דאָ אויף מיט אַ לייכט געמיט, מיט אַ זוניקער העלקייט, מיט אויפנעמען דאָס ממשותדיקע ארץ־ישראל־לעבן.

צוויי־און־צוואַנציק יאָר איידער ער איז געקומען אין לאַנד (אין יאָר 1892) זינגט ערגעץ יהואש אַ ליד „ציון ליבע":

יהואש

...פון ציון אויך, זיך טראָגט אַ הויך,
מען הערט און שפּירט אים קוים,
ער גריסט און קושט אין יעדער ברוסט
אַריין אַ גאָלדענעם טרוים...

און הערצער פיל, וואָס זענען שטיל
געווען אַ לאַנגע צייט,
זיי בליען־אויף, זיי גליען־אויף,
מיט פרישער מוטיקייט...

און ס'בענקט דער ייד פון נאָרד און זיד
און ווו ער איז צעשפּרייט,
עס האַלט אים פעסט, צום אַלטן נעסט,
אַן אונזיכבאַרע קייט...

ווען מיר, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּשטעלן זיך אויף יהואשעס האַרט־לעכן לשון און אויף די דייטשמעריזמען פון יענער צייט און נעמען אַ פּאָר שורות פון זיינעם „אַ בריוו" פון „ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק", וואָס איז, אגב, אַזוי היינטיק ווי דעמאָלט: „אין ארץ־ישראל האָבן די אויגן זיך לחלוטין אויפגעהערט אומצודרייען: וואָס וועלן לייטן זאָגן?... ס'איז אַ יידישקייט וואָס לעבט אויף זיך און מיט זיך און פילט, אַז אַ דין־וחשבון דאַרף זי קיינעם נישט אָפּגעבן אַחוץ זיך אַליין, אַ יידישקייט, וואָס ציט פונאַנדער די גלידער און גרייט זיך צו טאָן גרויסע זאַכן..." און אַ פּאָר שורות ווייטער: „... זאָלן זיי נאָר קומען אַ סך, אַ סך. די צייט דרענגט און מען קאָן זיך נישט שטעלן קלייבן. די גוטע זענען אָפּט שווער אויף די פיס. מיר דאַרפן נאָר צאָל, כמות — די איכות גייט אונדז ווייניק דעריך. פון מיינעטוועגן פערד־גנבים, דעם פערד־גנבס זיידע איז אַ שיינער ייד געווען, און דעם פערד־גנבס זון, אָדער אייניקל, וועט זיין אַ געזונטער גוטער ארץ־ישראלדיקער בחור..."

און די דאָזיקע קאָנקרעטע און טיף־שניידנדיקע אויספירן קומען־אויף, ווען אָפט גראָד פילט ער: „...די פיס פאַרלאָזן די ערד. איך בין אין חומש. אַזוי ווי אין אַ שמעקעדיקן פעלד פון הויכע גראָזן... איך וואַנדער דורך די

פסוקים, ריר זיי אָן מיט די הענט, אַזוי ווי מען רירט אָן אין פעלד די גרינע שטענגעלעך, און די רעאַלע וועלט איז אַזוי ווייט, ווייט...״

אין דער פּרעכטיקער צונויפגיסונג פון יהואשעס געדאַנק און שטימונג פון מחשבה און געפיל, פון עכטער שילדערונג פון מענטש און סביבה, פון שטייגער און נייעם לעבנס־גאַנג, באַגלייט אָן אויפהער דאָס פּלאַסטישע בילד פון עבר, פאַרבינדט זיך מיטן איצט און ציט זיך צום המשך. פול איז דאָס ווערק מיט אַזעלכע אויסגעטאָקטע שטעלן: „די העל־גרויע ירושלים, די עיר־הקודש, ליגט און טרוימט אין זוניקער מנוחה אירע גרויסע אומ־שטערבלעכע חלומות, חלומות פון אַלטע, פאַרגאַנגענע צייטן און חלומות פון גרויסע טעג, וואָס וועלן קומען...״

„טורעמס פון קירכן און שפּיצן פון מינאַרעטס ציען זיך צום בלויען לויטערן הימל... נייע בנינים חברן זיך מיט אַלטע... אַ האַרמאָנישער געזאַנג פון אַלע דורות...״

ארץ־ישראל־לידער האָט יהואש געשאַפן ווייניק. דאָ און דאָרט זענען צעוואָרפן עטלעכע לידער, אָבער די עטלעכע און זיבעציק קאַפּיטלען פון די צוויי בענדער „פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק״, האָבן אָפּט אַזעלכע דיכטערישע אַריינפירן אין פּערזן, ווי אַרויסגעריסענע פראַגמענטן פון פונ־דאַמענטאַלע שאַפונגען.

אָט זענען צוויי סטראָפן:

האָט אויסגעשטרעקט די ערד די פולע ברוסט
און ניט געוועוסט ווער זאָל קומען זויגן,
האָט מיט דער קייט פון יאָרן זיך געצויגן
דער פלוך און שטום געקיניגט אויף דער וויסט.

פלעגט אָפּט אַ וואַנדערער זיין פוס פאַרווונדן,
און מיט אַ קללה פונעם פעלד זיך קערן,
און אונטן פלעגט פאַרשעמט די ערד אים הערן,
און האַלטן טויזנט אוצרות איינגעבונדן...

עטלעכע ארץ־ישראל־לידער, וואָס געפינען זיך אין לידער־באַנד „אין געוועב״, זענען דירעקטע אָנרעגונגען פון היגן לעבן, פון אַרבעט אין פעלד

**און אין כרם. דאָס ליד „תל־אביב" פאַרמאָגט די שטילקייט און האַרציקייט פון יהואשעס אינטימסטע לידער:**

עס רוישן אין דער נאַכט די וועלן,
זיץ איך אַליין ביים ברעג און הער,
מיר דאַכט זיך, פון מיליאָנען קעלן
קומט אָן אַן אַלט געזאַנג אַהער...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסן,
פאַרוואָס די טרערן מיינע פליסן
און ס'האַרץ איז פול און שווער.

**און די לעצטע סטראָפן:**

מאַראַנצן שפרייטן כשוף־דופטן
צום שטומען שפּיל פון שטערן־שיין,
אַ גרויסער טרויס הענגט אין דער לופטן,
און מישט זיך אין דעם דופט אַריין...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסן,
פאַרוואָס די טרערן פליסן,
און ס'האַרץ פאַרגייט פון פּיין...

**און טאַקע מיט אַ האַרץ פול מיט פּיין פאַרלאָזט יהואש ארץ־ישראל. דער אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרטרייבט אים פון לאַנד קיין מצרים און פון דאָרט, נישט קאָנענדיק זיך דערוואַרטן אויף אומקערן זיך אין זיין היים אין רחובות, פאָרט ער צוריק אַ פאַרביטערטער קיין ניו־יאָרק, מיט דער פראַגע צו זיך און צו אַלעמען: „פאַרוואָס איז עס נישט באַשערט געווען?"**

**יהואשן איז אָבער באַשערט געווען צו דערפילן אַן אנדערן גרויסן טרוים, אַ טרוים פון זיין לעבן, וואָס דער אויפהאַלט אין ארץ־ישראל און שפּעטער אין מצרים, האָט אים דערנענטערט און נאָכמער סטימולירט צו זיין גרויס ווערק — די תנ"ך־איבערזעצונג.**

„דער תנ״ך, — זאָגט יהואש אין דער הקדמה צו זיין איבערזעצונג — אַחוץ זיין ווונדערלעכן אינהאַלט, און ריטעם און מוזיק, אָט דער דאָזיקער ריטעם מוז אַרויסגעבראַכט ווערן אין דער פאַריידישונג. סיי דאָס איז דער טעמפּ פון פּאַטריאַרכאַלישער פּשטות און ליכטיקייט, סיי דאָס איז דער ראַפּסאָדישער שווונג פון זיג־געזאַנגען, סיי דאָס איז דער אימפּעטיקער ריטעם פון די נביאים, סיי דער רויקער חכמה־טאָן פון קהלת, אָדער די לירישע זעל־פאַרגייעניש פון תהילים.

...נאָך אַזויפיל יאָר פון נאָכאַנאַנדיקער אַרבעט איבער דער איבערזעצונג, שפּיר איך, אַז ווען איך וואָלט געהאַט מערער לעבנס, און וואָלט זיי אַלע אָפּגעגעבן בלויז אויף דער דאָזיקער אַרבעט, וואָלט עס נישט געווען צופיל, ווייט נישט צו פיל״.

נאָענט צו צוויי צענדליק יאָר האָט יהואש אָפּגעגעבן פאַר דער איבערזעצונג, וואָס אָנגעהויבן האָט ער זי בעת זיין פריער יוגנט מיט די תהילים־איבערדיכטונגען און אַנדערע ביבלישע געזאַנגען. אַרום דער תנ״ך־איבערזעצונג פון יהואשן פאַרמאָגן מיר שוין אַ באַדייטנדיקע ליטעראַטור. און צו דער מסקנא איז מען שוין פון לאַנג געקומען: די תנ״ך־איבערזעצונג וועט פאַרבלייבן ביז די יידישע אייביקסטע אייביקייטן.

# אפרים אויערבאַך

צו אפרים אויערבאַכס שאַפונגען באַציִען מיר זיך דאָ פון תמיד מיט אַ באַזונדערן סענטימענט. איז דאָך מיט אויערבאַכן פאַרבונדן דער בראשית פון דער יידישער ארץ־ישראל־דיכטונג. פאַראַן אין זיינע ארץ־ישראל־לידער די האַרבקייט פון רוי־ערשטפעלד, די ווייען פון אויפקום און יוגנט־לעכן ציטער. אָבער אַ כאַראַקטעריסטישע לויטערקייט האָבן פאַרמאָגט זיינע לידער. די זעלבע לויטערקייט און העלקייט איז פאַרבליבן, ווען אפרים אויערבאַך, שוין א זאַטער מיט נסיונות, אַן אָנגעזאַפּטער מיט דערפאַרונ־גען פון דער צייט, האָט געזונגען אַנומלט „געזאַנגען פון עלטער". זענען עס נישט, חלילה, קיין לידער פון פאַרצווייפלונג; נישטאָ דאָ קיין בענקע־ניש נאָך דער פאַרגאַנגענער יוגנט, נאָך די אַמאָליקע צייטן... די „געזאַנגען פון עלטער" האָבן די שלווהדיקייט פון אַן ערלעך געלעבט לעבן, פאַרשטענ־דעניש, און די רויקייט פון אַן עלטערן פיקח, פון... אַזוי איז דער סדר העולם און אַנדערש טאָר עס גאָרנישט זיין...

נאָר אונדז איז ער נאָך טאָפּלט נאָענט, דער דיכטער פון יענער חלוצי־שער צייט, ווען ער דערקלערט עס גראָד אַזוי איינפאַך:

ס׳האָט אַ פאָדעם זיך געצויגן  
דורות לאַנגע נאָכאַנאַנד,  
און פאַרקניפּט מיך און פאַרבונדן  
מיט מיין ווייט־פאַרוויסטן לאַנד.

יעדער הייל און יעדער בערגל  
האָט ביי מיר אין האַרץ געלעבט,  
כ׳האָב פון קינדוויַיז נאָך דעם חלום  
פון מיין אייגן לאַנד געוועבט...

מיט בערך פיר יאָרצענדליק צוריק האָט אפרים אויערבאַך אויסגעזונגען די דאָזיקע אוממיטלבאַרע, פּשוטע און האַרציקע שורות. איז עס טאַקע כלל נישט געווען קיין צופאַל, וואָס אים, אויערבאַכן, אַ זון פון יאָדערדיקן בעסאַראַבישן יידיש־פאָלק, איז באַשערט געווען צו ווערן איינער פון די באַזינגער פון דער העראָיש־חלוצישער תקופה, ס׳איז די צייט פון די אָנהייבן פונעם ארץ־ישראלדיקן ניילעבן, פון אויפקום. איז עס נישט געווען קיין צופעליקייט אין זיין יוגנטלעכער ארץ־ישראל־צוגעבונדנקייט, אין זיין דעמאָלטיקן יונג, הייס־יידישן באַנעם, במילא איז עכט און נאַטירלעך געווען זיין קומען און דאָ זיין.

אויערבאַך האָט נאָך אָבער אַ באַזונדערן פאַרדינסט, מיר וואָלטן געזאָגט אַ זכיה, ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דיכטעריש־פּלאַסטיש די חבלי־לידה פון אָקערשט־געוואָרענעם ארץ־ישראל־בויער, פון פעלד־אַרבעטער, פון שומר. אימפּולסיוו און געפילפול האָט ער געצייכנט אין יידישן ליד די ערשטע היגע שפּורן און עמפּינדונגען פון אויפבוי און קאַמף. אויף דעם געביט איז ער, אויערבאַך, בפירוש דער ערשטער, דער יסוד־לייגער.

שווער צו זאָגן צי די יידישע דיכטונג האָט געהאַט דאָ אַזאַ מערכה ווי זי איז עס ראוי געווען. אָבער נישט ווייניק יידישע דיכטער און קינסטלער זענען סטימולירט און אָנגערעגט געוואָרן אויסדריקלעך פון דאַנעט. אויף אויערבאַכן האָבן די עטלעכע יאָר אין ארץ־ישראל געהאַט אַזאַ ווירקונג און האָבן אַזוי משפּיע געווען זיין שפּעטערדיקע צעוואָקסענע שאַפונג, אַז ס׳איז גאָר גרינג אויסצוגעפינען און אָנצווייזן אין זיינע צענדליקער און צענדליקער לידער, די ספּעציפישע ארץ־ישראל־באַהויכונג, דעם היגן אַראָמאַט און שטימונג. אויערבאַך געהערט צו יענע מקורותדיקע דיכטער וואָס שוין באַלד ביים אָנהייב פון זייער שאַפונג האָט זיי דערזען און דערפילט די גרויסקייט און עשירות פונעם עבר, פאַרשטאַנען די חשיבות און באַדייטונג פון געשיכטע — ווי אַן עצם־מאָטיוו פאַר דער קינסטלערישער שאַפונג פון היינט. אין ניו־יאָרק איז ער אויסגעבונדן מיט זיין אַמאָליקער זאַפטיק־יידישער בעסאַראַבישער היים און נאָך נענטער, נאָך טיפער איז ער איינגעוואָרצלט אין דער ארץ־ישראל־ערד. עס סטימולירן אים די לויכטנדיקע, געשיכטלעכע פאַרלויפּענישן און די געשטאַלטן פון אונדזער נאַציאָנאַלער פאַרגאַנגענהייט.

דאַכט זיך, אַז פון אַלע אַמעריקאַנער יידישע דיכטער איז אויערבאַך דער אַמווינציקסטן אַמעריקאַנער. איך ווייס נישט צי דאָס איז א מעלה, קלאָר איז אָבער, אַז דאָס שטאַמט ביי אויערבאַכן, קודם־כל, פון זיין טיף יידיש־זיין, פון זיין כאַראַקטעריסטישער יידיש־נאַציאָנאַלער טריישאַפט.

נעמען מיר, למשל, די לידער פון דער סעריע „אייגענע ערד". וואָס פאַראַ צונויפגעבונדנקייט פון שטילער, צאַרטער עמפינדונג מיט דער גרויליקייט פון איצט און ווי נאַטירלעך דורכגענומען מיט אונדזער גייסטיקן ירושה־גוטס. אַט זאָגט ער אין ליד:

נס געשעט: אויף שטרעקעס חושך
האָט זיך אייביק־ליכט צעשטראַלט,
און אַ שיין געטאָן דער עדה
האָט פונווייטנס אַ געשטאַלט.

אַלט און ליכטיק, דורות שטראַלן,
טרייסט אין יעדן קנייטש פון צייט,
מיט זיין שוויגן און זיין גוטסקייט
זאָגט ער: ווייסט פאַרוואָס איר לײדט.

ווייסט די עדה הינטער פרעשבורג,
ליידן — דור מיט דור פאַרבינדט,
ס׳טראָגן זיך געזאַנגען ווייטער
אויף די פליגלען פונעם ווינט.

טאַקע אַ דיכטער וואָס איז אַזוי אייגן מיט אונדזער פאַרגאַנגענהייט, און ס׳זענען אים נאָענט און טייער אַלע יידיש־פאָלקישע דערשיינונגען, קאָן אָטעמען אַזוי פול און געזונט און אויסגעפינען אַביסל מענטשלעכע פרייד אין די שווער־געפרוּווטע צייטן:

כ׳הער אין בלוט נאָך ביי מיר דאָס געוויין
וואָס דאָס פאָלק האָט געוויינט ביי מי־מריבה,
ס׳שלאָגט נאָך משה אין מדבר דעם שטיין

און דאָס וואַסער — אַ שטראָם ווי אַ גריווע —
האָט מיין גומען ערשט איצטער דערפרישט
און געוויין מיינס מיט פרייד אויסגעמישט.

אויסער זיין אייגנאַרטיקן שפּראַך־געפיל, זיין מחיהדיקן יידיש־לשון, וואָס אויערבאַך האָט איינגעזויגן פון דער המוניש־יוירנדיקער בעסאַראַבער ערד און אַליין עס שפּעטער קינסטלעריש אויסגעשליפן און פּאָלירט — פאַרמאָגן נאָך אויערבאַכס שאַפונגען אַ באַזונדערע אייגנשאַפט. עפּעס אַ באַזונדערן טעם; פאַרמאָגן אַ סך פון זיינע לידער, וואָס גיבן אונדז גלויבן, לערנען אונדז גלייבן, בעסער געזאָגט, לערנען דיך דו זאָלסט נישט פאַר־לירן דעם גלויבן אין מענטש און וועלט, און גאָר באַזונדער — גלייבן אין פאָלק. איז זיין „אני מאמין״ אַ טיפער אויסדרוק פון דורותדיקער איינגע־גלידערטקייט:

איך גלייב, אַז קומען וועט דער יושר
אפילו אַז ער וועט פאַרזאַמען,
וועל׳ך וואַרטן אויף אים יעדן טאָג,
אין שווערע נעכט, אין טעג פון בלוטיק רוישן,
און זאָגן ווי אַצינד איך זאָג „אני מאמין״.

איך גלייב, אַז ווי אין וואַלד דיביימער ציען
די זאַפט פון וואָרצלדיקע שטאַמען,
אַזוי ציט אויך דער מענטש זיין זאַפט
פון גלייבן, אַז סע וועט זיך נאָך צעבליען
די העכערע געזעצטע קראַפט — „אני מאמין״.

איך גלייב, מיט מיינע אבות אין אמונה,
מיט ריינקייט פון מיין טאַטע־מאַמע,
אַז ס׳וועט דאָס שלעכטס פון דר׳ערד פאַרגיין,
אַז קומען וועט דער קץ מיט קלאָרע זונען
און אויפדעקן דאָס גוטס אַליין, „אני מאמין״.

אוודאי דאַרף מען דערצו אַ געוואַלדיקן כוח, און פאַרמאָגן אַ סך ליבע און עקשנות און אויסדויער. און ער פאַרמאָגט עס, אפרים אויערבאַך, ווייל באַהויכט איז ביי אים אַלץ מיט דער וויזיע פון גרויסן נאַציאָנאַלן ביטחון.

אַז מיר לייענען היינט די האַרציק אָנגעשריבענע ארץ־שראל־לידער פון אויערבאַכס ערשט ביכל „קאַראַוואַנען״ (1918) איז טראָץ זייער באַשיידנקייט און תמימות, גיבן זיי גראָד אַ געטריי דיכטעריש בילד פון יענער צייט. דאָס איז די צווייטע עליה. דאָ זענען די אַלע ערשטע פלאָגענישן און די יוגנטלעכע פרייד פון אָנגעלייגטער האַרעוואַניע. אָפּהיטן דאָס פעלד און דעם הויף אין די נעכט, און התלהבותדיקער חלוצישער טאַנץ. און אָט דערציילט ער, אויערבאַך, אין אַ גרעסער ליד, ווי עס ווערט אויפגעשטעלט אַ נייער פונקט צופוסנס פון אַ באַרג, ווו אויבן „ליגט כאַדידיע ווייט פון ישוב, איינגעשלאָפן אין אַ כישוף״. מיט יוגנטלעכן אימפּעט, לייכט און פיין־קלינגעוודיק שילדערט ער דעם צוניפשטויס פון צוויי העלדן, דעם יידישן בויער און דעם אַראַבישן שבט־הערשער, און ווי לסוף גייען ביידע אין אַ רייט־פאַרמעסט.

צו דעם יוגנטלעכן ציטער, וואָס עס פאַרמאָגן זיינע ארץ־ישראל־לידער, ווירקט נאָך ביז היינט — דער גוט אַרויסגעבראַכטער לאַנד־פּייזאַזש און דער פאַרביק־מוזיקאַלישער מאָטיוו:

קריפּלט זיך אַן איילבירט בוימל
שפּרייט אַרום אַ קליינעם שאָטן,
פליישעדיקע שוואַרצע בלעטלעך
פון דער זון ווי אָפּגעבראָטן.

דאָ אַ פעלדז, אַ גרויער, קרומער,
דאָרט אַ באַרג אַ הויכער, שטומער,
רויטע בלימלעך, ווילדע גראָזן,
לויפן אום דאָרט אומצעלאָזן.

אָדער:

שטייט אַ דערפל אָפּגעזונדערט
אויף אַ הויכן באַרג אַליין,
אויסגעוואָקסן איז דאָס דערפל
דוכט זיך ווי פון שטיין...

אפרים אויערבאַך האָט גוט דערזען און באַנומען דעם אַרום, די ארץ־ישראלדיקע סביבה. פאַראַן ביי אים עכטע שטייגער־שילדערונגען, שילדערונגען פונעם יונגן העזתדיקן ייד און פון אַלט־איינגעזעסענעם אַראַבער. אויערבאַך האָט דאָס געקענט אין יענע יאָרן גאָר פון דער נאָענט:

די האַנט איז צום אָנהייב געווען אָנמעכטיק
דער גלאַנץ פון דער קאָסע מיר צופיל פאַרדעכטיק
עס האָט די פרייד מיט דער מורא געביטן —
מיר האָבן געשניטן.

און:

געוועז אין דעם מאָרגן אַ שפּע פון ראָסע,
און נאָס איז געוואָרן די גלאַנציקע קאָסע,
די פרייד איז געבליבן, די שרעק איז פאַרמיטן, —
מיר האָבן געשניטן.

אפילו אין די וויניקע אַראַבישע מאָטיוון, וואָס איז פאַראַן אין די „קאַראַוואַנען", איז געלונגען אויערבאַכן אָנצושלאָגן דעם ריכטיקן, דעם נאַטירלעכן טאָן.

אויערבאַך איז שוין איצט אַ באַלאָדענער מיט דערפאַרונגען, אַ באַזאַכטער, און טראָגט דעם היינטצייטיקן יידישן יאָך. ער איז אָבער דיכטער מיט ביטחון און מיט יענער געזונטער פרייד, וואָס אָן איר וואָלט מען גאָרנישט געקאָנט לעבן. און ס׳איז גוט וואָס נאָך זיינע לעצטע באַזוכן אין ישראל, איז ער פונדאָסניי באַווירקט און אָנגערעגט געוואָרן, ווי דאָס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין זיין גרעסערער ישראל־פּאָעמע „די ווייסע שטאָט".

# י. פּאַפּיערניקאָוו

מיט אַ פינף און צוואַנציק יאָר צוריק איז דערשינען אין תל־אביב י. פּאַפּיערניקאָווס קליינע לידער־זאַמלונג „די פיר־און־צוואַנציקסטע שעה". די אַכט־שורותדיקע לידער פון אָט דער זאַמלונג זענען אפשר נישט געווען נ״י, נישט אין זייער טעמאַטיק און נישט אין זייער פאָרעם, אָבער נאָך פּאַפּיערניקאָווס פריערדיקע לידער־ביכלעך, וואָס זענען געווען פול מיט צעקלונגענער בונטאַרישקייט און מיט סאָציאַלן פּאַטאָס, האָבן די לידער פון „די פיר־און־צוואַנציקסטע שעה" געווירקט מיט זייער אייגנדיקלירישן טאָן, מיט דער אומעט־שטימונג, מיט דעם פיבער און דער עמאָציע פון זיינע אינטימסטע טראַכטענישן און איבערלעבונגען. הגם אויך דאָ איז זיין אויסדרוק שאַרף און אָפן, פילט מען אָבער זיין אינערלעכע עצבות, ווי: „נאָך יעדן ליד, נאָך יעדן ליד — ווערט אומעטיק מיר, אומעטיק אַזוי"... דאָס איז נישט קיין אויסערלעכער מאַניר, אַ טיפער טרויער באַגלייט דעם רוב פון זיינע לירישע, יחידישע לידער. אַזוי — פון זיינע ערשטע שטילע געזאַנגען אין זיין אַמאָליקער היים, ביז זיינע לעצטע שטימונגסלידער אויף דעם צעזונגענעם באָדן אין מדינת ישראל.

זיין אַמאָליקע היים איז געווען אין דער שפּעריש־יידישער וואַרשע. האָפענונגספול און מיט פאַרנעם זענען געווען די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. ס׳זענען אויפגעגאַנגען פרישע טאַלאַנטן. ס׳זענען צוגעקומען נייע דיכטער מיט שווונג און מיט יוגנטלעכן אומרו, מיט נייע פאָדערונגען און אידעען. ס׳זענען אויפגעקומען דרייסטע, געוואַגטע טענער אינעם יידישן ליד.

אין יענער האָפערדיקער צייט האָט אויך אָנגעהויבן זיין דיכטערישן גאַנג י. פּאַפּיערניקאָוו. ס׳האָט י. מ. ווייסנבערג אים באַמערקט און מקרב געווען, אַריינגענומען אים אינעם קרייז פון „אונדזער האָפענונג", אין יענעם קרייז, פון וועלכן ס׳האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעשיילט באַדייטנדיקע שרייבער פון דער יידיש־פּוילישער מיליע.

נאָר פּאַפּיערניקאָוו האָט, ווייזט אויס, נישט געהאַט דעם גלויבן און די זיכערקייט ווי די אַנדערע פון זיין קרייז. ס'האָבן אים נישט געלאָזט רוען די מלחמה־איבערלעבונגען און די פיינדשאַפט פון דעם נישט־יידישן אַרום. ער האָט געזוכט טיפערס, ממשותדיקס, און אייגנס.

אָט די תשוקה צו אייגנס, צו אייגענער ערד, האָט אים שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין שאַפן געבראַכט קיין ארץ־ישראל. מ'האָט געדאַרפט זיין דורכגענומען מיט טיפער אמונה, בכדי צו קאָנען פאַרלאָזן דאָס אימפּולסיווע, יידיש־שעפערישע פּוילן, ווו די יוגנט אין די שטעטלעך האָט מיט אַזויפיל האַרציקייט געזונגען פּאַפּיערניקאָווס מעלאָדישע לידער, און קומען אַהער אין דער רויער און פאַרהאַרטעוועטער סביבה, מיטגיין מיט דער פרייד און מיט די יסורים, מיט דער דערהויבונג און מיט דעם עלנט, וואָס דאָס פּיאָנערישע לעבן האָט צוגעשטעלט.

און פּונקט אַזוי ווי זיינע אינטימע לידער זענען באַהויכט פון זיינע שטילע נשמה־וויבראַציעס, איבעראַשט דיך נישט נאָר דער קאָנטראַסט און די עקסטרעמקייט פון דער טעמאַטיק, נאָר די אַנדערשקייט און אויסווירקונג פון דעם אָפּענעם, שטורמישן, און בונטאַרישן טאָן. זיינע אָנגעלאָדענע לידער, אין וועלכע ער קעמפט פאַר פרייהייט און יושר, זיינע צייט־לידער, ווו דירעקט ס'שפּיגלען זיך אָפּ די געשעענישן פון קריג, פון חורבן און אומקום, אָט די לידער, ווו ער זעט די וועלט אין איר נאַקעטער שיפלות און ירידה.

נאַטירלעך און אוממיטלבאַר ווערט באַווירקט פּאַפּיערניקאָוו פון דער טעמאַטיק, צי פון דער געשעעניש. תמיד אינסטרואירט אים דער אינהאַלט — דעם סטיל און לשון, די פאַרב און דעם ריטעם.

מ'דערציילט, ווי אַזוי ביאַליק האָט רעאַגירט אויף פּאַפּיערניקאָווס לידער. ווען ח. נ. ביאַליק האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען אַ זאַמלונג ארץ־ישראל־לידער פּאַפּיערניקאָווס, האָט ער מישנדיק די זייטלעך אַ זאָג געטאָן צו זיין פריינד, וועלכער האָט אים דאָס ביכל געבראַכט, „אַז מען מישט אַזוי די זייטלעך אויף געשווינד און מען כאַפּט אַפילו נאָר די איינציקע ווערטער, האָט מען גאַנץ ארץ־ישראל פאַר די אויגן". אַז מען לייענט היינט די זאַמלונג ארץ־ישראל־לידער, „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית", וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק, גייט אויף ארץ־ישראלדיקער קאַמף און קרבנות־גרייטקייט, פרייד און נויט. דאָ זענען אַרויסגעבראַכט די יסורים און

האָפּענונגען, די חדווה פון דערגרייכונג און אויפקום. פאַראַן אין די לידער דער באַגער פון אַ דור, דער באַגער צו באַפרייונג, די שימחה פון גראָבן אַ ברונעם אין קיבוץ, די פרייד פון ערשטן שניט, און מיר זעען די פּערלדיקע שמייכלען פון ארץ־ישראלדיקע קינדער.

פּאַפּיערניקאָווס „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית״ נעמט אַריין אין זיך די געשעענישן און פּאַסירונגען פון אונדזער לעבן און דאַזיין. ער האָט עס געבראַכט אין די לידער פון „אין זוניקן לאַנד״ און אין „די גאָלדענע זאמדן״ אין „אונטער פייער״. אפילו די שרעק און מורא, אז דאָס לאַנד קאָן נאָך, חלילה, ווערן מיט „לענדער גלייך״ און די טענות אָפּענע, דירעקטע, אויפפאָדערנדיקע, זענען דורכגעדרונגען מיט אַזויפיל רירנדיקער ליבע אַז זי פאַרצערט שיער נישט די גערעכטע טענות פון אַ בפירוש באַוואָלטן.

די ארץ־ישראל־לידער פּאַפּיערניקאָווס, אין וועלכע ער ברענגט אַרויס די איבערלעבונגען און נסיונות פון אָט דער גרויסער תקופה אין לאַנד, איז דער אויסדרוק נישט בלויז פון זיינע יחידישע שפּירונגען און איבער־לעבונגען, נייערט פונעם כלל, מיט וועלכן ער שפּאַנט־מיט אַלע זיינע שאַפערישע יאָרן. אַפילו אין זיינע וואַרעמע נאַציאָנאַלע מאָטיוון איז ער קודם־כל דיכטער פון אַרבעטס־מענטש און ער קעמפט מיט זיין וואָרט פאַר זיינע אויפריכטיק־דורכגעפילטע, אויסגעטראָגענע אידעען.

כ׳האָב געוווּסט אַז אין מיין לאַנד מיין נייעס,
אין מיין היים מיין נייער —
וועט נישט רינען מילך און האָניק פון די ווענט,
נאָר נישט געוווּסט האָב איך אַז קאָסטן טייער
וועט דאָס ברויט נאָר די, וואָס שאַרן פייער מיט די הענט...

**און אַזוי אויך:**

זיי זענען אומעטום די זעלבע,
אומעטום מיט אַלץ און אַלעמען נישט גלייך —
די יעניקע וואָס זייער ציל דער איינציקער
איז ווערן רייך, נאָר רייך,
און לעבן גוטע טעג,
און לעבן גוטע נעכט,

און זיכער זיין מיט זייער רויב פֿאַרמעג —
געהיטן און פֿאַרהיטן דורך די קנעכט.

פונדעסטוועגן, נאָך די אַלע וואָכעדיקע, רעאַלע טענות, טראָגט ער אין זיך אַזאַ טיפֿע צוגעבונדנקייט צום לאַנד און צום מענטש און צו אַלץ, וואָס ס׳געשעט אין לאַנד. ווער נאָך האָט ווי פּאַפּיערניקאָוו אַרויסגעבראַכט דעם צער און ווייטיק, ווען ס׳האָט אויף אונדז געהאָגלט מיט פּייער, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז די מי און דער חלום פֿון דורות איז אין סכנה; זאָגט ער אַזוי איינפֿאַך און קלאָר:

אין בלוט און אין פּייער
קומט אויס אונדז די היים דאָ צו בויען,
אין בלוט און אין פּייער —
צו לייגן די ציגל און טרעפּ
און וואַקסן און שטייגן אויף זיי
אין די הימלען די בלויע,
וואָס ליגן צעפּלאָטערט אויף דעכער
אויף טורעמס און קעפּ.

אין בלוט און אין פּייער
צו פֿירן דעם אַקער אין פֿעלד,
אין בלוט און אין פּייער
געפּלאַסטערט צעלאָפּענע וועגן,
און פֿילן אין אויפֿטו —
דאָס ווערן די אַקס פֿון דער וועלט.

הגם זיין „טאַטע, דער חובֿבֿ־ציון, האָט אַריינגעחלומט אין די זילבער ווייסע האָר" — איז פּאַפּיערניקאָוו זיכער מער מושפּע געוואָרן פֿון דער אַרומיקערווירקלעכקייט. ער האָט טיף פֿאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט דעם ווילן צו אייגענער היים, דעם ווערט און די ווערדע פֿון אַן אייגן לאַנד. פּאַפּיערניקאָוו האָט דייטלעך אַרויסגעפֿילט יענעם גרויסן אמת, וואָס איז געבליבן אויך היינטיק:

אַנדערש וואָלט צעגאַנגען זיך און אָפּגעקלונגען / אונדזער ליד — /
ווען ס׳וואָלט פון אונדז געשלאָגן זאַפט / און קראַפט פון ערד. /

גאָר קיין ספק נישט, אַז דער זאַפט און די קראַפט פון דער ערד גיט דעם דיכטער אַנדערע מעגלעכקייטן, נערט אים מיט ביטחון, מאַכט אויפנעמען נאַטירלעכער דאָס פעלד און דעם בוים, דעם גאָרטן און דעם וואַסער־קוואַל. די אַריינגעוואַקסנקייט פון ארץ־ישראל־דיכטער אין אייגענעם באָדן, דאָס אויפנעמען די לאַנדשאַפט און דעם פּייזאַזש, דאָס דערפילן אַליין אַמאָל די ברכה פון דער ערד, האָט געהאַט אַ קאָנטיקע השפעה אויף די יידישע ישראל־דיכטער. ווי מוסטערן פון פּאָעטישער פּלאַסטישקייט, זענען פּאַפּיערניקאָווס לידער פון די מקורותדיקע ארץ־ישראל־פּרוכטן. מיט וואָס פּאַראַ פרישקייט און טויאיקייט ס׳זענען באַהויכט און באַפּינקלט די לידער פון „טייטלען", „פייגן־ביימער", „באַנאַנעס", „מאַראַנצן", „טרויבן", „סאַברעס" — און די אַראַבערקעס מיט אַרבוזן — „טראָגן אונטער צו די טאַטוּ־אירטע מיילער צעשלאָגענע שאַרבנס פון קעפּ פון אַרבוזן". אָדער ווי דער האַלדז פון קעמל „וואָס שטאַרצט אַרויס צום הימל ווי אַ גרויסער פראַגע־צייכן".

אין טעג פון אומעט און אינערלעכע ספיקות, ווען אַלץ איז, דאַכט זיך, געווען קעגן דעם יידישן דיכטער, ווען אַלץ איז געווען אויסגעהוילט, איז ער דאָך גובר אין זיך די ספיקות און פאַרביטערונג און קומט צו דער מסקנא, אַז —

ווער ס׳איז מיט אייך איינמאָל ביים אָרעמען מאַלצייט געזעסן
געזען אייער ליכט פון די אויגן, צעצונדן פון גלויביקע פונקען,
דער, — וועט שוין קיין זיסער פון אייער ברויט נישט עסן,
דער, — וועט שוין קיין ריינערס פון אייערע קוואַלן נישט
טרינקען.

איז דען אַ וווּנדער וואָס ער האָט דער סאַמע ערשטער דערהערט דעם רוף, און געבראַכט אינעם יידישן ליד די געשעעניש פון דער ווייניק אָפּגעשאַצטער העפלה־עפּאָפּייע:

פויקט עס טאָג און נאַכט מיר אין די אויערן:
— עפּנט, עפּנט, עפּנט אונדז די טויערן!

ערד איז אין מדבריות אויך פאַראַנען,
ס׳זענען כוחות גרייט זיך איינצושפּאַנען
אויך אין בערג אין שטיינערנע פון סטעפּעס,
אַבי קענען צו דערגיין צו עפּעס,

ווי ביי יעדן דיכטער מיט עכטער אינטואיציע איז אויך ביי פּאַפּיער־ניקאָוו שטאַרק אַנטוויקלט יענער וווּנדערלעכער חוש פון פּאָרויספילן. ער איבעראַשט אָפּטמאָל מיטן דערשפּירן דאָס אָנקומענדיקע.

ער האָט נאָך אַמאָל, אַמאָל אַרויסגעזאָגט דאָס טרויעריקע וואָרט אין זיין „פּאָטערלאַנד פּוילן" און נאָך פריער האָט ער ווי געפרעגט זיך אַליין:

און אפשר איז די אַלטע היים נישטאָ שוין מער, נישטאָ
אַ חוץ הענגענדיקע הימלען נידעריק און גראָ.

נאָר זיכער האָט פּאַפּיערניקאָוו פּאָעטיש געאַנט און פאָרויסגעפילט, מיט זעלטענער שפּירעוודיקייט „די געבורט פון אַ לאַנד", די געבורט פון „דאָס לאַנד פון צווייטן בראשית".

אין יאָר 1952, בעת י. פּאַפּיערניקאָווס באַזוך אין דרום־אַפריקע, איז דערשינען דאָרט די זאַמלונג „פּרוכט פון ווינט". אַן אָפּקלייב פון זיינע לירישע לידער, געשריבן אין משך פון דריי צענדליק יאָר. אַ יאָר שפּעטער איז אַרויס אין תל־אביב זיין קליינע זאַמלונג „לידער פון ליבשאַפט".

דער ליבע־מאָטיוו איז כידוע, נישט נאָר איינער פון די גרונטמאָטיוון אין פּאָעזיע נאָר אויך איינער פון די עלטסטע מאָטיוון.

די יידישע דיכטונג איז נישט אַזוי רייך אין ליבעלידער ווי די דיכטונג ביי אַנדערע פעלקער. הגם ליבעלידער האָבן שוין געשאַפן די ערשטע דיכטער און פּייטנים, פאַרנעמט אָבער דאָך נישט דאָס ליבעליד קיין צו גרויסן פּלאַץ אין דער יידישער פּאָעזיע. קלינגט טאַקע ווי אַ מין התנצלות י. פּאַפּיערניקאָווס „עטלעכע ווערטער" ווי אַ הקדמה צו דער זאַמלונג: „מיין שיר־השירים" איז נישט קיין להכעיס־שפּיל מיט דער אומפּאָעטישער פאַרווילדעוועטער צייט, הגם עס וואָלט באַרעכטיקט אויך דער להכעיס".

דאָס איז זיין ערלעכער וועג צו מענטש און צו יצירה און זיין אָפענער

און דירעקטער אויסדרוק היט אים אויס פון קרומע בילדער און פאַלשע טענער.

די „לידער פון ליבשאַפט" ברענגען אַרויס דעם דיכטערס געמיט, זיין אייביקן אומעט. פּאַפּיערניקאָווס אומעט איז ערלעך און שיין. ס'איז דער אומעט נישט דווקא פון אַנטוישונג, פון שווערע, גורלדיקע נסיונות — ס'איז דער אומעט אויך פון דעם דור. דורכדעם זעען מיר אין זיינע "לי־דער פון ליבשאַפט" נישט נאָר זיינע אינטימסטע געפילן, נאָר אויך זיין צוגאַנג צו סביבה און געזעלשאַפט.

אָט אַזוי שליסט ער אָפּ די ערשטע גרופּע ליבעלידער:

וויפל וואַסערן — פון יענער צייט שוין אָפּגעפלאָסן
וויפל טייכן — שוין אַריינגעפאַלן אין די ימען!
וויפל האָבן מענטשן בלוט פון יענער צייט פאַרגאָסן!
וויפל שטורעמס —ביימער אויסגעוואָרצלט מיט די שטאַמען!

און אין דער פאַרביקער לידער־גרופּע „געזאַנג צו מיין ליכטיקן שאָטן", ווו ס'איז פאַראַן אינערלעכער פּאַטאָס און ערלעכע מענטשלעכע מידקייט, בעט ער:

זינג עפּעס, זינג, איך האָב ליב דיין געזאַנג,
מיט דיין גליאיקער שטים, און מעטאַלענעם קלאַנג,
וואָס איז ריין ווי דער אמת, וואָס וויינט ווי אַ קינד,
און דערמאָנט אָן אַ כוח, וואָס וועקט און וואָס צינדט.

זינג עפּעס, זינג, איך האָב ליב דיין געזאַנג
און כ'בין גרייט דיך באַגלייטן און מיטגיין דיין גאַנג,
וואָס איז אויכעט געזאַנג און איז הערן כדאי,
ווייל עס אָטעמט מיט בענקשאַפט און קאַמף פאַר דער פריי.

די געבראַכטע ציטאַטן זענען נישט די כאַראַקטעריסטישע פאַר פּאַ־פּיערניקאָווס ליבעלידער, זיי קאָנען נאָר אונדז אילוסטרירן דעם דיכטערס געזעלשאַפטלעכן באַנעם. דער רוב לידער זיינע זענען דורכגענומען פון

טיפסטע נשמה־בענקענישן, פּיין און פרייד, און נישט דערגרייכטע פאַרלאַנגען... געוויס, מער ווי אין אַנדערע מאָטיוון קומט דאָ צום אויסדרוק דער עמקותדיקער געמיטצושטאַנד פונעם דיכטער.

פּאַפּיערניקאָוו, וואָס קען אַזוי גוט די גרויע ווירקלעכקייט און די אַכ־זריותן פון לעבן, וועלכע פאַרנעמען אַזאַ גרויס אָרט אין זיין שאַפונג, קומט תמיד צוריק אַן אויסגעלייטערטער, ווי באַזונט מיט שטראַלן פון זינגעוו־דיקן פּאַטאָס. זיין ליריק, באַהויכט מיט דעם אומרו פון אייגנדיקער אי־בערלעבונג, טראָגט אין זיך טיילמאָל אַ טיף־רעליגיעזן ציטער, דערפירט אים צו אַזעלכע געדאַנקען:

ביסט געוואָרן מיין הימל און ערד,
און דאָס רייך פונעם וווּנדער און סוד,
וואָס אַנטפּלעקט ווערט, און — ווייט נישט דערקלערט —
ווי דאָס פאָרכטיקע גלויבן אין גאָט.

אָדער:

און אין איינזאַמען גאַנג —
הער איך קלאַפּן דיין האַרץ אין מיין טראָט.
און איך זע דיך אַזוי,
ווי אַ הייליקער זעט אין אַלץ — גאָט.

דאָס דערהויבנדיקע און הייליקע ליבע־געפיל דערגייט אַזוי ווייט, אַז ער זאָגט:

וועל איך אויפהערן צו זינגען וועגן דיר —
וועט עס זיין דער טויט פון אַ פּאָעט,
וואָס האָט דורך דיר — געהאַט צו גאָט גערעדט.

מיר וועלן דאָ זיך נישט אָפּשטעלן אויף פּאַפּיערניקאָווס ריטמישן פערז, אויף דער מוזיקאַלישקייט פון זיין פּאָעטישער שורה. ס'ווילט זיך אָבער דאָך באַטאָנען זיינע טרעפלעך־צוגעקליבענע גראַמען, ווי די נאַטירלעכע שייכותדיקייט פון „סוד און גאָט", פּאָעט און גערעדט", „זשאַר און געפאַר", „זינג און לידער־רינג", „געדאַנק און געזאַנג", „שכרות־געטראַנק און זון־

אונטערגאַנג״ און די אינהאַלטלעכע נאָענטקייט פון אַזעלכע גראַמען ווי — ,,יאָרן לזכרון״, ,,פונדאָסניי — כדאי״ און הונדערטער אַנדערע, וועלכע זענען אויסגעבונדן צווישן זיך אין זיינע געפורעמטע ,,לידער פון ליבשאַפט״.

רעפלעקסן וועגן מאַן און פרוי, ליבע און גלייכגילט, פריידן און יסו־רים, דאָס זענען נישט קיין דיכטערישע קאַפּריזן, נישט קיין גראַבלען זיך אין פאַראומערטן געמיט. הגם גאָר־אָפט באַגלייט דעם געדאַנק אַן אויס־געשליפן דיכטעריש פליטערל, צי גאָר אַ סאַטיריש־איראָנישער אָנוווּנק, איז עס פּאַפּיערניקאָווס אמת, זיין אמת. ערגעץ אין אַ ליד האָט ער שוין געזאָגט: — ,,און ליב האָב איך דעם נאַקעטן געדאַנק וואָס שפּיגלט אָפּ אין זיך דאָס האַרץ, מיט יעדן ציטער״ —

תמציתדיק שפּאָרזאַם, ווייך און וואַרעם שילדערט ער זיינע געשטאַלטן:

אַ פרויען־קעפּל מיט אַ פּאַטלע גראָע האָר, ווי שניי,
צוויי סאַרנע־אויגן פול מיט איינגעהאַלטן ברען אין זיי.

צו דעם וואַרעמען געפיל קומט נאָך צו מענערישע קרעפטיקייט:

עס שלאָגט פון איר שיכרות געטראַנק פונדערקיל,
עס שלאָגט פון איר וויין פון פאַרנונפט און געפיל,
עס שלאָגט פון איר ווּנדערלעך זאַפטיק געמיש
פון שטאַרקס, וואָס מאַכט גלויביק, מאַכט יונג און מאַכט פריש.

זיין רעליעפע בילדערישקייט פון דעם אַרום, פון דער געליבטערס הויז און סביבה, מאַכט נישט זיין ליבעליד דרויסנדיק, נאָר פאַרשטאַרקט און מאַכט קערנדיקער דעם מאָטיוו, גיט צו קאָליר און עכטקייט.

אַ בפירוש דיכטערישע דערגרייכונג, איז — ,,אַ בריוו צו אַ פרוי״ — ס׳איז רירנדיק סיי מיט דעם אינהאַלט, סיי מיט דער שטימונג וואָס ווייעט פון אים. ס׳איז יחידיש און סימבאָליש, ליריש צאַרט און ביטער־סאַרקאַס־טיש. דאָ איז סובלימירט דעם דיכטערס אומרו און טרויער, זיין אָנגעגעמע מידקייט, זיינע אַנטשפּאַנטע עמאָציעס און קלאָרקייט פון אייגענעם צע־וויטיקטן געמיט.

איינע פון די וואַרעמסטע, אינטימסטע און כאַראַקטעריסטישע שאַפונ־

**גען אין דער זאַמלונג ליבע־לידער, ווו דער נאָגנדיקער אומעט און אומרו רירט אויף, ווייל:**

די זון איז ווייט שוין הינטער מיר.
די פייגל הויבן זיך שוין אויך נישט אויף,
נאָר האַלטן זיך מיט פלאַטערדיקן אומרו
נאָענט פון דער ערד,
און נאָענט פון דער נעסט פון שוץ און רו.

די לעצטע שורות שרייב איך שוין —
מיט די אויגן, ווי פאַרלאָפענע מיט בלוט
פון טיפער שקיעה.

**די טיפע שקיעה איז אַ דיכטערישע איבערטרייבונג. לעולם איז ער ווייט פון דעם, אָבער די דאָזיקע עמפינדונג קאָן פירן אַ דיכטער אויף נייע און פאַרטיפטע וועגן, און דאַכט זיך, שפּורן פון דעם זענען שוין פאַראַן אין זיינע לעצטע לידער.**

**1957**

# שמואל איזבאַן

דער דערציילער שמואל איזבאַן האָט געלעבט קרוב צוויי צענדליק יאָרן אין ארץ־ישראל, איצט געפינט ער זיך שוין זינט אַ סך יאָרן אין אַמעריקע, פונדעסטוועגן איז די ארץ־ישראל־טעמאַטיק ביי אים נאָך אַלץ אייגנדיק און פריש. ס׳קאָן גאָר זיין, אַז דער געאָגראַפישער מהלך, גראָד די ווייט־קייט, האָט נאָכמער אָנגעשפיצט און פאַרשאַרפט די וויזיע און דעם דער־ציילערישן כוח פון דעם שרייבער, וועלכער האָט בשעתו צוגעזען און אַליין איבערגעלעבט שטורמישע יאָרן אין אונדזער לאַנד.

אין ארץ־ישראל האָט איזבאַן געשריבן לעבעדיקע, אַקטועלע דערציי־לונגען, פול מיטן אָטעם און ריטעם פון דער צייט — די צייט פון אויפבוי פון תל־אביב. הייסט טאַקע זיין ערשט ביכל „אויף רושטאָוואַניעס״. שפּע־טער אין אַמעריקע האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַנד דערציילונגען „צווישן הונדערט טויערן״ — דאָס זענען דערציילונגען, בילדער און שילדערונגען פון אונדזערע מזרח־ברידער: פון תימנער, בוכאַרער, פון אַלעפּאָער יידן, פון הי־געבוירענע ספרדים און אשכנזים, אַ שטיק לעבעדיקער שטייגער פון „מאה־שערים״. און מיט אַ שטיקל צייט צוריק איז דערשינען זיין צוויי־בענדיקער ארץ־ישראל־ראָמאַן „פאַמיליע קאַרפּ״, וועלכער נעמט אַרום די אימפּעטיקע, רוישיקע קעמפערישע ארץ־ישראל־תקופה פון נאָענטן עבר. כ׳איז אַ געטרייע שילדערונג פון אַ יידישער משפחה, וואָס איז געקומען פון פּוילן אין די אָנהייב־צוואַנציקער יאָרן און איז ברייט און בולט און פאַרביק אַרויסגעבראַכט אויפן פאָן פון די דעמאָלטיקע ארץ־ישראל־גע־שעענישן.

דאָ קומען צום אויסדרוק די אַספּעקטן און פאַזעס פון אונדזער לעבן אין לאַנד אין משך פון אַ פּאָר צענדליק יאָרן. און דווקא זענען נישט גראָד די אַלגעמיינע שילדערונגען די געלונגענסטע אינעם ראָמאַן. אדרבא, עס דאַכט זיך, אַז דווקא די זייטיקע און שטילע, די אגב־אורחאדיקע

פּרטים, גיבן צו דעם ווערק אַן אמת בעלעטריסטישן טעם. און באַ־זונדער טרעפלעך זענען די טיפּן און אייגנאַרטיקע ארץ־ישראל־גע־שטאַלטן, וואָס איזבאַן ברענגט אַרויס בשפע און באַמיט זיך זיי געטריי אַרויסצושיילן.

דער ראָמאַן הייבט זיך אָן מיטן אָנקום פון דער פאַמיליע קאַרפּ אין יפוער פּאָרט, — און פּירט באַלד אַריין אין דער אייגנטימלעכער ארץ־יש־ראל־אַטמאָספער. דערנאָך קומען שוועריקייטן און דורכפאַלן ביים איינאָר־דענען זיך, די אַנטוישונגען פונעם אַלטן קאַרפּ, די פאַרביטערטקייט פון זיין ווייב רחלע, אַ טיפּיש יידישע סוחרישע פרוי פון פּוילן, און ס׳קומט דער איבערברוך און דער אידעישער געראַנגל פון זייער זון אין אָנבליק פונעם נייעם שעפערישן לעבן. און אפילו די באַגעמונגען און די ליבעס פון דער סענסועלער טאָכטער — אַלץ ברענגט דיך אַריין אין דער רעאַלער וועלט — אין די שפּירונגען און האַנדלונגען פון די דעמאָלטיקע עולים.

קאַרפּ איז אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון דעם פאַרמלחמהדיקן באַלע־באַטישן ייד, וואָס איז געקומען זיך באַזעצן אין לאַנד, געקומען מיט אַ סך ליבע און דערביי געהאַט זיין חשבון, אָבער דער חשבון האָט נישט תמיד געשטימט. אין די הערצער האָט טאַקע געטליעט דער אַלטער פונק פון שיבת־ציון. אָט דער פונק איז געוועזן דער יום־טוב. מ׳האָט אים געצער־טלט און אויפגעהאַלטן דאָרטן, אין דער אַלטער היים. אָבער ווי שייך אַזעלכע יידן ווי קאַרפּ זאָלן זיך קאָנען באַלד אָפּזאָגן פון דור־דורות געוווינהייטן צו מיסחר, צום רייסן זיך וואָס העכער — זיי זאָלן אויפגעבן באַלד די אייגענע וועלט ?

פון די אָנהייבן אין יפו, פונוואַנעט די קאַרפּס ראַטעווען זיך קוים אַרויס ביים אויסברוך פון פּאַגראָם אין יאָר 1926, דורך די אייגענע נאָכדעם פאַר־שפּעקולירטע הויכשטאָקיקע בנינים, וואָס קאַרפּ האָט געבויט אין דעם נייעם תל־אביב, גייט דורך אַן אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע גאַלעריע טיפּן פון אַלטע אידעאַליסטן, ערד־אויסלייזער, צווייפלהאַפטע סוחרים און מעקלערס, הלוצים־בויערס און יידישע באַלמעלאָכעס, פאַנטאַסטן און גע־וואַגטע קעמפער, טרוימערישע נאַטורן און כיטרע אראבער — די אַלע, וואָס אונדזער לאַנד האָט פאַרמאָגט, מיט אַלע זייערע פּאָזיטיווע טוונגען און חסרונות.

איזבאַן שילדערט אי דאָס גוטע, אי דאָס בייזע: דעם העראָישן, מסירת־נפשדיקן בויער, דעם אייביקן פּיאָנער, דעם, וואָס באַנט דעם וועג פאַר אַלע נייטיקע און גוטע אָנהייבן, און אויך אַזעלכע, וואָס וואַרטן נאָר אויף לייכטע פאַרדינסטן. אָבער דאָמינירנדיק איז דאָ דער קאָנסטרוקטיווער כוח, דער, וועלכער איז אַהערגעקומען מיט דער כוונה אויפצולעבן די אַלטע ערד און זיך אַליין. פּלאַסטיש, אין אויפריכטיקער אַקצענטירונג, ברענגט ער אַרויס מענטשן אין זייערע פשוטע, ערדישע, געזונטע איבערלעבונגען. אַז בנימין, דער יונגסטער פון די קאַרפס, זאָגט, בעת אַן איבערשיסונג מיט אַראַבער: „איך האָב אַ גלויבן אין דעם מיסטישן כוח פון אונדזער לעבן, אין דעם ווילן צום לעבן, צו שלאָגן וואָרצלען און וואַקסן; איך גלייב אין דעם דאָזיקן כוח, וואָס רייסט זיך פון אונדז, דער כוח פון באַלייטיקונג, פון ווייטיק, פון צער און לעבנס־באַגער; און איך גלייב, אַז ווען מ׳וועט ברענגען אָט דעם מעכטיקן כוח צום אויסדרוק דורך פאַרזייען דאָס גאַנצע הינטערלאַנד מיט ישובים — וועלן מיר זיגן" — איז עס נישט קיין מליצה, ס׳איז אמתדיק און טיף מענטשלעך.

די תקופה, וועלכע ווערט געשילדערט אין ראָמאַן, איז אַ שטורמישע און גורלדיקע. ס׳האָט זיך אַרויסאַנטפּלעקט די פאָלקס־וויטאַליטעט און געוואַגטקייט פון דורות. עס ראָיעט זיך אָבער דאָ, אויך אויף דעם באָדן, מיט כלערליי פאַרשווינדלעך און טונקעלע שפּעקולאַציעס. זיי גאַרן נאָך לייכטע דערגרייכונגען, זוכן פאַר יעדן פּרייז נתעשר צו ווערן.

נאָר לאָמיר אַוועקקוקן פון די, וואָס שווימען אַרום אויפן אויבערפלאַך, נישט זיי וועלן דאָס לעבן פון לאַנד באַשטימען. יחידים וואָס זענען דערגאַנגען צו הונדערטער, צו טויזנטער, אַ פאָלק אַ גאַנצס — האָבן עס אויפגענומען נאַטירלעך און אומפאַרמיידלעך. אָט מאָלט איזבאַן אזא קורצע סצענע:

„אין דאָרף איז געווען א גערודער, אַ געאייל. די וועכטער זענען געגאַנגען צו זייערע וואַך־פּונקטן. אין די באַראַקן האָט מען נישט געצונדן קיין ליכט. קינד און קייט זענען געשטאַנען גרייט צו פאַרטיידיקן די נייע היים. די פאָר זקנים, וואָס זענען אויך געלאָפן צו זייערע פּאָסטנס, ווער צו טרייבן די בהמות אין די שטאַלן, ווער צו היטן דעם נייעם שייער, האָבן אויפן וועג געוואשן די הענט אין דעם פייכטן זאַמד, און זייערע ליפּן האָבן שטיל געמורמלט די מעריב־תפילה. אַ זקן, אַ זשוואַווער, אַ רירעוודיקער,

האָט אַרויסגעכאַפּט פון בוזעם־טאַש אַ פּנקס און אַריינגעשריבן זיין נאָמען, דעם טאָג און דאָס אָרט — טאָמער פאַלט ער אונטערוועגס, זאָל מען אים קאָנען ברענגען צו קבר־ישראל״.

מיט זייער עקשנות און געוואַגטקייט האָבן זיי אויפגעמאַכט די קוואַלן פון באַנייטן לעבן.

אין לייב קאַרפן גופא האָבן געקעמפט צוויי קעגנזייטיקע נאַטורן: פון איין זייט, דער דערפאַרענער סוחר, דער אויפטוער און בעל־דעה; פון דער צווייטער זייט — אַ געפילפולער ייד, מיט נטיה צו חלוצישער ראָמאַנטיק, מיט פאַרשטענדעניש פאַר די אידעען און דרכים פון זיין זון. איז אָט זוכט ער אַ לייכטן פאַרדינסט, רייסט זיך רייך צו ווערן, נאָר אַז עס געלינגט נישט, גייט ער איבער צו שווערער פראַצע, אַרבעט אין פּרדס פון דער קאָלאָניע. אָט פאַרמאָגט ער אַן אייגן הויז, און אַז ער באַנקראָטירט, איז דאָס געמיט נישט געבראָכן און ער הייבט אָן פונדאָסניי. די דאָזיקע האַנד־לונגען פון לייב קאַרפן זענען גראָד עכטע, וואָרהאַפטיקע. די אַמאָליקע דריטע און פערטע עליה האָט מיטגעברענגט אַזעלכע יידן — סוחרים, מיט חלוצישע באַגערן און עמאָציעס.

גוט אַרויסגעבראַכט איז בנימין, דער זון פון לייב קאַרפ, וואָס האָט זיך גיך אַריינגעגלידערט אין לאַנד און אין דער נייער סביבה. ער איז געוואָרן אַ שטיינהאַקער אין גדוד־העבודה, און אַרויסגעהאַקט פון זיך אויך די פאַרבליבענע ספיקות. ער ווערט נאָכדעם אַן אָנפירער פון אַ בויער־גרופּע און פון אַ זעלבשוץ־גרופּע. חנעווודיק און האַרציק איז זיין ליבע מיטן קאַווקאַזישן מיידל, הדסה, מיט וועלכער ער באַקענט זיך אין אַ גליל'ער דאָרף, ווו עס וווינען הדסהס טאַטע־מאַמע, איר העלדישער ברודער — די קאַווקאַזער משפּחה צאַדיקאָוו. איזבאַן שילדערט ווי אַן אייגענער דעם שטיי־גער־לעבן פון די פרעמד־נאָענטע שטאַמען אונדזערע.

עכט און דראַמאַטיש איז געצייכנט די געשטאַלט פון דעם יידישן טרוי־מער, דעם באָדן־אויסלייזער יהושע נפּחא, וואָס טראָגט דעם מיסטיציזם, אין וועלכן ער איז איינגעוויקלט, איז ער אַ מענטש פון לעבעדיקע, גרויסע מעשים:

„יהושע נפּחא איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט די ביל״וצעס — אין די אַכציקער יאָרן פונעם פאַריקן יאָרהונדערט. ער האָט געאַרבעט אין די וויינגערטנער פון ראשון־לציון, שפּעטער אין גדרה. און ווען ער האָט

דערשפירט אין זיך אַ הונגער נאָך ערד־אויסלייזונג, האָט ער פאַרלאָזט דעם אַקער און די מויל־אייזלען און מיט באַגייסטערונג גענומען אויף זיך די שליחות פון גאולת־הקרקע.

ער האָט דורכגעריטן דאָס מדבר־לאַנד פון מצרים ביז סיריע. ער האָט זיך דערוואָרבן דאָס אַראַבישע לשון, געלערנט די לאַנד־מנהגים. געריטן איז ער שטענדיק באַגלייט פון אַ סוויטע שומרים. אויף זיינע נסיעות איבער די ברייטע מדבר־פלאַכן האָט ער אָפט מלחמה־געהאַלטן מיט בעדואינער־שבטים און רויבער־באַנדעס, וואָס האָבן געלויערט אין היילן. די אַראַבער האָבן אים גערופן שייך אַל יאַהוד — דער שייך פון די יידן.

נפחא האָט געאָטעמט מיט די ריחות פון זריעה־ערד. ער האָט דערשמעקט די קללה פון יעדן זומפּ, אַזוי ווי עס דערשמעקט דער גערטנער די קראָפּיווע צווישן די פלאַנצן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז נפחא איז אַ ריזיקאַנט..."

נפחא איז געפאַלן פון אַראַבישע הענט מיט גבורה און מיטן באַוווּסטזיין פון אַ טרוימער און קעמפער.

איזבאַן האָט אַרויסגעוויזן אין זיינע דערציילונגען אַ גרויסע בקיאות און געניטשאַפט אינעם אַראַבישן לעבן. ער קען זיי פון דער נאָענט. פונ־דעסטוועגן דאַכט זיך, פאַרפירט אים שוין אַביסל צופיל די מזרח־פאַנ־טאַזיע. פאַראַן אין ראָמאַן אויסטערלישע באַגעגענישן און פאַסירונגען, באַ־הויכט מיט איבערגעטריבענער עקזאָטיק, אַזאַ איז, למשל, דאָס קאַפּיטל „אויפן בשמים־מאַרק", וווּהין אפרים, אלישבעס פריינד, פירט אַוועק צו־זאַמען מיט דעם ספרדישן בעל־עגלה זכריה קאַראַסאָ אַן עפּענדיש זונדל, וואָס איז פאַרליבט אין אלישבען, לייב קאַרפּס טאָכטער, און דאָרט, ערגעץ אין אַן אומהיימלעך פינצטער הייזל, טוט מען אים אַ כישוף עס זאָל זיך אָפּטאָן פון אים די ליבע צו דער יידישער טאָכטער. דאָס קאַפּיטל איז אָן־ספק אָנציִענדיק; אָריגינעל איז אויך געשילדערט דער מאַרק, די אַלטע יפוער געסלעך און ליקעס, ווי ס׳איז בכלל טרעפלעך אַרויסגעבראַכט די אַראַבישע סביבה, נאָר די האַנדלונגען און געשעענישן זענען גאָר אָפט איבערגעשפּאַנט.

די גרונט־אידעע פון ראָמאַן איז די געטריישאַפט און אָפּפערווייליקייט פון ארץ־ישראל־מענטש פאַרן אויפבוי און פאַר דער זיכערקייט פון לאַנד. גרויס זענען די קרבנות, וועלכע זענען געבראַכט געוואָרן פאַר דער פאַר־ווירקלעכונג פון אָט די צילן. מיט פאַרנעם און מיט דערציילערישן געדולד

ברענגט אַרויס איזבאַן דעם פּיין און באַגער, פון גאולת־הארץ, און דער מענטש איז געבליבן מענטש, אַ געשטאַלטער און אַן אויסגעלייטערטער. אזוי פילט אויך בנימין, נאָך דעם פּאָגראָם אין חברון:

„בנימין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט געקוקט מיט צער און דרך־ארץ אויף דעם אַלטן אָבל, וואָס גייט און ברעכט די הענט. אַ פאַר־שטיקטער געיאָמער, וואָס בלייבט שטעקן אין האַלדז, קאָן נישט אַהין, נישט אַהער, האָט אים געוואָרגן. און בעת דער יאוש האָט בנימינען דאָ, אין דעם ישיבה־הויף, געגעסן און אָנגעזאָגט, אַז יידן זענען אַ געשלאָגענער כוח, האָט דאָך אין אים געפלאַמט דער גלויבן אין אויסלייזונג און באַ־פרייונג: די אויסלייזונג, וואָס קאָן קומען נאָר, ווען מיר וועלן אייביק וויסן אויפצוהיטן אין זיך אונדזער האַרטנעקיקייט, אונדזער וואַכזאַמקייט און דויערנדיקע גבורה"...

דאָס האָבן געפילט און פאַרשטאַנען, די אַלע, וועלכע האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן פאַרן אויפבוי פון לאַנד און פאַרן מענטש אין לאַנד.

פאַראַן אין ראָמאַן לעבעדיקע, גוט געצייכנטע נאטור־שילדערונגען, פאַרביקע פייזאַזשן, בילדער פון דאָרף און שטאָט און, דער עיקר, מיר פילן דעם אָטעם פון דער צייט, די אַטמאָספער פון יענער תקופה.

1954

# שמחה אייזין

צווישן דער קליינער גרופּע יידישע שרייבער, וואָס איך האָב אָנגע־טראָפן מיט א יאָר פיר און צוואנציק צוריק, בעת מיין קומען אין לאַנד, האָט זיך באַזונדער אויסגעטיילט שמחה אייזין, אָדער ווי אַ צייט איז געווען זיין פּען־נאָמען יעקב שטאָל. ער איז עפּעס געווען אַנדערש מיט זיין באַ־נעמען שרייבערישע פּראָבלעמען, מיט זיין אייפעריקייט צו יידיש, מיט זיין מאַניפעסטירן פּרימיטיווקייט און מיט זיין טשודאַטשנעם אופן פון מפרש זיין פּאָעטישע ענינים, וואָס דאָס סאַמע שיינדל זייערס דאַרף זיין פּאָלקסטימלעכקייט.

פון וואַנעט האָט זיך גענומען צו אים אַזאַ מאָדנע פּאַרליבטקייט אין יידישער פּאָלקסטימלעכקייט, אַז אַלע יאָרן איז ער געווען אַ תושב אין ארץ־ישראל? און אויב ער איז נישט געווען אין לאַנד, איז עס נאָר דער־פאַר ווייל אין ביידע וועלט־מלחמות איז ער געווען אַ סאָלדאַט אין „דזשאָן בולס" אַרמיי. נאָר גיי פאַרשטיי די וועגן פון אַ יידישן דיכטער, און די נשמה פון אַ קינסטלער, וואָס דער נישט לאַנג פאַרשטאָרבענער שמחה אייזין האָט זיכער פאַרמאָגט.

ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל נאָך גאָר אַ יינגל. געווען איז עס עטלעכע יאָר פאַר דעם ערשטן וועלט־קריג. ארץ־ישראל איז דעמאָלט געווען אין אָנהייב פון נייעם אויפקומענדיקן לעבן, פון נאַציאָנאַלער אויס־פורעמונג. פון זיין שטעטל ביי בריסק האָט ער, דאַכט זיך, מיטגענומען אַ גאָר קנאַפּן באַגאַזש פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אַ גאַנץ מאָגערן פאַרמעג פון טאַטע־־מאַמע־היים. דערפאַר האָט ער אָבער מיטגעבראַכט חלומות, ווילן און עקשנות און אַן אייפעריקע, פאַרליבטקייט אין זיין גע־מישטן פויליש־ליטווישן יידיש.

אַז עס איז געקומען די ערשטע מלחמה, האָט אים דער טערק, ווי אַ סך אַנדערע טויזנטער יידן, משלח געווען פון ארץ־ישראל און ער האָט

זיך באַזעצט אינעם לאַנד פון די פּרעהס. ס׳געדויערט נישט לאַנג און ער קומט צוריק, צוזאַמען מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, — יונגע, קרעפטיקע, טרוימערישע און געוואַגטע. ער קומט צוריק ווי אַ סאָלדאַט אין אַמעריקאַנער יידישן לעגיאָן. דאָס לעבן אַ שטיקל צייט אין אַמעריקאַנער גרויס־שטאָט, צווישן שטאָטישע אַרבעטער, אין דער יידישער סביבה פון יענער צייט — האָט פאַר אים אַנטפּלעקט עפּעס נייעס. יאָרן שפּעטער פלעגט ער דערציילן וועגן זשיטלאָווסקין, וועמען ער האָט געהערט רעדן אין אַמעריקע, וועגן בער באָראָכאָוון און וועגן דער קופּער־יוניאָן, ווו ער האָט געלערנט אַ פּאָר חדשים...

סאָלדאַט איז סאָלדאַט, און אייזין מאַכט דורך מיטן לעגיאָן אַלע עטאַפּן און וואָגלענישן אויפן נאָענטן מיזרח, ער קומט שפּעטער און שטעלט זיך צו אין תל־חי. עס איז די טראַגיש־סימבאָליש־העראָישע תל־חי, דער אָנהייב פון אַ ריי וויטערדיקע, כסדרדיקע געראַנגלען פאַרן ארץ־ישראלדיקן זיין און קיום.

די אַמאָליקע האַרבע ארץ־ישראל־רעאַליטעט (היינט הייסט עס ציונות), די הייסע זאַמדן, די בייסיק־גליענדיקע ווינטן, די עיפּושדיקע זומפּן, הכלל, דער מידבר און די שווערע האָרעוואַניע האָבן אויסגעפורעמט אַן אייגנאַרטיקן טיפּ ייד, אַן אייגנאַרטיקע עדה, דאָס איז דער אַלטער ארץ־ישראל־דיקער אַרבעטס־מענטש, דער אַמאָליקער פּיאָנער. אויך שמחה אייזין האָט געהערט צו יענע ערשטע, וועלכע האָבן די וועגן געפּלאַסטערט, די אור־שטיינער געשפּאָלטן, ברונעמער געגראָבן און געוועכטעוועט, הקיצור, נישקשה, ס׳איז דאָ מיט וואָס זיך איבערצונעמען... נאָר אים האָט לחלוטין געפעלט די דעמאָנסטרירנדיקע זיכערקייט און דאָס איבערנעמען זיך מיט דער חלוצישקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם רוב אַלט־איינגעזעסענע ארץ־ישראל־בויער.

ער איז געווען אַ גוטער און געטרייער ארץ־ישראל־ייד, — שמחה אייזין, תמיד גרייט צו אַלע נסיונות, וועלכע דער ישוב האָט אַזוי אָפט געפאָדערט. ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דאָס סאַמע סכנהדיקסטע. און דאָך האָט זיך שטענדיק עפּעס געבונטעוועט אין אים, און אַן אייביקן פאַר־דראָס האָט ער געטראָגן אויף די, וואָס האָבן נעגירט זיין ליבע, זיין ליבע צו יידיש, צום יידישן וואָרט און צו יידישער שאַפונג.

אַ טיפע און טראַגישע איבערלעבונג איז געווען פאַר אים, ווען ער האָט

אַליין געזען דעם ים פון פּיין און עלנט, דעם תהום און חורבן, בעת ער־האָט זיך באַגעגנט פּנים־אל־פּנים מיט אונדזערע ניצול־געוואָרענע אין די־ערשטע טעג נאָך דער באַפרייונג אין אייראָפּע. דאָס איז געווען אין דער־צעשטורעמטער און פאַראָרעמטער איטאַליע, ווו ער איז געווען אַ פרייווי־ליקער סאָלדאַט אין דער ארץ־ישראלדיקער בריגאַדע, הגם סיי לויט זיין עלטער, סיי לויט זיין ציווילער אַרבעט, האָט ער געקאָנט בלייבן אין לאַנד, אין זיין היים. נאָר דעם אַלטן אויסגעפּרוווטן סאָלדאַט איז נישט ניחא געווען צו בלייבן אין אַ זייט, ווען ס׳גייט־אָן אַזאַ פאַרביסענער קאַמף פאַרן כבוד פונעם מענטש, פונעם ייד.

האָט ער אויף די פעלדער פון בענגאַזי, אין די שווערע טעג פון אַל־עלאמיין, געהאָלפן אויפרייסן בריקן און אויסלייגן מינעס; צוגרייטן טויט פאַר אונדזערע בלוטיקסטע שונאים, אַט אַזוי ווי ער האָט דערהערט דעם אינערלעכן רוף:

...איך לייען דעם טאַטנס ציטערדיק כתב:
„סאַ גרויסע בהלה היינט אויף דער וועלט,
און דורך דער בהלה אַ נייער באַשאַף...“
און ער הייסט מיך אויפשטיין שאַרפן דאָס מעסער,
מיט כוח זיך שטעלן דעם רשעות אַנטקעגן!
און איידער דו פאַלסט אויף קידוש־השם,
זאָלן קני פונעם שונא ווערן צעבויגן...
זאָלסט צייכענען בלוט אַדאָרט, ווו דו גייסט,
קללה, רציחה זאָל ברענען אין דיר,
נאָר נישט ואהבת לרעך כמוך, —
און אויפברענגען זאָלסטו נקמה פאַר מיר.

קענען מיר אייזינס דיכטערישע מאָטיוון, די לידער־פּייזאַזשן, זיינע מיזרחדיקע נאַטור־שילדערונגען — ווערן מיר איבעראַשט פון דער אימ־פּעטיקער שנאה, וואָס האָט דעם דיכטער געבריט און געצונדן. ער איז, וואָס אַן אמת, שוין פון פריער געווען צעטומלט און אַנטוישט, געפילט פיינדשאַפט צו יענע כוחות, ווען ער האָט מיטגעהאָלפן זיך פאַרזיכערן און באַפעסטיקן אינעם לאַנד, אין די יאָרן 1936/38, בעת די אַראַבישע

אומרועז, איז ער געוועז מאָביליזירט אין דער ענגלישער אַרמיי, ווי אַן אונטער־אָפיציר. די זעלבע בריטישע זעלנער האָבן דאָך באַלד, ווי ים־פּיראַטן, געלויערט און פאַרכאַפּט שיפלעך מיט אויסגעמאַטערטע, אויסגעפּלינדערטע ברידער... (דאָס ליד „די שיף טיגער היל״).

אייזין איז געוועז אויסגעבונדן מיטן לאַנד, מיט יעדן ווינקעלע. ס׳איז אים נאָענט געוועז דער דרומדיקער מידבר, דער חמסין, די טריקענישן און די גאָסרעגנס. ער איז אַ קענער פון בוים, פעלד און שטיין, ווייסט ווו אַ וואַסער־קוואַל ריזלט און ווו אַ שאָטן צו געפינען. זענען די לידער זיינע פול מיט עכטן ארץ־ישראל־אַראָמאַט, ברענגט ער אַרויס אין זיי דעם היגן קאָלאָריט — די רוי־פאַרביקע ארץ־ישראל־לאַנדשאַפט:

וועוערעמלעך, וואַסערלעך און שוואָמען,
פליגעלעך פון פערלמוטער — גרין,
פייגעלעך אויף צווייגן, אויף די זאַנגען,
שלענגעלעך און שלאַנגען פון יעדן מין.
ווי אַ שאָטן זיצט די טויב און וויינט...
טראָפּנס טויען. גרינע גראָזן פאַלן.
סאָלים דעם פּלייטן־שפּילערס פינגער
שפּילן איבער ווייטע בערג און קוואַלן.

און אָט זאָגט ער איינפאַך אָבער בילדעריש:

דער שניטער לאַכט —
ער בייגט זיך ווי אַ זאַגן,
און הייבט זיך ווי אַ זאַנג,
די זאַנגען פאַלן צו זיינע פיס אַראָפּ.
ער עפנט־אויף די אויגן טויזנט־טויזנט מאָל,
די קאָסע איז אויך מבשר טויזנט־טויזנט מאָל:
ער ווישט די פאַסן שווייס, שטויבט־אָפּ די פעדים זון,
הייבט־אויף דעם קאָפּ אַרויף צום באַרג —
און פאַרגעסט, ווי אַלט ער איז.

אַ צייט לאַנג האָט די אַראַבישע טעמאַטיק פאַראינטערעסירט אַ ריי

העברעישע און אויך יידישע שרייבער. ס׳האָט פּאַראינטריגירט דער פּרעמדער מאָטיוו, דער פּארבאָרגענער. ס׳האָט געלאָקט דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס מיזרחדיקע. נישט ווינציק פון אָט דעם מין שאַפונגען זענען אָבער בלויז איבערפלעכלעכע, אומבאַהאָלפענע שילדערונגען, געשלייערט אין צווייפלהאַפטער אָריענטאַלישער אָרנאַמענטיק.

אייזין האָט מיט זיין „חתונה אין קאַטראַ״ (אַ פּאָעמע פון זעכציק זייטן, געדרוקט אין יאָר 1931), אריינגעבראכט אין דער יידישער דיכטונג אַן אָריגינעלע און מערקווירדיקע שאַפונג. די דאָזיקע אייגנאַרטיקע פּאָעמע ווירקט נישט נאָר מיט דער אַרויסגעבראַכטער מיזרחדיקער ראָמאַנטיק. ס׳איז ווייניק אויך, וואָס אייזין איז אַ קענער פון די מינהגים פון אונדזערע לאַנד־שכנים, איז אַ בקי אין זייער אַרט לעבן, אין זייערע שמחות און יום־טובים. מיט אַ שטאַרקן פּאָעטישן געפיל און דיכטערישער איגטואי־ציע האָט ער געמאָלן די סביבה און שטימונג, די מענטשן און זייער טראַדיציע, אַרויסגעפילט דעם אראבישן אימפּולס.

„אַ חתונה אין קאַטראַ״ איז נישט נאָר א פיינע דיכטערישע שאַפונג, נייערט אויך אַ שילדערונג פון אונדזערע נאָענט־וויטע שכנים:

יום־טוב אין דער כלהס שטוב,
דורכן פענצטער גלעט דערווינט,
אירע פינגער פאַרבט די מאמע,
טרייבט פון איר אוועק די זינד.

שטענדיק איז אַזוי געווען:
אַלע יאָרן — אַלע צייטן,
ס׳וועלן הימלען אָפן ווערן,
און מלאָכים דיך דערזען.

און זי וואַשט איר לייב מיט וואַסער
פונעם וויסן וואַסער־קוואַל,
און זי פאַרבט איר אויס די נעגל
מיטן בלינדן פויגלס גאַל.

אייזין האָט נישט פאַרמאָגט קיין גענוגנדיקע ידיעות אין די טעאָרע־טישע יסודות פון דיכטונג, געווען אַ קנאַפּער ידען אין די כללים און פאָרמולעס פון שרייבן אַ ליד, האָט ווינציק מקפּיד געווען אויף גראַם, ריטעם און מעטרום. אָבער ער האָט זיך תמיד געגעבן אַן עצה. ווי ס׳ווייזט אויס, האָט אים זיין אינערלעך־דיכטערישער חוש אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג.

אין דעם פּרט איז ער אין ״אַ חתונה אין קאַטראַ״ דערגאַנגען ממש צו ווירטואָזיטעט. אים איז געלונגען מייסטעריש צו פאַראייניקן די טעמאַטיק מיט דער פאָרעם; דער סטיל דערגאַנצט דעם מאָטיוו; דאָס בילד איז אויסגעבונדן מיטן ריטעם, מיטן וואָרט־קלאַנג. ס׳איז אַן אַראַבישער יום־טוב:

זקנים קומען זיך צונויף,\
זקנים גייען היינט נישט שלאָפן,\
טירן וויגן זיך פאַר פרייד,\
אַלע טויערן שטייען אָפן.

אַבולבאַב טיילט־אָפּ כבוד,\
לאָזט נישט כאַפּן פריער קיינעם,\
יעדן טאַבאַק, יעדן פייער,\
ס׳איז די טאַץ פאַר יעדן איינעם.

אַמאָל דאָס גליק פאַרגייט,\
אַמאָל דערהייבט די פרייד,\
אַמאָל איז אַלץ גענאַרט,\
אַמאָל איז אַלץ דערוואַרט!

כאַסאַן־אַבעד דרייט דעם בויך,\
כאַסאַן־אַבעד וואַרפט די שיך,\
כאַסאַן־אַבעד צוימט דאָס לויפן,\
טאַנצט דעם טאַנץ אַריין אין זיך.

אויסער אַ ריי לידער און פּאָעמעס אויף אַראַבישע מאָטיוון, האָט ש. אייזין געשאַפן אויך עטלעכע דראַמעס פון אַראַבישן לעבן. אין „מאַסכאַראַ" (דער חוזק), „פון יאַריד" און אין „דער פּליטן־שפּילער" — באַהאַנדלט ער סאָציאַל־עטישע פּראָבלעמען, פּראָבלעמען פון ארץ־ישראל און איר העראָישן עבר. ווידעראַנאַנדן צווישן מענטש און מענטש, צווישן עדה און עדה.

ער האָט יאָרן געחלומט אויפצופירן פון זיינע מיזרח־שאַפונגען אויף דער יידישער בינע. אָבער דער חלום איז נישט מקוים געוואָרן. איז עס דען דער איינציקער טרוים זיינער, וואָס איז נישט מקוים געוואָרן?

איינס איז אָבער יאָ מקוים געוואָרן, אַזוי מערקווירדיק און טרויעריק: אָפּט — בעת זיין שיכרותדיקער פאַרנעפּלטקייט — פלעגט ער זאָגן צו מיר: „קיינער פון אייך וועט פון מיר נישט ליידן, איך וועל אַוועקגיין אַזוי שטיל, אַז איר וועט עס גאָרנישט באַמערקן, אָט אַזוי ווי עס פאַרשווינדט אַן ארץ־ישראלדיקער בין־השמשות..."

ער איז געשטאָרבן אַזוי פּלוצעם, אַזוי שטיל, אין אַ טיפן שפּעט־זומערדיקן פאַרנאַכט. בלעטערנדיק אַ זאַמלונג צייכענונגען פון זיין נאָענטן און באַליבטן חבר, דעם מאָלער שמי, האָט אין געציילטע מינוטן שוין אַ קאַלטער רויקער שמייכל באַדעקט זיין פּנים...

שמחה אייזין איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער טיפּ פון אַ יידישן באָהעמע־מענטש, אַ נשמהדיקער, אַ האַרציקער, מיט אַ זעלטן געפיל פאַר פּאָעזיע און קונסט, מיט אַ טיפער לירישער צאַרטקייט, וואָס האָט אָפּטמאָל כּלל נישט האַרמאָניזירט מיט זיין יינגלשער צעכראַסטעטקייט און עקשנות.

געווען אין אים אַ פּאַראַדאָקסאַלע שלימות — —

## ל. חיין - שמעוני

פון דער היימישער ליטע האָט לייבל חיין מיטגעבראַכט אַזאַ ווארעמע פאָלקסטימלעכקייט, אַ דורותדיקע יידישע חנעוודיקייט, וואָס באַהעלט און מאַכט לייכטער דורכצוגיין די שווערסטע נסיונות פון אונדזער דור.

צווישן יידישע דערציילער איז ל. חיין זיכער אַ זעלטענער טיפּ, בפרט אין די לעצטע יאָרן, אַ מענטש, וואָס שטעקט מיט אַלע זיינע חושים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַלע זיינע שטחים. אַן אויסגעקאָכטער אין פּראָפעסיאָנעלן קאַמף, אין קאָאָפּעראציע, אַ פארזאָרגער פון סאָציאַלער הילף און דערביי א פרוכטבארער פובליציסטישער רעפּאָרטאַזשן־שרייבער — פאַרמאָגט ער נאָך געניג געמיט, כדי אָפּצומאָלן אין בערך קורצע, לעבעדיק געשריבענע דערציילונגען, מענטשן און געשעענישן פון זיין צייט, מיט קענטיקער ליבע און איבערגעגעבנקייט.

„באַרג אַרויף" איז באמת אַ גוט צוגעקליבענער נאָמען צו זיין בוך דערציילונגען, וואָס איז אַרויס מיט אַ שטיקל צייט צוריק אין פאַרלאַג פון דער „צענטראַלער יידיש־וועלטלעכער שול־אָרגאַניזאַציע" אין אַרגענטינע. ס'איז דער בארג־ארויף פונעם יידישן מענטש, פון יידישן ארבעטער אין ארץ־ישראל, פון אויפבוי און געראַנגל. און אפשר האָט אויך משפּיע געווען אויפן נאָמען די שיינע באַרגיקע שטאָט, ווו דער מחבר וווינט אַלע זיינע יאָרן, און איז פאַרליבט אין אירע הרים וגבעות. חיפה מיט איר אַרום, דער כרמל מיט די באַגרינטע טאָלן, נישט ווייט, דער רוישיקער פּאָרט און די לעבעדיקע אַרבעט אין די פּעריפעריעס פון דער שטאָט, פאַרנעמען טאַקע אַן אויבן־אָן אין חיינס שילדערונגען פון דער ארץ־ישראלדיקער ווירק־לעכקייט.

דער לעבעדיקער קאָנטאַקט מיטן ארבעטס־מענטש, מיט זיינע זאָרגן און האָפענונגען, דאָס שטיין אינדערמיט פון געזעלשאַפטלעכן און סאָציאַלן געראַנגל, האָט בולט און צום גוטן משפּיע געווען אויף חיינס דערציילונגען.

עס האָט אים דערנענטערט צום פאָלק, צו זיינע פּראָבלעמען, געגעבן אים גרינטלעך צו דערקענען די לעבעדיקע רעאַליטעט און געוויזן אים דעם מענטש אין לאַנד אין אַלע זיינע נסיונות, ווי ער נעמט אויף זאַכן און רעאַגירט אין פאַרשידענע געשפּאַנטע סיטואַציעס, וואָס האָבן דאָ קיינמאָל נישט אויסגעפעלט. אויף אַן אימפּולסיוון אופן האָט חיין אויפגענומען און איינגעזאַפּט אין זיך דאָס סענסיטיווע און וויברירנדיקע פון יחיד און פון דער היגער געזעלשאַפט, און געבראַכט עס אין זיינע דערציילונגען און שילדערונגען.

אמת, מען מוז מודה זיין, אַז דער בעלעטריסט האָט נישט תמיד אויסגעמיטן, אָדער נישט געוואָלט אויסמיידן, אַ פּובליציסטיטן בייקלאַנג, אָפּטמאָל אפילו ביי די סאמע מענטשלעך־רירנדיקע און לירישע פּאַסירונגען און באַגעגענישן. דאָס איז דער צינז, וועלכן דער דערציילער האָט באַצאָלט דעם עסקן און געזעלשאַפטלעכן טוער.

חיין קען נישט נאָר די סביבה, די טווּנגען און האַנדלונגען פון זיינע העלדן, ער קען זייער לשון און זייערע מאַנירן. זיין טעמאַטיק איז אַ פאַרשידנאַרטיקע. ער שילדערט מענטשן פון דאָרף פּונקט ווי מענטשן פון שטאָטישן שטייגער, מלחמה־טעג און מלחמה־שטימונגען ווי פּיאָנערישן עבר פון נעכטן און אייערנעכטן. תמיד קאָנקרעט, אין רעאַלע פאַרבן מיט קרעפטיקע פאָלקישע אויסדרוקן. זיינע ליבסטע העלדן זענען פאָלקס־מענטשן, אונטערדריקטע און באַעוולטע, דאָס פּשוטע האָרעפּאַשנע פאָלק. ער באַהאַלט נישט זיין טיפן סענטימענט פאַר זיי, און א פּשיטא שוין פאַר די קינדער. פונדאַנען נעמט זיך מסתמא חיינס נייגונג צו דעמינוטיוון. ווען לייבל חיין וואָלט באַדאַרפט זאָגן א שטייגער „דאָס ברויט פאַר אונדזערע קינדער", וואָלט ער אוודאי נישט געזאָגט אַנדערש ווי „דאָס מאָנטעלע ברויט (אָדער גאָר „פּאַפּע") פאַר אונדזערע עופהלעך". אַזוי רעדט ליבע, ליבע צום פאָלקס־מענטש.

אינעם בוך זענען פאראַן נישט נאָר איינצלנע קינסטלערישע סצענעס, נאָר בפירוש גאַנצע דערציילונגען פון קינסטלערישער הויך. אַזאַ דערציי־לונג ווי „דער מאַנטל", ווו ס'ווערט מיט לירישער צאַרטקייט אַרויסגע־בראַכט דאָס איינזאַמע לעבן פון ראָניען, דער אַמאָליקער פאַרמעגלעכער יידישער טאָכטער פון ליטע, וואָס דאָ אין לאַנד נעמט זי פאַר ליב אַלע אַרבעטן און ביטערע דערפאַרונגען, און אין עלנטע אָוונטן הילט זי זיך

איין אין איר מאַנטל, דעם איינציקן איבערבלייב פון איר נגידישער שטוב, דעם איינציקן אָנדענק נאָך אַן אונטערגעשניטן לעבן. אזא דערציילונג איז „אַמאָל“, וואָס דעקט אויף אַ שטיק שטח פון ווילד־פאַנאַטישן שטייגער און דרך פון אַמאָליקן אַלט־ירושלים און צינדט אָן מיט צאָרן צו יענע „צדיקים“, וועלכע האָבן דערפירט צו רייזעלעס נעמען זיך דאָס לעבן.

א דראַמאַטישע, קרעפטיקע דערציילונג איז „דער היישעריק“, ווי ס׳ווערט אַרויסגעפירט אַן אָפּגעראַטעוועטער פון אומקום און ס׳ווערן געשילדערט די חבלי־לידה פון איינגלידערן זיך אין נייעם לעבן, אין דער נייער סביבה. „היישעריק“ געהער צו די אינטערעסאַנטסטע דערציילונגען פון ארץ־ישראל, וואָס די יידישע פּראָזע האָט לעצטנס אַרויסגעגעבן. נאַטירלעך און עכט איז אַרויסגעבראַכט דער יידישער מענטש סיי אין זיין פאַרלוירנקייט, סיי אין זיין בהדרגהדיקן אויפגיין. מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און וואַרעמקייט שילדערט חיין דעם הויפּט־העלד פון דער דערציילונג, וואָס „...חוץ די פּאָר אויסגעדרייטע שיך מיט די טראַנטעס אויפן לייב, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך קיין ארץ־ישראל אַן אויסגעקריצטן נומער אינעם לייב פון רעכטער האַנט...“. אַ קאָלירפולע, פּרעכטיקע סצענע איז, ווי ס׳קומט אָן דער היישעריק אויפן פעלד, און די פאַרהאַרטעוועטע משפּחה זעט מיט ווייטיק, אַז נאָך אַ ביסל גייט לאיבוד איר גאַנצע פּראַצע, ס׳ווערט צונישט איר מי. און אָט האָט זיך באַוויזן איינס פון די נאַטור־וואונדער: „...ס׳שניידט זיך אויס אויפן האָריזאָנט אַ ריזיקער פאָכענדיקער דרייעק, וואָס צעשיט זיך, צעשפּרייט זיך, פאַראייניקט זיך און צעגיסט זיך ווידער.

ס׳קערט זיך צוריק דאָס ליכט פון דער זון, און די זעונג ווערט וואָר, דאָס זענען סטאַדעס, גרויסע סטאַדעס באָטשאַנעס וואָס פליען, משמעות, אין די שפּורן פונעם היישעריק, זומערן אין די נייע קאָנטינענטן, און אָט נידערן זיי ריטמיש אַראָפּ. מען זעט שוין דאָס פאָכען פון זייערע שוואַרץ־ווייסע פליגלען, מען זעט זייערע שניי־ווייסע ״בייכער מיט צוויי לאַנג אויס־געצויגענע פיס ווי קאָמערטאָנען. פאָך — פאָך — פאָך, אַזש ס׳ווינטלט זיך, און אָט פאַלן זיי גאָר אַראָפּ ווי שטיינער און וואַרפן זיך אויפן העסלעכן היישעריק מיט אַ ברענענדיקער שנאה און אייפער...“.

די דערציילונג „בחקותי“ איז געשריבן מיט אַ סך האַרציקייט און מיט ליבע צו דעם פינף־און־אַכציק־יאָריקן דייַן, ר׳ טעוול, וואָס הייסט צעטיילן

דאָס וואַסער די לייט פון דער „הגנה״ און שליסן די מקווה. וואָס פאַראַ מהלך־רב פון דעם טייערן ר׳ טעוול ביז די פאַנאַטישע רשעים פון דער דערציילונג „אַמאָל״, וואָס אפילו דער פרומער ר׳ סענדער, דער מוליער, קען זיי נישט מוחל זיין.

און אַזוי רייען זיך די דערציילונגען איינע נאָך דער אַנדערער, יעדער ברענגט עפּעס נייעס, אַ פרישן טאָן, אַ נייע פאַרב און דערגענצן איינע די אַנדערע, ביז עס באַקומט זיך אַ בילד פון ארץ־ישראל אין דער אַנטשטיי־דונגס־תקופה פון די ערשטע חלוצים פון דער דריטער עליה, ביז צום לעצטן קאַמף פאַר מדינת ישראל.

חיין שילדערט מיט אַ סך קענטשאַפט און געניטשאַפט דאָס אַראַבישע מיליע, דעם אַראַבישן שטייגער. די דריי דערציילונגען פון אַראַבישן לעבן, אין שייכות מיטן יידישן געראַנגל אין לאַנד, גיבן צו א סך צו דער פאַרביקייט און שלימות פונעם בוך. ס׳זענען ביז גאָר אינטערעסאנט די וואָרהאַפטיקע שילדערונגען פון די אַראַבישע לאַבירינטן, פון אויפגעהעצטן מאַסן־מענטש און זייער שינאה צו אונדז, פון זייערע לויערונגען אויף אונדזער אויפשטייג. און אַזוי לערנט מען איין מיט אַן אראבישן זון צו האלטן וואַך ערגעץ נעבן א הייל אין די בערג:

„געדענק, נאַזשי, ביסט היינט ס׳ערשטע מאָל אין די בערג, כבוד און עשירות דערוואַרט דיך אויף דער וועלט, און אויב ס׳איז, חלילה, נגזר געוואָרן דאָ צו פאַלן, זענען אַלע טויערן פון גן־עדן אָפן פאַר דיר. אַזוי ווי פאַר אַלע, וואָס שטייען מיטן סייף פאַרן כבוד און גלויבן פון איסלאַם, פאַרן רום פון נביא, אַלע ברכות און שבחים זיין נאָמען...

נאַזשי האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט, זי צוגעלייגט צו די ליפּן און שטערן און אַרויסגעשטאַמלט: טאַכט אַמראַק יאַ סידי; צום באַפעל מיין האַר.

אזוי איז אָפּגעשטאנען נאזשי וואָסערע פיר שעה אין ציטערניש און מחשבות ביז אין דער פינצטערער נאַכט אריין און גאָרנישט, ווי דער וועג וואָלט געשטאָרבן. אמת, אייניקע מאָל זענען עראָפּלאַנען נידעריק פאַרביי־געפלויגן. נאַזשי איז בעת מעשה צעטומלט געוואָרן, ער האָט נישט געוווסט, ווי זיך נוהג צו זיין: וויפל מאָל צו פייפן, יאָ שיסן אָדער נישט שיסן. אָבער דער פשוטער שכל האָט אים אונטערגעזאָגט: מען האָט דיר נישט

דערמאָנט קיין עראָפּלאַנען, איז נישטאָ קיין עראָפּלאַנען. זאָל זיך דיר דוכטן אַ שפּאַרבער פליט...״.

און אינעווייניק אין הייל ליגן די צוואַנציק מאַנצלייט צעפּאַרעטע, אויפגעיווירענע, אָנגעלאָדענע מיט חשיבות צו זיך אַליין, וואָס זיי זענען זוכה געווען צו פירן דעם הייליקן קריג, און איינער שטייגט איבער דעם אַנדערן אין אָנדערציילטע העלדישקייטן, און ס׳האַלט שוין אַזוי ווייט:

„...ביי חברון האָבן מיר געהאַט אַ ווונדערפולן מאַגנעט, וואָס אונדזער גרויסער קריגער האָט באַקומען אַ מתנה פון די באָלשעוויקס, פון זייער מלך אין מאָסקווע. ווי נאָר דער עראָפּלאַן באַווייזט זיך, לייגט מען אַוועק דעם מאַגנעט אויף אַ גלייכן פּלאַץ — און „מאַרסאַלאַמי״, אַ גוטן טאָג מיט אים, דער מאַגנעט ציט אים אַראָפּ צו דער ערד, און מיר פאַרענדיקן אים. אַזוי האָבן מיר מסדר געווען צענדליקער עראָפּלאַנען טאָג־איין טאָג־אויס...״

חיין איז אַ מאַדים אויף די דאָזיקע אַראַבישע באַרימערייען און אויף די מליצות פונעם מיזרח־מענטש. ער קען זייערע מינהגים, זייערע שמועסן און אַלע זייערע דרכים.

די העכער צוויי צענדליק דערציילונגען, וואָס זענען אַריין אין בוך זענען איינגעטיילט אין דריי אָפּטיילן: „באַרג אַרויף״, „שטורעם״ און „שכנים״, און ברענגען אַרויס ארץ־ישראל אין פאַרשידענע פּאַזעס און פון עטלעכע אַספּעקטן. אַלע דערציילונגען זענען אָנגעלאָדן מיט אַקציע, מיט דיאַלאָגן און רעפלעקסיעס, מיט לעבעדיקע מענטשן און געשעענישן, נאָר אָפּטמאַל אַזוי געטריי דער רעאַליטעט, אַז די געטרייע וואָרהאַפּטיקייט מאַכט די דערציילונג אַ מאָל צו כראָניקאַליש. פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט איז דאָס גרייליך אַ מעלה, ווייל לייענענדיק דאָס בוך באַקומט מען אַ פול בילד פון דעם „באַרג אַרויף״ אין לאַנד.

זיין נישט לאַנג דערשינענער ראָמאַן „טאָג־איין, טאָג־אויס״, אַרויסגעגעבן אין אַרגענטינע ביים פאַריין פון סוואַלק און אומגעגנט (ס׳קומט בפירוש אַ יישר־כוח די לאַנדסמאַנשאַפטן, וועלכע העלפן אַרויסגעבן די ביכער פון זייערע בני עיר), איז אַ רעפּאָרטאַזש־ראָמאַן, וואָס האָט זיך מיט אַ צוויי צענדליק יאָר צוריק ־געדרוקט אין המשכים אין „קאָוונער פאָלקס־בלאַט״. אויך דאָ ברענגט אַרויס חיין לעבעדיקע שילדערונגען פון דער ארץ־ישראלדיקערווירקלעכקייט. די חבלי־קליטה פון אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, וואָס גייען אַרויף אויף אַ שטח פון פאַרוואָרלאָזטן כרמל־באַרג

און בויען אויף אַ שכונה, בויען הייזער און פלאַנצן גערטנער און ציען וואַסער־רערן און פלאַסטערן אַ שאָסיי. דער ראָמאַן, הגם ער איז געבראכט אויפן פאָן פון דער שיינער, באַרגיקער פּאָרט־שטאָט, זענען אין אים אַרויסגעבראַכט אייגנאַרטיקע און געטרייע ארץ־ישראל־טיפּן, טיפּן פון פיאָנערן און בויער און מיר זעען די גראַנגלען פון בערלען און לייבישן, פון נאָטען און רבקהן און פון צענדליקער חלוצים אין זייער באַגער נאָך אַ ניי, געזונט לעבן. זייערע גראַנגלען מיט דער ארומיקער סביבה, מיט די פּקידים און קבלנים פון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, מיט די הערשער פון דער מאַנדאַט־מאַכט, מיט די אַראַבער פון בעדואנישן שבט פון שייך אַבו כאַרב. און טראָץ די געטרייע בילדער, וועלכע חיין מאָלט מיט אַ זיכער־רער האַנט, פעלט אינעם בוך בעלעטריסטישער אָטעם, ס'פעלט דערציילע־רישע לופט, וואָס מאַכט אַ ווערק פריש און אייגנדיק, אפילו ווען דאָס געשעענע איז שוין עבר זמנו.

אין די קורצע דערציילונגען איז חיין אי פאַרביקער אי סטיליסטיש גאַנצער. אויך די שפּראַך איז דאָ ווייט נישט קיין אָפּגעהיטענע, די שפּראַך איז אַנעמיש און נאַכלעסיק, און דאָס איז אוודאי אַ ווונדער, מחמת חיין האָט גראָד אַ קרעפטיק און יאָדערדיק לשון. משמעות, אַז די מעלות פון סטיל און פון שפּראַך, וואָס חיין פאַרמאָגט היינט, האָט ער נישט געהאַט אין יענע יאָרן, ווען ער האָט געשריבן זיין ראָמאַן „טאָג־איין טאָג־אויס". און טאַקע צוליב דעם זעלבן טעם, ווייזט אויס, זענען פאַראַן אַ סך נאַיווי־טעטן און פלאַכקייטן, אַ שטייגער אַזאַ פאַרעלטערטע געמיט־שילדערונג: „זיין אייגן האַרץ קלאַפּט אים טיק, טיק, טיק...". אָדער אזא אָפּזאַץ: „דער סילועט איז פון מינוט צו מינוט אויסגעוואָקסן אין אַ לעגענדאַרן בילד, וואָס מען זעט ערגעץ געמאָלן אויף דעקאָראַציעס פון אַ טעאַטער..." געוויינלעך, אויב שוין יאָ, פאַרגלייכט מען דעקאָראַציעס צום לעבעדיקן בילד, אָבער צי געווינט די אַרויסגעבראַכטע שילדערונג פונעם פאַרגלייך צו דעקאָ־ראַציעס?

מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין צעגלידערן אָט די אַלע קלענערע חסרונות, וואָס מינערן באַשטימט דעם ווערט פונעם בוך, וואָס אין תוך ברענגט ער אַ וויכטיקן אָפּשניט פון אונדזער אָקערשטיקער צעשטורעמ־טער און העראָישער צייט אין ארץ־ישראל.

1957

# יואל מאַסטבוים

ס׳איז כאַראַקטעריסטיש און סימפּאַטאַמאַטיש, וואָס כמעט אַלע יידישע ארץ־ישראל־ראָמאַנען, ווי די מיינסטע ארץ־ישראלדיקע פּראָזע־שאַפונגען אויף יידיש, פון וועלכער צייט עס זאָל נישט זיין, באַהאַנדלען דאָס לעבן אוןָ די מענטשן אין קיבוץ. צי האָט אונדזער שטאָטיש לעבן נישט פאַרמאָגט אַזוינס, וואָס זאָל אָנרעגן די שרייבער, אָדער דער קיבוץ האָט געלאָקט, געמאַניעט מיט זיין אַנדערשקייט, מיט זיין נייעם שטייגער? פון אַוועלכע צען ארץ־ישראל־ראָמאַנען אין יידיש, זענען זיכער ניין שילדערונגען אָדער פּרוּוון צו שילדערן דאָס לעבן אינעם קאָלעקטיוו, דעם געראַנגל אויף רוי ערשט־פעלד, דאָס איינבייסן זיך אין ערד. דאָ זענען מיר נישט אויסן נאָכצוקוקן צי האָט זיך איינגעגעבן בנימין רעסלערן, רחל פייגנבערגן, שמואל איזבאַנען, אָדער אפילו שלום אַשן אין זיין „געזאַנג פון טאָל״, אַרויסצוברענגען עכט און נאַטירלעך די באַהעפטונג פונעם יידישן מענטש מיט זיין באָדן, זיינע פריידן און זיינע קליינע מענטשלעכע זאָרגן, דעם גייסט פון שותפותדיקן גאַנג און דורכפאַל. מיר וועלן אויך נישט זוכן די סיבות, פאַרוואָס די געשווינד זיך בויענדיקע שטעט מיט אינדוסטריע און מסחר, מיט אַרבעטער־פערטלען, מיט זייער שיינקייט און שאָטן־זייטן, סתירות און ווידעראַנאַנדן, האָבן געפונען ביז היינט אַזאַ קנאַפּע אָפּשפּיגלונג אין דער יידישער ארץ־ישראל־פּראָזע.

יואל מאַסטבוים איז קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר געווען אַ תושב אין ארץ־ישראל. במשך דער צייט האָט ער פאַרעפנטלעכט צענדליקער דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן פון היגן לעבן, מיט אַ באַזונדערער פאַרביקייט און בילדערישקייט. ער האָט אין זיי אַרויסגעבראַכט דעם אַלטן פּרדסן פון שרון, די צעצווייגטער משפחה פונעם כולל אונגאַרן אין ירושלימער מאה־שערים, דעם תימנישן שיכפּוצער און דעם פאַסטעך פון אַ גלילער דאָרף. זיין גרעסערער ערשטער ארץ־ישראל־ראָמאַן „דער כוח פון דער ערד״, איז

נאָר דער ערשטער טייל פון אַ ברייט פאַרמאָסטן ווערק, וואָס דאַרף אַרויסברענגען אין דריי בענד די שווערע, העראָישע און גורלדיקע יאָרן פון די לעצטע עליות ביז צו דער באַפרייאונג פון לאַנד.

יואל מאַסטבוים קען דאָס לאַנד. ער האָט זיך באמת עס צו דערגרונטעווען און אויפנעמען. זיין שרייבערישע ראיה איז שאַרף און אָנגעצילט. דערזעט ער און נעמט אויף די דינסטע ניואַנסן, כאַפּט אויף די קלענסטע באַוועגונגען. ער פילט ווי אַן עכטער קינסטלער אויך קליינע, דרך אגבדיקע מאָמענטן אין דער גרויסער פּאַסירונג. אָבער אָפטמאָל געפינט ער נישט דעם דירעקטן, אוממיטלבאַרן צוגאַנג צו דער תוך־געשעעניש. ער שילדערט לעבעדיקע מענטשן פון קיבוץ און נישט דווקא די הויפּט־העלדן פון ראָמאַן. דאָס זענען באמת מענטשלעכע, נאַטירלעכע קיבוץ־טיפּן, אָבער די באַזע אויף וועלכער זיי באַוועגן זיך איז עפּעס מאָדנע שלאַבעריק, ווי זיי וואָלטן אַרומגעגאַנגען אויף אַן אומגלייכן, זיך וויגנדיקן דעק. מעגלעך, אַז דערין איז אויך שולדיק מאַסטבוימס סטיליסטישע צעשויבערטקייט, וואָס האָט, ווי מאָדנע עס זאָל נישט זיין, אי אַ געוויסן חן, אי נישט ווייניק רויקייטן וואָס וואָלט ביי אַ ביסל רעדאַקציאָנעלן שליף געקאָנט באַזייטיקט ווערן.

ווען מאַסטבוים וואָלט געהאַט צו שפּראַך און סטיל און אפילו צום פּשוטן אויפבוי פון אַ זאַך אַזאַ באַציונג און פאָדערונג, ווי ער האָט געהאַט צו זיך אַלס שרייבער בנוגע דער טעמע, וואָלט זיך באַקומען אַ געוויסע קינסטלערישע שלימות.

זיין טעמע האָט מאַסטבוים נישט גענומען כלאחר־יד. אין זיינע טיפּן באַמיט ער זיך איינצולעבן. ער איז אַ סך אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד צו זען און איינצואָטעמען די אייגנאַרטיקע אַטמאָספער. ס'איז טיילמאָל געווען רירנדיק צו זען, ווי אין די בלוטיקסטע ארץ־ישראל־טעג פון מיט אַ יאָר צוואָנציק צוריק, פלעגט מאַסטבוים בגניבה באַגלייטן זיין איינציקן זון אויף די געפערלעכסטע וועגן צו יידישע דערפער און גרענעץ־פונקטן — טאַקע דאָרט, ווו ער האָט אָפּגעפונען דעם פעטער יהונתן פון זיין איצטיקן ראָמאַן, באַקענט זיך מיט זאב און יוסף ברזילי, די פאַרליבטע אין דער ענערגישער, דרייסטער און געוואַגטער רבקהן. פון דאָרט האָט ער מיטגעבראַכט געפיל און שטימונג צו שילדערן נחמהן, די פאַרזאָרגערין פון אַלץ און אַלעמען, און

אפילו דאָס אינטעליגענטע דייטשישע מיידל גערט האָט ער געבראַכט פון יענער סביבה.

דאָס ערשטע בוך פון דער טרילאָגיע פירט אונדז אַריין אין עטלעכע קלאַסן און שיכטן פון אונדזער נייעם ישוב אין ארץ־ישראל: מושבניקעס אויפן באָדן פון „הנדיב הידוע״, פרדסנים אָרעמעלייט, וואָס האָבן אָנגעמאַכט חובות און אויספאַרקויפט די פרוכט נאָך איידער ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער שניט; אַלטע תושבים, שטיקלעך קולאַקעס, מושבניקעס פון אַ גאַנץ יאָר; אַ געמיש פון אַ שטאָטיש סוחרל און געטרייען ערד־אַרבעטער; רייכע טוריסטן, וואָס קויפן אַלטע הייזער און בויען אויף זיי נייע האָטעלן, און פּיאָנערן, וואָס האָבן געבויט נישט פאַר זיך, נאָר זיך איינגעביסן אין באָדן מיט ציין און נעגל, געטריבן פון זיך פיבער און שלאַנגען, שאַקאַלן און מידבר־ווינטן... זאב און יוסף, רבקה און נחמה און דער יונגער גיל שטייען מיט עקשנות, זיי טרעטן נישט אָפּ. זיי גראָבן אַ נייעם ברונעם, ווען דער שונא האָגלט מיט פייער. זיי גייען אַרויף אויף נייעם באָדן, ווען די סכנה איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. אין זיי דריקט זיך אויס די קראַפט פונעם קאָלעקטיוו. אמת, אויך דאָ זענען אַמאָל פאַראַן ספיקות, ס׳וועקן זיך אינסטינקטן, ס׳באַפאַלן שוואַכקייטן, און פאַראַן אַ ליבע, וואָס אַמאָל דערהייבט זי און טיילמאָל טעמפּט זי אָפּ און קרימט אויס דאָס לעבן. זאב ברזילי קאָן נישט אוועק פון רבקהן, הגם זי איז שוין לאַנג דאָס ווייב פון זיין אייגענעם ברודער און אַ מאַמע פון אַ דערוואַקסן יינגל. ער איז צוגעבונדן צו איר, אפילו ווען ער ווייזט אַרויס קאַלטקייט און גלייכגילט. בלייבט ער כאָטש וואוינען מיט זיי, „דער דריטער אין חדר״, אַבי צו פילן איר נאָענטקייט. ווען רבקהן געלינגט שוין איבערצורעדן זאבן, ער זאָל פאַרלאָזן דאָס בשותפותדיקע צימער, קומט דער איבערברוך. רבקה זעט באַלד איין, אַז פוןביידע ברידער האָט זי ליב דעם אַלטן בחור זאבן. אין פלוג, דאַכט זיך, אַ געוויינלעכע פאַסירונג און אַ ליבע, איז עס אָבער אָן ספק — קיבוץ־ווירקלעכקייט, געשילדערט אויף דער קאַנווע פון קאָלעקטיווער ווירטשאַפט, פון קאָלעקטיווער זאָרג און בשותפותדיקן שטייגער. ס׳איז גוט, וואָס מאַסטבוים האָט ברייט אַריינגעפירט דאָס דאָזיקע אינטים־מענטשלעכע אין דעם קלאַנג פון אַרבעט אין קוזשניע, רויש פון טראַקטאָר און קלאָגעריי פון שאַקאַלן, וואָס פאַרנעמען אַזויפיל פלאַץ אין די ארץ־ישראל־ראָמאַנען. א שאָד נאָר וואָס עס איז צו ווייניק אַרויסגעבראַכט

געוואָרן רבקהס נשמה־וועלט. דערפֿאַר איז זאב דער סאַמע אָריגינעלער ארץ־ישראל־טיפּ פֿון א בויער אין די קבוצות און קיבוצים, וואָס ראַטעוועט זיך מיט פלאַנצן, מיט אַקערן, פֿון זיין מאָדנער ליבע צו אַ פרוי.

אָבער מאַסטבוים איז אויסן נאָך עפּעס: אָן אַ בפירושדיקער טענדענץ ברענט ער אַרויס אַן אַנדער סאָציאַלן שיכט, וואָס האָט זיך אויך פֿאַרבונדן מיט ערד און לאַנד. דער „פעטער יהונתן", וואָס האָט נאָך אַלע וואַנדערונ־גען, זוכענישן און פּרוּוון, געפֿונען וואָס ער האָט געזוכט — אַ רייך געזינדל, אַ רייכע אלמנה פֿון אַמעריקע, און נאָך יידן און יידענעס פֿון דעם שניט, בויען אויף אַ שכונה, אַ שטעטל מיט קאָמפֿאָרט, מיט עשירות. דאָס געשעפֿט בליט, מ׳קויפֿט אָפּ ביי פֿאַראָרעמטע קאָלאָניסטן באָדן פֿאַר שפּאָט ביליק, מ׳בויט הייזער און מ׳לעבט אין עושר און אין כבוד. אָבער דאָס גאַנצע גליק פֿאַלט איין אין איין נאַכט, ווייל ס׳איז נישט געווען ווער ס׳זאָל אויפֿהאַלטן די רוגזה און דאָס פייער פֿון אַ הייפל אַראַבער.

פֿאַראַן אינעם בוך גוט געשילדערטע סצענעס, ספּעציעל פֿון יענע קרייזן און סביבות, וואָס אונדזער יידישע פּראָזע האָט זיי געשענקט ווייניק אויפֿמערקזאַמקייט. יידן פֿון מאה־שערים, יידיש לעבן אין ירושלימער אַלטשטאָט. מאַסטבוים ברענגט עס אַרויס מיט הייסן אָטעם, אינעם ריטעם און דינאַמיק פֿון זייער אייגנאַרטיק לעבן. געטריי און ברייט איז געשילדערט דער ממונה פֿונעם „כולל" מיט זיינע סעקרעטאַרן און שמשים, מיט זיינע דרשות ביים שבתדיקן טיש, דער „האָטעל"־באַזיצער פֿון אונ־גאַרישן כולל, און זייער אַלעמענס בענקעניש נאָך דער אַמאָליקער פעטער חלוקה...

אינטערעסאַנט און אָנגעווייעט מיט דער זעלבער עכטער אייגנטימלעכער שטימונג זענען די קאַפּיטלען פֿון יידישן אַלט־ירושלים: „געדיכט זענען די געסלעך. געדיכט פֿון מענטשן און פֿון קוישלעך גרינס, פֿון נעכטן און אייערנעכטן, עס שמעקט מיט כל הריחות צוזאַמען און עס רויכערן זיך גע־בראָטענע ניס און קאַשטאַנעס, נאָר דאָס שטערט קיינעם נישט..." „פּלוצלינג זעט מען אָנקומען א יונישן גלח מיט אַ פֿאַרלייגטן צאָפּ. ער איז נישט פרעמד דאָ, ער מאַכט ברייטע שפּרייזן, שיקנדיק זיין פֿאַראַסאָל פֿאָרויס און גייט זיך זיין וועג. נעבן אים זעט מען אַ שייך מיט אַ שנור בורשטינענע קרעלן. ער טאַפּט אויס יעדע קרעל מיט תאוותדיקע פֿינגער און גייט זיך אויך זיין וועג. פלוצלינג ווערט אַ געשריי, אַ טאַראַראַם, אַ

געלאָדענער קעמל איז אַריין צווישן די מענטשן. ס׳איז אַזאַ געוואַלד, גלייך ווי׳ אַ שטיק פייער וואָלט אַריינגעפאַלן. „מאַכטס אַ וואַרע פאַר אַ קעמל״.

„קעץ נעמען זיך פלוצלינג דראפען אויף די ווענט. ווייס נאָר איין גאָט, פאַרוואָס גראָד באַגינען דראַפען זיי זיך אויף ווענט, קריכן, קלעטערן און ס׳רוב אפילו יאָגט מען זיי נישט, וואַרפט מען זיי נישט קיין בעזעמס און שטיקער האָלץ פאַר אויפפרעסן פלייש און פיש. דאָך קלעטערן זיי, רייסן זיך אַרויף צו דער העכסטער מויער, קרעכצן מיאַוקען און וויינען. ווער ווייסט, אפשר בעטן זיי איבער דעם רבונו של עולם פאַר די מאָרדן, וואָס זיי האָבן אויסגעפירט איבער די לעבעדיקע באַשעפענישן ביינאַכט אין דער אַלטשטאָט״.

מיט געציילטע שורות און אין פיינעם ריטעם מאָלט מאַסטבוים בילדער פון דורותדיקע ירושלימער באַווינער, צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן נאָך קיינמאָל נישט פאַרלאָזט די חומות ירושלים, זייער יום־טוב און זייער וואָכעדיקן עול פון פרנסה. די דאָזיקע קאַפּיטלען זענען אָן צווייפל קינסט־לערישע צושטייערן צו דער שילדערונג פון דעם אָקערשטיקן ירושלים.

איז עס באמת פאַרדראָסיק, ווען געציילטע זייטלעך שפּעטער געפינען זיך נאָכלעסיקע, שלאַבעריקע זאַצן און נישט־געאָרדנטע בילדער. ווי למשל:

„דער ממונה האָט גערעדט מיט זיין ציטערדיקן, טרוקענעם קולכל, שטילער און העכער. אַמאָל האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער רעדט פון אַ גרוב אַרויס, אַמאָל — פון ערגעץ אונטער אַ וואַנע, און איינמאָל האָט מען געמיינט, אַז מען שיסט פון ערגעץ״... שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז איין קול פון א מאה־שערימדיקן ממונה זאָל עס באַווייזן אַזעלכע בריהשאַפטן. אַזוי איז אויך שווער צו גלייבן אַז: ...„ער איז אַ מידער געלעגן אָן מחש־בות, ס׳רוב מיט די אויגן צום סופיט און אַ שטילן פייפן מיט די ליפן, וואָס עס דריקט אויס מאָנאָטאָנע טענער״.

די דאָזיקע אָפּגעלאָזענע און פון אונטער דער האַנט גענומענע פאַר־גלייכן, ווי אַ סך סטיליסטישע און שפּראַכלעכע גרייזן, שאָדן דעם ראָמאַן „דער כוח פון דער ערד״, וואָס איז געשריבן מיט יוגנטלעכן אימפּעט, מיט ליבע צום לאַנד און צו די מענטשן אין לאַנד, נאָר מיט צו ווייניק קאָנטראָל איבער דעם אייגענעם לשון.

1957

# מלכה לאָקער

מיט איבער זעקס און צוואַנציק יאָר צוריק איז דערשינען מלכה לאָקערס ערשטע לידער־זאַמלונג און מעגלעך, אַז ווייל ביז דעמאָלט האָט זי כמעט גאָרנישט פאַרעפנטלעכט, האָט „וועלט און מענטש" זיך נאָך בולטער אויסגעטיילט מיט איר אַנדערשקייט, מיט איר שפע פון טעמעס און מאָטיוון, מיט איר אייגנאַרטיק פּרויאיש־דיכטערישן נוסח, אָבער מער נאָך האָט „וועלט און מענטש" אָנגערעגט מיט וויברירנדיקן געדאַנק פון אַן אומרויק פּאָעטיש־אינטעלעקטועלן געמיט.

פון יענער צייט האָט מלכה לאָקער צונויפגעבראַכט אַ צאָל שאַפונגען אויסגעצייטיקטע, אויסגעפורעמטע אין אַזעלכע ניי־דיכטערישע נוסחאות, צו וועלכע אונדזער ברייטע יידיש־שאַפונג איז נאָך קנאַפּ־וואָס געוווינט געוואָרן. זי איז אַ טאָכטער פון דעם היימישלעכן טראַדיציאָנעלן גאַליציע, אַן אָנגעזאַפּטע מיט גאַליציאַנער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, איז זי שפּעטער, מלכה לאָקער, די פרוי פון די גרויסע שטעט, וואָס לעבט זיך אַריין אין פרעמדע שפּראַכן, אין דער ליטעראַטור און קולטור פון פעלקער. אַזאַ און אַזוי איז זי געקומען אינעם יידישן ליד. טיף אין איר האָט זיך אָבער פאַרקליבן די געדעכעניש פונעם פאַרגאַנגענעם יידישן לעבנס־שטיי־גער. די פרומע מומעס און די שיינקייט פון אַמאָליקן רעליגיעז־גייסטיקן משפחה־לעבן, פילט איר אַן מיט אַזאַ אויפריכטיק האַרציקער מעלאַ־ד׳ישקייט און דערמאָנט אַפילו אין אַ שטילער שייכותדיקייט צו דער צאַר־טער פּאָעטין מרים אולינאָווער. צי זאָל זיין אָבער, אַז צוליב איר געפיל פאַר רעליגיעזקייט און סימבאָליק האָט זי אַזוי ווייניק דערזען און דערפילט די געזונט־אויפגייענדיקע יידישע קולטור־דערגרייכונגען? די וועגן, און די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור? אַוודאי האָט מלכה לאָקער, די סענסיטיווע דיכטערין, אויפגעטרייסלט ביז צום יסוד די תקופה פון אונדזער אייראָפּעישן אומקום. איר בוך „די וועלט איז אַן

אַ היטער״ איז אַן אייגנאַרטיק ממעמקים־געקלאָג אויף דער רשעותדיקער וועלט. נאָר אין אַן נישט לאַנג פאַרעפנטלעכטן עסיי אירן וועגן דיכטונג, האָבן מיר נאָכאַמאָל דערפילט, אַז די סימבאָליקער פון אַלטן ענגלאַנד און פון פראַנקרייך זענען איר נאָך נענטער, אַ שטייגער, ווי אונדזער יצחק לייבוש פּרץ.

מלכה לאָקער זוכט אייפערדיק און בריה׳שדיק די פּאַראַלעלן און שייכותן אין די פראַגן און פּראָבלעמען, וועלכע ס׳האָט אַרויסגעבראַכט איר באַליבטער דיכטער אַרטור רעמבאָ, אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס רעמבאָ האָט באַרירט, געפינען מיר שוין אין די לאַבירינטן פונעם זוהר. פאַרשטייט זיך, מלכה לאָקער האָט אַחוץ דעם ווילן אויך די נייטיקע ערודיציע און דעם הוש זיך צו לאָזן אויף קאָמפּליצירטע, נישט אויסגעטראָטענע וועגן. נאָר פון דער אַמאָליקער, האַרציקער יידישער סביבה, פון שטוב און פון יידישן שטייגער ביז צו דער רייפער שאַפערישקייט אירער פון די לעצטע יאָרן, האָט זי משמעות נישט איינגעאָטעמט געוואוג און נישט דערשפּירט זאַט דעם געזונטן קערנדיקן ריח פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור.

ס׳איז אָבער ביז גאָר פאַרדראָסיק, וואָס מלכה לאָקערס שאַפונגען זענען אַזוי ווייניק באַקאַנט דעם ברייטערן יידישן לייענער. אמת, ס׳איז באַוווּסט, אַז ליריק, און דערצו פון אַזאַ קוואַליטעט ווי מלכה לאָקערס, פאַרמאָגט תמיד אַ קנאַפּן און געקליבענעם לייענער, און ס׳איז בפירוש אַ שאָד; די סובטעלע לידער פון בוך „דו״ און די דיכטערישע איבערלעבונגען, וואָס זענען פאַראַן אינעם לידער־בוך „שטעט״, פאַרמאָגן אַזויפיל נייקייט אין קאָליר און פּייזאַזש, אינעם פּאָעטישן אויסדרוק.

אין די ביטערע חדשים פון צווייטן וועלט־קריג, אינעם צאַפּל פון בליץ־קריג אין לאָנדאָן, ווען טעג, וואָכן און חדשים איז מען אָפּגעלעגן אין די באַהעלטענישן, אין די קעלערס פון אַלטע לאָנדאָנער הייזער, האָט מלכה לאָקערן נישט פאַרלאָזט דער שאַפערישער באַגער. אינעם אומרויקן צווישן טאָג־און־נאַכט, האָט זי געאַרבעט און פאַרענדיקט די גרינטלעכע אָפּהאַנדלונג איבער איר באַליבטן דיכטער, אַרטור רעמבאָ. ס׳איז דאָס איינ־ציקע אויספירלעכע ווערק אין יידיש וועגן מערקווירדיקן לעבן און וועגן אויסערגעוויינלעכן שאַפן פון זשאַן אַרטור רעמבאָ. די קאַפּיטלען העלפן נישט נאָר צעגלידערן און פאַרשטיין איינס פון די ווונדער אין דער וועלט־דיכטונג, דאָס מיסטעריעזע אין זיין שאַפן, זיין גליאיקע מחשבה, זיין גאַלי־

קייט אויף דעם סדר־העולם. אין די קאַפּיטלען וועגן אַרטור רעמבאָ האָט מלכה לאָקער אויך אויפגעמאַכט איר אייגענע דיכטערישע וועלט, איר באַנעם און באַציונג צו „וועלט און מענטש", צו יצירה, צום קינסטלערישן וואָרט — געדאַנקען, וואָס האָבן געגעפּלט און באַקומען די דעפינירונג אינעם אויסטייטשן און אַנאַליזירן דעם דיכטער, וועמענס שאַפונג ס'האָט געהאַט אויף איר די שטאַרקסטע השפעה.

און נאָך אַ ווערק האָט מלכה לאָקער געשאַפן אין יענע חדשים, ווען מ'האָט זיך אויסגעבעהאַלטן פונעם פייער, אַ ווערק, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט טרויער און פּיין, און אין וועמענס צאַרטע שורות ס'טראָגט זיך דער טיפער צער און דער וויי־געשריי, אַז „די וועלט איז אָן אַ היטער." אין דער הקדמה פון אָט דעם בוך, ווי אין דער הקדמה צו דער זאַמלונג „שטעט", ברענגט זי געדאַנקען און מיינונגען, וועלכע זענען ווי שטי־מונגספולע אַריינפירן צו איר דיכטונג. אין דער הקדמה צו דעם בוך „די וועלט איז אָן אַ היטער" זאָגט מלכה לאָקער: „...אַ גרויסע דערשראָקענע שטילקייט שפּרייט זיך איבער דער וועלט ווי אַ טויט־ליילעך, שפּרייט זיך און קנייטשט זיך אין יענע טעג פון פאַל פונעם מענטשן. צומאָל ברילט זי, הילכט מיט בייזע אַליאַרמען; אָבער ס'איז שטיל. קיינער שרייט נישט. קיינער איז נישט מרעיש עולם".

מיט איר נטיה צו סימבאָליק און באַאיינפלוסט פון דיכטערישע, מיסטעריעזע אַנונגען, שיילט זי אַרויס, אין אָנבליק פון דעם געשעענעם, און דערזעט קלאָר און דייטלעך דעם תהום און דעם ווייטיק פון דער וועלט און פון אונדזער אייגענעם לעבן.

אין דער חורבן־ליטעראַטור וועט דאָס בוך „די וועלט איז אָן אַ היטער" נאָך אין צייטן שפּעטער דערשאַצט ווערן מיט זיין עכטקייט און מיט זיין שטילקייט. ווייל נאָר אַזוי אינטים און אמתדיק קאָן דערשפירן און אַרויס־ברענגען ד ע ר דיכטער, וואָס האָט דעם אומקום דערזען פון דער ווייט, אָבער אים פאַראייגנט אין זיין האַרץ און וועזן:

איך קען נישט לייענען קיין שום נעמען,
און איך נעם זיך גאַנץ פאַמעלעך שניידן קריעה,
חושך ליגט אויף מיינע ברעמען,
דער בית־עולם איז אַ בלינדער.

ס׳וועלן נישט קלעקן מיינע טעג צו ציילן,
שטיינער וועלן נישט קלעקן פאַר מצבות,
ווו יעדער שריט איז אַ מצבה,
א זכר אויף אַ שליאַך אַ בלינדן,
און ליכט צוקאָפּנס דאַרף מען צינדן.
און איך בין אַלץ נאָך דאָרטן ווו כ׳האָב נעכטן
אָנגעהויבן עולה רגל זיין.

**און די געבראַכטע אורנעס אַש, אַש פון יידן, געברענגטע צו קבורה אין דער אַל־אייביקער ירושלים, צווינגען אויף ווי צו אַ הייליקן נדר פון שווייגן, ס׳ווערט בטל ומבוטל דאָס וואָרט:**

מאַמע, דו האָסט דאָך אוודאי פאַרנומען די שטילקייט,
האָסט זי פאַרשטאַנען?
ווער האָט געטייטשט דיר
די קלאַנגען פון ווייטן,
און יענע וואָס זענען נאָך גאָרנישט דערגאַנגען?
ווי אַזוי איז עס מאַמע, ווען כ׳האָב נאָך פּריילינג געזונגען
און „געבלאָנדזשעט דעם וועג״,
האָב איך גאָרנישט געבלאָנדזשעט
און כ׳האָב ליכטער געצונדן,
און פרום און באַוועגט געגלויבט
אין אַ ווונדער?

**צעשפּרייט איבער לידער־ציקלען און אין זאַמלונגען, זינגט אַרויס אַמאָל זייטיק אומדירעקט און אַמאָל אָפן, פריי און גאַנץ דער ארץ־ישראל־פּייזאַזש, דער מענטש אויפן ארץ־ישראל־פעלד, די גרינע פעלדער פונעם עמק. נאָר איבער אַלץ, שטאַרקער, פולער, חנעוודיקער, איז ירושלים. ירושלים איז בכלל אַ לייט־מאָטיוו אין מלכה לאָקערס שאַפונג. ירושלים פון מיזרח און מערב פון אַלע פיר זייטן, די שטאָט אין דער זוניקייט פון טאָג און אין דעמערונג, די פאַרב פון שטיינער אין קאַיאָר און ירושלימס בערג און טאָל. זעט זי די שטאָט אין איר גרויסן עבר, אין חורבן און אין איר פּראַכט און גלאַנץ. מלכה לאָקער איז צו ווייניק אויסגעבונדן מיטן ארץ־ישראלדיקן**

פאָלקס־מענטש, מיטן בויער און מיט זיינע אויפטוען. דאַכט זיך, אַז זי ווייס צו קנאַפּ וועגן זיינע טאָג־טעגלעכע זאָרגן, וועגן זיינע דאגות און שימחות. און הגם צווישן אירע ארץ־ישראל־לידער זענען פאַראַן געננג לוויטערע בילדער פונעם היינט, פון אונדזער היגערווירקלעכקייט, ציט עס אָבער תמיד אַריבער צו אַ ווייט שטורמיש־פאַרגאַנגענער צייט, צו אַנדערע תקופות און געשעענישן. אויך דאָ איז אונדזערס, אייגנס, מ׳דאַרף אפשר פון דאָרט לערנען, ציען יניקה:

אוּן בערג, אַפילו זיי דערציילן פלאַי־פּלאַים,
מעשהלעך פון טויזנט און איין נאַכט...
הרי אפרים און דער הר תבור
זיי געדענקען דאָס נאָך יענעם דור,
וואָס האָט אין אַ נאַכט
אַ שלאַכט געוווּנען...

און דער ווינט אין עמק איז אַזוי לעבעדיק מיט אָפּפרישנדיקער בילדע־רישקייט:

דאָ ווערט ער צערטלעך מיטאַמאָל.
שטיפט אפילו מיט ציפּרעסן,
אַקאַציעס רייסט ער ממש ביי די האָר,
אַ ריפּן־שטויס דעם יונגן עקאַליפּטוס
און אורן ירושלמי שושקעט ער אין אויער
פאַרשייטע סודות פון אַמאָל.

דער ארץ־ישראלדיקער עבר אינטריגירט מלכה לאָקערן. אין אירע אָריגינעלע ירושלימער מאָטיוון איז עס בפירוש אַ מעלה. קיינער האָט נאָך, דאַכט זיך, נישט אַרויסגעבראַכט אין יידישן ליד אַזאַ פילפּנימדיק ירושלים אַזוי וואַרעם און פאַרביק, אַמאָל טונקל־גרוי, און אַט העל־ראָז און בלוי, ירושלימער בלויקייט. ס׳איז די שטאָט פון איצט, פון נעכטן און פון אייביקן גרויסן עבר:

ביסט רו און באַוועגונג,
זאַמד אין מדבר,

**היים און דויער**

מאָנסטערבערג צופוסנס
די טויערן פון יריחו.
אַ גאַרטל פון געשטיין אַרום די לענדן
פון פאַרמעט דיין שטערן געבלענדט פונעם וויכער.
ביסט יונג ווי אַ כלה אין ליכט פון מאָרגנשטערן
און קאַלט ווי גאָטס צאָרן פאַר דער שלאַכט.

**און ווייטער:**

ירושלים, אַלטע שטאָט, דו ביסט אַלט פון באַגינען,
און זיידיק ווי געזאַנג פון לוויים,
ווייך און געהויבן
ווי דער טאַנץ אין סאַנדאַלן
ראש־חודש נאָכן קרבן,
הייליקע ווי טרערן,
און האַרב ביסטו, ירושלים, ווי תפילות נאָכן חורבן.

**מלכה לאָקער זינגט אַרויס ירושלים מיט דעם געמיט און מיט דער שטי־מונג פון דער אייביקער שטאָט, צוגלייך מיט אָן אַ שיער נייע פּאָעטיש־דורכגעטראַכטע לידער און פּאָעמעס פון אונדזער איצט, ווייל אַלץ רעגט זי אָן צו שאַפונג און באַנייונג, דער קולטורעלער דיכטערין מלכה לאָקער.**

**1955**

# אברהם לעוו

אברהם לעוו געהערט צו די ראשונים. ער געהערט צו יענער קליינער שרייבער־גרופּע, וואָס איז געקומען אין לאַנד מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק. ער איז געווען איינער פון די צוויי דיכטער, וועלכע האָבן פאַרבונדן זייער גאַנג און גורל מיטן לעבן פון קאָלעקטיוו. היינט זענען שוין יידישע דיכטער און יידישע דערציילער היימישע מענטשן אין קיבוץ, אַרבעטן און שאַפן אין קיבוץ, בויען היימען און דערציען קינדער. אָבער אין יענע אייפעריקע יאָרן איז עס געווען אַ ביסל יוצא־דופנדיק, און מיר, די שטאָטישע, האָבן געקוקט אויף זיי מיט דרך־ארץ, ווי זיי וואָלטן אויסגעפירט אַ וויכטיקע שליחות. געווען זענען זיי צוויי: איינער אַ געקומענער פון אַ פּויליש שטעטל (אריה שמרי — וועלכער איז נאָך געקומען מיט יאָרן פריער), און דער צווייטער פון אַ שטעטל אין דער ליטע. און ביידע זענען אַזוי אייגנדיק אויפגעגאַנגען אינעם יידישן ליד מיטן געזאַנג פון אייגענער ערד, מיטן געזאַנג פון אייגענעם שוועל, מיטן ניגון פון שווערער האָרעוואַניע און מיט דער ליבשאַפט צום בוים און צום פעלד.

אין דער יידישער ארץ־ישראל־דיכטונג קענטיקט זיך אַרויס ווי אַ גרונט־שטריך — נאָך פון אירע סאַמע אָנהייבן — די באַציאונג פון דיכטער צום לאַנד און צו די פּראָבלעמען פון לאַנד. אַזוי די צוגעבונדנקייט און באַהעפטונג מיט דער נאַטור און פּייזאַזש. אין קיין לאַנד, דאַכט זיך, ווו ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ יידישע איינוואַנדערונג און ווו ס׳האָבן זיך אויסגעבילדעט גרויסע יידישע ישובים, האָבן יידישע דיכטער נישט אויפגענומען אַזוי ראַשיק און נאַטירלעך דעם כאַראַקטער און קלימאַט, די פאָרמען און קאָנטורן, די פּראָבלעמאַטיק אין וועלכע די נייע ווירקלעכקייט פירט אַריין. יאָרן אויף יאָרן האָבן יידישע דיכטער אין אַמעריקע, אַ שטייגער, זיך געראַנגלט בייצוקומען די היים־ווי־מאָטיוון, די בענקענישן נאָכן שטעטל — מאָטיוון, וועלכע זענען געווען און — גאַנץ קענטיק — נאָך פאַרבליבן

דער אינהאַלט און אָנהאַלט פון זייער שאַפן, בכדי זיך איינצובייסן אין דער אמעריקאַנערווירקלעכקייט. קיינער וועט נישט פּרוּוון אָפּלייקענען דעם באַדייט פון דער שטעטל־טעמאַטיק אין דער יידישער שאַפונג. אַ ליטעראַטור איז דאָך אויפגעבויט געוואָרן גראָד מיט דער בענקשאַפט און אויסגעחלומטקייט. אויך יידישע דיכטער אין ארץ־ישראל האָבן נישט פאַרוואָרפן, חלילה, דעם מאָטיוו פון שטאַם און אָפּשטאַם, מאָטיוון פון אַמאָליקער היים. אָבער דאָ איז פאַראַן אזא נאַטירלעכע המשכדיקייט. נישט קיין ריס, נישט קיין איבערשפּרונג צו ניי־אַנטפּלעקונג, נאָר שטייגערישער גאַנג, המשך און אויפגיי.

איינער פון די סאַמע קענטיקסטע דיכטער אין ישראל, וואָס כאַראַק־טעריזירן און אילוסטרירן שעפעריש אָט דעם באַנעם, איז אברהם לעוו. ער האָט אין משך פון אַלע יאָרן, נאָך ווייט פאַר דעם ווי ער האָט גע־פרעגט: „אפשר וועט די ערד זיך וועקן, און פון פּיין און צער זיך שפּאַלטן, און פאַר אלעמען אנטפּלעקן, וואָס מען האָט אין איר באַהאַלטן?" — אויסגעזונגען זיין פאַראייגנטקייט און פארהיימישטקייט מיט דעם אָרעמען הילצערנעם צריפל, מיט די פאַרטריקנטע וועגן אין גאָרטן, מיט דער איינזאַמקייט אין די שמירה־נעכט און מיט די אַמאָליקע נעכט אין די אָרעמע ווילנער געסלעך, מיט די נעכט אין ראמאַילעס קלויז. דאָס איז נישט געווען קיין געפליגלטע, דיכטערישע איבעררופונג מיט דעם אַמאָל, מיט דעם פאַרגאַנגענעם; דאָס זענען נישט געווען קיין רעמיניסצענצן און רעפלעקסיעס פון יוגנט־יאָרן. גאַנץ און המשכדיק האָט זיך אויסגעוויקלט און אַריינגעוויקלט זיין היים פון נעכטן אין דער היים און סביבה פון איצט.

אין זיין פּאָעמע „לייבל חלוץ", הגם נאָך איינפאַך און פּרימיטיוו אין איר דיכטערישער פורעמונג, שלאָגט זי אָבער אָן אין אַן אויפריכטיקן פאָלקס־טאָן און באַקומט אַ סימבאָלישע אויסווירקונג סיי מיט דער שילדערונג פונעם „בריקעלע וואָס איז געווען צעפוילט און פרוכנע", סיי מיט דער געשטאַלטיקונג פונעם העלד, לייבל חלוץ, וועמען „דער שטורעם אָפּגעריסן אים פון מאַמעס שטיבל" ברענגט אים אַריבער אַהער און ער גלידערט זיך איין „צו באַאַרבעטן דיין ערד מיט ליבשאַפט און כוונה". ליבשאַפט און כוונה צו זיין טאָג־טעגלעכער מי, צו דער דרימלדיקער שטילקייט אין פּרדס, צו זיין געפּילעוועטן גערטל, צו זיין געצעלט. און אַז:

אַ גרויסער שטח ליגט שוין דורכגעאַקערט, אָטעמט פריש
מיט שוואַרצער ערד, מיט פעטע גראָזן.

איז עס נישט בלויז אַ דיכטערישער עלעמענט, נאָר ס׳איז דער לעבע־דיקער אָטעם פון זיין שאַפערישן יסוד. די נאַטור גיט צו זיין ליד עכטקייט, וואָרצלדיקייט, פרישקייט און גרינקייט פון אַרום, אַפילו דער אומעט פון די מידע, פאַרנאכטיקע שעה׳ן פאַרמאָגט די שטימונג און דעם קאָלאָריט פון דאָרף־סביבה. און הגם לעוו איז נישט קיין מאַדים אין מאָלן ברייטע און קאָמפּליצירטע בילדער, איבערציגט ער אָבער מיט אינערלעכער איבערלעבונג, וואָס מ׳פילט אַרויס פון זיין ליד. און מיר גלייבן אים, און זעען צוזאַמען מיט אים ווי:

דער הימל האָט אַראָפּגעלאָזן היינט זיך נידעריק ביי דר׳ערד.
אַ שטורעם בייז האָט דורכגעריסן.
לבנה, ווי אַ קורצע קרומע שווערד —
האָט דורך אַ וואָלקן זיך אַדורכגעשניטן.

אין זיין סעריע „פּרדס־לידער״, ווי בכלל אין זיינע לידער פון ערד און פון היים און פון ליבהאַרציקער פויערישער פּראַצע, שפּירן מיר זיינע לעכצונגען און מחשבות, זיין זאָרג און פרייד. די פרייד פון:

מיין דאָרף האָט קינדערלעך מיט אויגן שוואַרץ,
מיט אויגן בלויע מיט יונגן פיבער,
און אויגעלעך וואָס קריכן דיר אריין אין האַרץ —
און בלייבן איבער.

אָבער מער נאָך ווי די דאָזיקע פרייד און חדווה, באַאיינפלוסט גאָר אָפּט זיינע נאַטור־בילדער די שטילע עצבות, דער שטילער מענטשלעכער טרויער, געפילן פון צער, מיט וועלכע דער דיכטער איז אָנגעפילט. מיר שפּירן דעם געראנגל, וואָס גייט־אָן אין אים. אָט דערזעט ער די שיינקייט און דערהויבנקייט פון נייעם טאָג, ער דערפילט און ברענגט אַרויס פאַר אונדז די פרישקייט פון ארץ־ישראלדיקן פרילינג, די דופטיקייט פון בליאונג, „פון בלימעלעך־פולינקע־בעכער״, נאָר צוזאַמען מיט די:

פעלדער מיט זאַנגען געצייטיקט
זיי ציען אַוועק זיך אין ווייט
און טיף־טיף מיין האַרץ צעווייטיקט,
פון פרייד און פון צער זיך צעשרייט.

אברהם לעווס לידער פון פעלד און קיבוץ, פון שמירה און האַרבער האָרעוואַניע, טראָגן אין זיך די אייגנאַרטיקייט פון ארץ־ישראלדיקן לעבן, טראָגן די באַגערן און שטרעבונגען פון אַרבעטס־מענטש. ער איז נישט קיין נאָוואַטאָר סיי אין דער אידעע, סיי אין דעם סטיל און נוסח פון ליד. אָבער פון זיין ליד גייט אויף די אוממיטלבאַרקייט, קערנדיקייט און עכטקייט פון אַ געזונטן יידישן פּאָעט, וואָס פילט אייגנקייט, היימישקייט און דאָס, וואָס דעם יידישן קינסטלער און דיכטער האָט געפעלט פאַר אַ סך דורות — דאָס געפיל פון אייגענעם באָדן. לעוו מאַניפעסטירט נישט דאָס געפיל, נאָר זיין טאָן און שטימונג קומט פון טיפער און אמתדיקער פאַר־וואָרצלטקייט, פון געטריישאַפט צום לעבן, וואָס ער לעבט, געטריישאַפט און ליבשאַפט צו זיין אַרבעט און סביבה, צום מענטש אין קיבוץ. און אפילו ביז היינט פאַרכאַפּט אים נאָך:

אַ יעדער שטיבעלע אויף ווייס געקאַלכט,
מיט קאַכלנע, מיט רויטע דעכער,
די הויכע פאַלמען־ביימער שטייען אויף דער וואַך
מיט וווּנדער צעבליטע פעכער.

און אוודאי נעמט ער אויף די שיינקייטן, די העל־צעגליטע זון:

די שענסטע צייט פון יאָר איז איצט אין לאַנד.
עס שוימט דאָס קילע ליכט אריבער ברעגן,
עס גלעט די זון, ווי סאַמעטענער געוואַנט,
אַלע וועגן.

נאָר דאכט זיך, אַז אַלע וועגן — זעט ער — פירן צו זיין דאָרף. און טאַקע ווי אַ דאָרפס־מענטש האָט ער זיינע אייגענע באַנעמונגען. משמעות, אַז דאָס זיין ווייט פון שטאָטישן לעבן און שטאָטישן האַרמידער, שאַפט אַ

באַזונדערן אופן פון טראַכטן און רעאַגירן. באַאיינפלוסט מיט דער שטימונג פון יחידישקייט, ווערן אַמאָל געדאַנקען אויסגעברייטערט און פאַרטיפט. און אַמאָל גאָר ווערן די סאַמע אויבנאויפיקייטן מיט אַזויפיל אייפער צעאַרבעט, אַז זיי דערמאָנען די פילאָזאָפישע שמועסן פון ערד־מענטשן אויף דאָרפישע פריזבעס...

פונדאַנעט איז אויך מן־הסתם צו פארשטיין פאַרוואָס ס׳דאָמינירט אַזוי אָפט אין לעווס ליד דער פערזענלעכער מאָטיוו, און גאָר אָפט לידער וועגן לידער, און סטראָפן געווידמעט זיין שרייבטיש. נאָר אפילו ווען ער דער־ציילט אויס די אַלע סודות פון זיין שאַפונג־ספערע (זיינע טראַכטענישן און שטימונגען), בלייבט ער דער דיכטער פון קערנדיקן ערדישן לעבן, מיט דער ערלעכקייט פון פאָלקס־געמיט און פאָלקס־מאָטיוו.

נישט אומזיסט פאַרערט ער אַזוי אַברהם רייזענען, און אַזוי זינגט ער טאַקע צו אים אין זיין ליד („צו אברהם רייזענען״):

און ווייל איך האָב די לידער דיינע טרויעריקע, שטילע
פון מיין קינדהייט אָן געטרונקען,
איז קיין וואונדער וואָס אין מיין ליד און תפילה
גליען צייטנווייז אויך דיינע פונקען.
איצט רייסט זיך דאָ אין לאַנד פון מיר אַרויסעט דיין געזאַנג.

איז עס א געזאנג פון א דיכטער אויף אייגענער ערד, פון אייגענער „היים און פעלד״.

# אריה שמרי

אין יאָר 1937 האָט אַריה שמרי אָפּגעדרוקט זיינע ערשטע לידער. און שוין פון די ערשטע לידער איז קענטיק געווען, אַז הינטער זיי שטייט אַ דיכטער, וואָס טראָגט אחריות פאַרן וואָרט און ווייסט צו וואָס ער שטרעבט און ווייסט צו וואָס ער צילט.

שוין די ערשטע פאַרעפנטלעכטע לידער זענען געווען ווי צייטיקע פּירות. ס׳האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז אריה שמרי איז געקומען צום געדרוקטן וואָרט אָן באַזונדערע חבלי־לידה פון אַ דיכטער. מיר האָבן זיך אָבער שפּעטער געקאָנט איבערצייגן, אַז שמרי איז יאָרן־לאַנג געווען אַ קטיגור איבער זיך אַליין, זיך געראַנגלט כדי צו אַנטפּלעקן דאָס שעפערישע וואָרט.

זיין לידער־בוך „אין טויער פון טעג" איז אַ סך־הכל פון יאָרן אַרבעט. ס׳איז אַ בוך, וואָס דעקט אויף דאָס פּנים און גאַנג פונעם דיכטער. ס׳איז דער גאַנג, דער געראַנגל און די וויטאַליטעט פון אַ יידן אינעם היינטיקן „מידן דור". ס׳איז דער גאַנג פון זיין פרומער שטוב אין קאַלושין, דורך יענע שטייניקע וועגן און איבערלעבונגען, וועלכע האָבן אים געבראַכט צום נייעם לעבן אין קיבוץ „עין שמר", ווו ס׳איז באַשערט אים צו זיין אַ יידישער דיכטער און אַ פּרדס־אַרבעטער. און זיין העלד לייזער ציפּרעס, ווען ער פאַרלאָזט אין מיטן תפילה די ל״ו צדיקים, האָט, משמעות, געוווסט וווהין ער לאָזט זיך און וואָס ער נעמט אויף זיך. און אפשר האָט ער שוין אויך עפּעס פון אַלט־פאָלקישן ביטחון פאַרלוירן:

גענוג דאָס וואַרטן אויף אַ שוועל
מיט געבעט
פאַרטרערט
און נישט דערהערט.
זעט.

אריה שמרי

וועלף אויף וואָלקנס!
און אפשר איז שוין שפּעט?

די וועלף האָבן טאַקע שפּעטער זיך אַראָפּגעלאָזט פון די וואָלקנס, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף יידישן לייב און לעבן, און פאַרצוקט און אומגעבראַכט די דורותדיקע היים...

שמרי ציט די יניקה פונעם לעבעדיקן איצט, פונעם שפּרודלדיקן אַרום. ער האָט אָבער אויך איינגעזויגן די אגדות פון פאַרגעלטע בלעטער, די שטומקייט פון אור־שטיינער און פונעם אַלטן צפת. חיים אלקביץ און דער אר״י הקדוש אָטעמען ביי אים מיט לעבן, זיי זענען אים נאָענט געוואָרן, ווי דער בחור וואָס גייט נאָכן טראַקטאָר, ווי דאָס מיידל אין מאַראַנצן־סאָד, ווי דאָס קינד אין קיבוץ. טיף און אויפריכטיק האָט ער באַנומען דעם קולטור־היסטאָרישן געבאָט: נישט ריס, נאָר המשך — —

זיין ניגון איז אַ שטילער און אַן עכטער, דאָס לעבן אין קיבוץ האָט אַן ספק משפּיע געווען און ווירקט זיך אויס אין זיין צוגאַנג צום מענטש און געזעלשאַפט. דעם דאָזיקן צוגאַנג זיינעם ברענגט שמרי אַרויס אויף אַ זייער איידעלן, שטילן אופן, וואָס איז מסוגל מער אָנצורעגן ווי שטורמישע סאָציאַלע דיכטונגען. אַזאַ איז ער אויך אין זיין ארץ־ישראל־ליד, אין די נאַטור־לידער, וווּ ער איז ביז גאָר סובטעל און איז אָפּגעהיט אין וואָרט און קלאַנג.

ס׳איז נאַטירלעך, אַז ער איז פאַרליבט אינעם לאַנד, אין יעדער מילגרוים פון זיין גאָרטן, אין יעדן בוים פון זיין קיבוצישן פּרדס — און ביינאַכט מיט אַ ביקס אויפן אַקסל איז נישט קיין מליצה, דאָס איז ארץ־ישראלדיקע ווירקלעכקייט. פונדעסטוועגן זענען ווינציק אַזוי ווי ער צונויפגעבונדן מיט די יסורים, פריידן און מיט די שאַפונגען פון יידישן פאָלק מחוץ ארץ־ישראל. ביי דער אַרבעט אין די גערטנער און סעדער אין שרון־טאָל, פרייט ער זיך מיט דער פרייד פון יידישער קולטור־שעפערישקייט. מיט בקיאות און ליבשאַפט קאָן ער שעה׳ן לאַנג רעדן וועגן אַ בוך און וועגן אַ דיכטער, וואָס איז אים געפעלן. שווער צו זאָגן, ווער ס׳האָט געהאַט אויף אים אַ השפּעה. שמרי איז אַן אָריגינעלער דיכטער מיט אַן אייגענעם נוסח און כאַראַקטער, וואָס האָט אַזוי אייפעריק איינגעזאַפּט דאָס גוטע פון דער יידישער וועלט־דיכטונג.

ער איז רויק באַזאַכט, פּאַרטיפט. ס׳מאַכט אָפּט דעם איינדרוק, אַז זיין ליד איז שוין צו רויק. און ווי מאָדנע און סתירהדיק ס׳זאָל נישט קלינגען, וואָלטן מיר געזאָגט, אַז זיין ליד איז שוין צופיל אָפּגעהיט און אויסגעשליפן. ס׳באַקומט זיך טיילמאָל דער איינדרוק, אַז פון צופיל פורע־מען און שלייפן דעם פערז, פיילט שמרי אויך ארויס דאָס נשמהדיקע, דאָס עכטע און דירעקטע, וואָס אָטעמט מיט דעם חן פון ערשטקייט.

אָבער אַ סך פון זיינע לידער באַווירקן אונדז דווקא מיט דעם האַרציקן, וויי־קלינגעוודיקן פאָלקס־טאָן:

דאָס ביסטו, — איך געדענק ביי בעקערייען
עס קומען אָרעמע נשים אַ לעבל ברויט לייען,
בלאַסע, דאַרע פּנימער, די אויגן געלאָשן,
און דו צעפּינקלסט, און יעדער פּינקל — אַ גראָשן,
צוריקוועגס רייסן די קוישן, — און באָרוועסע קינדער
קושן דאָס ברויט אויף מאַמעס פינגער. — — —

„עס קומען אָרעמע נשים אַ לעבל ברויט לייען”. פאַראַן אין דעם אַ מין תחינותדיקער יידיש־טייטש; און אין דעם דאָזיקן טאָן און מאָטיוו געלינגט גראָד שמרין אַרויסצוברענגען די שטימונג פון דער פאַרגאַנגענער יידישער היים, פונעם פאַרשוווּנדענעם נעכטן...

שמריס ראַפינירטער דיכטערישער חוש פילט תמיד ווי אַזוי אויס־צושמידן אַ ליד, ס׳זאָל פאַרמאָגן פּאָעטישע גאַנצקייט. די שטייגערונג פון פערז איז אין איינקלאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער טעמע. ער נעמט קיינמאָל נישט קיין צו הויכן טאָן. זיינע לידער זענען געבענטשט מיט אַ פאַרביקער פּלאַסטישקייט, מיט קאָנדענסירטע דיכטערישע שילדערונגען, באַזונדערס טיילן זיך אויס די ארץ־ישראל־לידער פון דער סעריע „זעגלען און בייטן”:

איינגעהויקערט שלאָפט נאָך יפו,
האַלב־לבנה אויף די דעכער —
ווי אַ טשערעפּאַכע אַ פוילע,
ווי אַ קאָוועגע אַ הוילע,

נאָר דאָרט אין צעשוימטן האָפן —
זינגען זעגלען אין די שוימען
צו דיר, מאָרגנשטערן —
מילגרוים זיסער, קרוין פון אַלע קרוינען.

**און אָט זענען עטלעכע שורות פון „אַ דלאָט אין צפתער בערג״ — איינס פון זיינע שענסטע לידער, ווו דער אַלט־צפתער דאָ רופט זיך איבער מיט נעכטיקן דאָרט:**

איך קען דיך, צפת.
וואַקסט אַריין מיט דיינע הימלען אין אַ פאַרשנייאיקטער גאַס,
ערגעץ ווו, ערגעץ ווייט, צווישן דעכער פון שינדלען.
כ׳האָב נאָך דיינע זמירות געהערט
ווען מען האָט מיך געוויקלט אין ווינדלען.
צו דיר האָט מיין זיידע געזונגען
פאַר נאַכט, ביי צעפינקלטע שויבן.
און איך קען דיינע שטערן
און אויך דיינע טויבן.

**וויפל אַכט און מי ער זאָל נישט לייגן אויף דער דרויסנדיקייט, אויף דער שיינקייט פונעם זאָץ, בלייבט אין זיין ליד מיין און מחשבה. שמרי באַמיט זיך צו דערפירן זיין געדאַנק ביז צום יסוד. און געדאַנקען האָט ער אָריגינעלע און עס פאַרבליבן אָפטמאָל זיינע פּאָעטישע איינפאַלן. עס זענען אויך פריש און אינטערעסאַנט זיינע פאַרגלייכן און מעטאַפאָרן, ווי אַ שטייגער: „מיין לבנה — אַ צעריסן פינצטער פנים פון אַ בעטלער צווישן וועגן״ און „אַ תפילה פון הערצער טוט זיך דערהויבן ווי אַ פולער שעפּ פון קוואַליקן ברונעם״... / „די זון און לבנה אויף איין דאַך, ווי אַ וואָלף מיט אַ שאָף אויפן גראָז״.**

**אריה שמרי איז אין פולן פאַנאַנדערבלי. זיין בוך „אין טויער פון טעג״ איז דער בעסטער עדות דערויף.**

1949

## ב

### „אַ שטערן אין פעלד״

עס איז אונדז שוין אויסגעקומען אָנצווייזן, אַז אריה שמרי איז געקומען אין דער יידיש־שאַפונג אין ארץ־ישראל מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק — געקומען אַ רייפער, אַן אָנגעלאָדענער, מיט וואָרצלדיקער טראַ־דיציע, מיט דיכטערישער קולטור און מיט אָנגעשפּיצטן חוש פון זוכן פּאָעטישן סוד און ניי־פּאָעטישן נוסח. און הגם ער האָט זיך שוין דעמאָלט אַרויסגעקענטיקט, ווי אַ דיכטער מיט אידעע און אייגענעם אויסדרוק, איז זיין נייע לידער־זאַמלונג „אַ שטערן אין פעלד״, בישט נאָר אַ שטייגערונג אין זיין דיכטערישן גאַנג, נאָר בפירוש אַ דערגרייכונג פאַר דער ישראל־דיקער וואָרט־שאַפונג.

אויך זיינע צוויי פריערדיקע לידער־זאַמלונגען „אין טויער פון טאָג״ און „אין וואָכיקן ליכט״ און לאָמיר אויך דאָ דערמאָנען זיין גרעסערע פּאָעמע „לייזער ציפּרעס״ — פאַרמאָגן די גאַנצקייט און געשליפנקייט, אחריותדיקייט פון פּאָעטישן באַנעמען און פילן. קומט אָבער אין דעם איצטיקן בוך „אַ שטערן אין פעלד״ אַ נייע גאַמע פון אוממיטלבאַרע טענער, קומען אויסגעברייטערטע בילדער און געדאַנקען, מאָטיוון און שטימונגען, וואָס וואַקסן אַרויס פון קאָנקרעטע סיטואַציעס, פון עכטע איבערלעבונגען.

מיר באַטאָנען: — די שפּירונגען פון דעם דיכטערס איבערלעבונג, דאָס אוממיטלבאַרע אויפנעמען און אַרויסברענגען בילדער און מחשבות וואָס טראָגן זיך פון די לעצטע לידער — ווי אַ פּאָזיטיווער ווענד אין שמרים שאַפונג, מחמת ביי זיין גאַנצער קענטשאַפט און געניטשאַפט — און אפשר ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל בישט זיין, — מעגלעך אַז גאָר טאַקע צוליב דעם — האָט אין זיין ליד גאָר אָפט געפעלט יענער װאַרעמער הויך, וואָס מאַכט יעדע קינסטלערישע שאַפונג לעבעדיק און באַגלויבט.

עס האָט אָפטמאָל געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיין — לאָמיר זאָגן — אינטעלעקטועלער צוגאַנג און אויסטייטש האָט ווי בכוונה פאַרווישט די שפּורן פונעם נאַטירלעך דיכטערישן נעפּל, וואָס האָט דווקא דעם צויבער פון קינסטלערישער, פול־אָטעמדיקייט און וואָרהאַפטיקייט.

אין דעם פּרט האָט אַריה שמרי אין זיין נייעם לידער־בוך צוריקגעווענדן און איז צוריקגעקומען אויף דעם וועג, נישט אויף אַ וועג וואָס גייט ווי אַן אויסגעטראָטענער שליאַך, נאָר אַ וועג, וואָס ער האָט מיט אַזויפיל יאָך און עול, מיט ציטער און אָפּשיי אַזוי אייגנדיק אויסגעבויט. און עס ווערט זיין שאַפונג נענטער, ווירקנדיקער און אייגנדיקער. עס ווערן די סימבאָלן, די רמזים, די פּאָעטישע אָנדייטונגען — אַזוי בילדעריש נאָענט. זיי עפענען האָריזאָנטן און קוואַלן און דערהייבן מיט דער שיינקייט פון וואָרט און לויטערקייט פון אויסדרוק.

ווי ווייניק ווער האָט אַריה שמרי זיך באַהאָפטן און זיך פאַרבונדן מיט פעלד, מיט רויז און בוים — מיט ממשותדיק ערדיש לעבן. דערפאַר לייכט אַרויס פון פון זיין ליד אַזאַ העלקייט, אַזאַ העלקייט און גלויבן אין מענטש, אין קאָלעקטיוו, אין מענטשלעכער טווּנג און שאַפונג. עס איז דער אָפּטימיזם און גלויבן וואָס קומט־אויף פון דער טיף. דאָס זענען אידעען און מאָטיוון, וואָס זענען געבונדן און וואַקסן אַרויס פון אַן ערלעך האָרעפּאַשנעם באָדן און סביבה. פון דעם — אַזאַ ערלעך געזאַנג צו זיין קיבוץ, צו זיין היים, ווי ער זינגט זיין געזאַנג צו „עין שמר״:

אין דופט פון בוים וועט מיין אומעט נישט האָפטן,
אין ליכט פון בוים וויל מיין שאָטן אויך ליכטן.
קאָרמע מיך פרילינג, מיט דיינע זאַפטן,
מיין הונגער צו זון — מיט בראַנד אויף די ליפּן.
מיין תפילה צו פרייד — דערהויבן פון בראָכן,
טעג העלע, יאַכיקע, טוט מיך פאַרקניפּן
מיט ליכט און מיט דופט, מיט שטראַליקע יאָכן.

שוין פון די דאָזיקע סטראָפן רעדט אַרויס און וויקלט זיך אַרויס אַ צווייטער גרונטיקער מאָטיוו פון שמריס דיכטונג. לאָמיר עס אָנווייזן מיט איין אָקאָרשט געבראַכטער שורה: „מיין תפילה צו פרייד — דערהויבן פון בראָכן״. זיין פרייד פון איצט, די פרייד פון יידיש־פאָלקישער דערגרייכונג איז געטובלט און קומט אויף מיט דעם טרויער און אומעט פון אויסגעלאָשענעם, פאַרפייניקטן יידישן לעבן. הגם אין דער איצטיקער זאַמלונג איז דער דאָזיקער מאָטיוו זעלטענער ווי אין דער פריערדיקער, שפּירט זיך

אויך דאָ דער דינער, ציטערדיקער אומעט און אין שמריס געמייסטערטן וואָרט באַקומט ער אַ באַזונדערע ווערטיקייט, וואָס קריצט זיך איין מיט בילד און געדאַנק:

ניגונים אין מושל, זיך ציען מאַגנעטיש צו מיר.
געשפּאַנט אַלע חושים און איך הער אַ טרער אין געפריר,
די פּעדערלעך־שנייען פון מאַמישן ווייטן אַמאָל —
אין טיגל פון ווייען זיי ווערן אַצינדער קרישטאָל.
ניגונים, ניגונים אין ברוכקלאַנג פון העכסטן אַקאָרד.
אַ ברומען פאַרשטומען פון מאַמע דאָס אור־ערשטע וואָרט.

אָבער מער נאָך ווי אידעע און מחשבה, וואָס איז פאַראַן אין כמעט יעדן ליד שמריס, טאַקע באַזונדער אין יענע, ווו ס׳איז מיט אַזויפיל איידלקייט און לירישער באַטעמטקייט אויסגעבונדן דאָס אַלט־פאָלקישע אין אונדזער ביי ישראלדיק לעבן, באַווירקט שמריס ליד מיט זיין פּאָעטישער שיינקייט און פאַרטיפטקייט. מיט זיין אייגנאַרטיקער בילדערישקייט, מיט זיין אויסגע־בונדנקייט פון לשון און טעמע.

מען האָט שוין נישט איינמאָל אַרויסגעבראַכט שמריס סטיל און לשון ווי דעם וווּנדערלעכן ווונדער פון אונדזער חיותדיקן יידיש — זיצט דאָך דער דיכטער שוין זיבעט יאָרן אין אַ סביבה, ווו יידיש איז נישט דאָס לשון פון אינדערוואָכן און נישט דאָס לשון פון שבת, און דאָך וואָס פאַראַ אויפ־טוערישקייט און מייסטערשאַפט שמרי באַווייזט, וואָס פאַראַ חידושים אין אויסדרוק און אימאַזש ער האָט אַריינגעפירט. אָבער דאָס וווּנדער איז אפשר קיין וווּנדער נישט, ווייל אין שמרין גייט אויף דאָס נאַטירלעכע און עכטע פון יידישן דיכטער אויף דער ישראלדיקער ערד. ווי ער זאָגט עס מיט זיין טיפן גלויבן אין זיין „ווינד און חלום״:

תמיד וועט חלום וויגן די הערצער.
אויך ווען שטאָל וועט פאַרדעקן די לאַנען,
אויך ווען רויך וועט פאַרהילן די דערפער —
וועט נאָך קומען אַ שוועלבל דערמאָנען.

1958

# ה. לייוויק

אין איינער פון די לעצטע שאַפונגען לייוויקס, אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע „אַ חתונה אין פערנוואַלד" טרעפן זיך צונויף, הן בגלוי הן בנסתר, דעם דיכטערס שטרעבונגען און אידעען און דער עיקר דאָמינירט אויך דאָ זיין שטענדיקער טיפער ניגון פון גאולה־בענקשאַפט, פון אויסלייזונג. אין אָט די קאָשמאַרנע, אויפטרייסלענדיקע איבערלעבונגען פון אַן עדה אָפּגעראַטעוועטע פון גאַז־קאַמערן, צעטומלטע, איבעראַשטע און שווער־באַנעמענדיקע, דאָס אייגענע פאַרבליבענע לעבן. ווירקן אויף זיי מאָדנע און אויסטערליש די הכנות צו דער ערשטער חתונה, די ערשטע יידישע חתונה נאָכן טויט־מבול.

בעת זיין באַזוך אין ישראל, אויף אַ שרייבערישן צונויפטרעף אין תל־אביב, האָט לייוויק, רעדנדיק וועגן דעם ווערק, אַרויסגעבראַכט דעם אינערלעכן קינסטלערישן מהות פון דער שאַפונג. „א חתונה אין פערנ־וואַלד" סימבאָליזירט אונדזער אָקערשטיקע תקופה פון חורבן און באַנייונג, פון אומקום און אויפגיי. אויפן מאוימדיקן באָדן פונעם חושך און פאַר־יתומטקייט קומט אויף דער נס, דער נס פון אויפקום פון באַנייט לעבן אויף אייגענער ערד.

שטאַרק און אויף לאַנג איז פאַרבליבן דער איינדרוק און די דערהוי־בנקייט פונעם יידיש־שאַפערישן וואָרט נאָך ה. לייוויקס באַזוך אין ארץ־ישראל מיט צוואַנציק יאָר צוריק. דאָס זענען געווען אויפמונטערנדיקע, יום־טובדיקע טעג, באַזונדער פאַר דער קליינער, דעמאָלט עלנטער יידישער שרייבער־גרופּע אין לאַנד. לייוויק האָט גערופן צו המשך, צו שאַפונג, צו שאַפערישן פאַרמעסט. ער האָט געוועקט דעם ווילן איינצוגלידערן זיך אינעם שווערן ארץ־ישראל־באָדן, אַ באָדן פון רוי ערשט־פעלד. אַ טיפע השפּעה האָבן אָן־ספק געהאַט זיינע דירעקטע באַגעגענישן אין אַלע פּונקטן און ווינקעלעך פון לאַנד. זיי האָבן באַווירקט און באַוויזן צו טראַכטן אַנדערש

אויך יענע, וועלכע האָבן אַזוי ווייניק געוווּסט וועגן די ווערטן פון יידישער שאפונג, פון דער יידישער ליטעראַטור. מ׳האָט אָבער אויך געקאָנט דייטלעך זען די געוואַלדיקע קינסטלערישע נייגעריקייט און ווילן לייוויקס, צו דערקענען וואָס נעענטער און וואָס בעסער דעם ארץ־ישראל־מענטש, צו אַנטפּלעקן דעם כאַראַקטער, אויפנעמען דעם שטייגער, דערקענען דעם פּיאָנער, פאַרשטיין דאָס באַזונדערע, די אייגנאַרטיקייט און אַנדערשקייט פונעם ארץ־ישראלדיקן יוגנטלעכן. בפירוש אַ שאָד וואָס ס׳איז נישט דערשינען אַ זאַמלונג לייוויקס מייסטערישע רעפּאָרטאַזשן פון נאָך יענעם באַזוך. לייוויק האָט אין דער סעריע רעפּאָרטאַזשן (געדרוקט געווען אין דער יידישער טאָג־פּרעסע) אַרויסגעבראַכט אַזוי קלאָר און טיף־מענטשלעך זיינע באַאָבאַכטונגען, איינדרוקן און מיינונגען איבער דעם דעמאָלטיקן ארץ־ישראל. ער האָט דערפילט די יסורים און דעם געראַנגל און געזען די דערגרייכונגען, דאָס געזאַנג פון פאַרוואָרצלטקייט און יצירה.

אין איינעם פון די צוויי לידער־בענד פון לייוויקס געזאַמלטע ווערק איז פאַראַן אַ באַשיידענער ציקל, „דאָרטן ווו די צעדער". מיט דעם דאָזיקן פאָלקסטימלעך־סימבאָליש־נאַציאָנאַלן נאָמען האָט לייוויק אָנגערופן די גרופּע לידער, וועלכע זענען אינהאַלטלעך און אין זייער געמיט געבונדן מיט דער ארץ־ישראל־ספערע. די קליינע צאָל לידער באַווייזן אונדז נאָכאַמאָל לייוויקס טיפע אחריות פאַר זיין אייגענעם שאַפן, זיי באַווייזן, אַז אָנגערעגטע אימפּולסן און שטימונגען זענען נאָך ווייניק, ווייזט אויס, ס׳פאָדערט זיך דורכדרינגען, מיטלעבן — אויסטראָגן און אויסווייטיקן. דאָס, וואָס איז געווען גענוג פאַר זיין רעפּאָרטאַזש און עסיי, איז צו־ווייניק נאָך פאַר אַ גרעסערער דיכטערישער שאַפונג. און זיכער האָט לייוויק שוין בשעתו פאַרטראַכט צו זוכן און פּרוּוון די דאָזיקע פּאָעטיש־שאַפערישע שלימות בעת זיינע ווייטערדיקע באַגעגענישן מיטן לאַנד. אָבער אין דעם כאַרהעלטנישמעסיק קליינעם לידער־ציקל איז פאַראַן אַ שלל פון ארץ־ישראלדיקער פאַרביקייט, דער אָפּקלאַנג פון דורותדיקייט און פונקט אַזאַ פאַרשטענדעניש און ליבשאפט פאַרן נייעם העזהדיקן פאַרמעסט. די פאָרעם פון אָט דעם ציקל לידער פאַרמאָגט אַ רייצנדיקע קערנדיקייט, אַן אָנגעלאָדענע מיט דעם ריטעם פון יענער ארץ־ישראל־צייט. און יענע צייט איז געווען פול מיט דראַנג צו בויען און באַנייען, געאָטעמט מיט גרייטקייט און עקשנות, מיט באַגער צו באַפרייאונג. און דאָך אין אַלע

**סטראָפעס, אין די אויסגעשמידטע פערזן שפּירט זיך לייוויקס אויפציטער ביים באַטרעטן די ערד, ביים אָנבליק פון גלבוע־באַרג, צי ביים דערזען דעם קעמל־קאַראַוואַן — איז עס „וווּנדער איבער ווּנדער״:**

איך שפּאַן איבער ערטער,
ווּ אַ פוס האָט זעלטן געטראָטן, —
איך גיי אין אַ שליחות:
איך טראָג אויף די ליפּן ווערטער,
וואָס זענען פאַרטרויט מיר געוואָרן.
איך בין דער שליח פון ווערטער,
וואָס ליבשאַפט און פרייד
געמישט מיט טרויער און לייד
האָבן היינט אין באַגינען געבוירן,
איך טראָג און איך טרוי — אָן די ווערטער
דעם וועג און דעם שטיין,
דעם באַרג און דעם שטראָם,
דעם בוים און דעם שוואָם,
איך פיר־אויס מיין שליחות מיט ציטער
פון אַ נדר פאַרשוווירענעם היטער.

**ווער נאָך אַזוי ווי לייוויק, ביי וועמען די בענקשאַפט און דער באַגער פון אויסלייזונג איז דער לייט־מאָטיוו פון אַלע שאַפונגען, און די דער־וואַרטונג פון פולער וועלט־ און מענטש־גאולה איז אַזוי גרויס, קאָן זיין אַזוי אוממיטלבאַר ביים דערפילן אונדזער טראַגיש־העראָישע פאַר־גאַנגענהייט און דעם אויסגעראַנגלטן היינט.**

**אין דעם באַקאַנטן ליד „אויפן באַרג שייך א־ברעק״ איז ענג צונויפגע־בונדן די פאַרהערלעכונג פונעם חלוצישן בויער, פונעם דרייסטן שומר, און די ליבע און וואַרעמקייט פאַרן געשיכטלעכן אַמאָל, פאַרן לויטערן און אָנגעלאָדענעם עבר אויף דער זעלבער ערד. און אַז אַלעקסאַנדער זייד פאַלט פון אַ פאַרבלאָנדזשעטער קויל, איז עס:**

דריטער גאָרן — העלע גרוב —
שמעקט מיט וואַרעמקייט פון שטוב,

און דער זאַמד פון שײַך א׳ברעק
דעקט צו זיידן מיט אַ דעק.

בילדעריש און ביז גאָר שטימונגפול איז דאָס ליד „פּאַסטעך שאול״, ווען דער דיכטער דערזעט אויף די וויסטע, שטיינערנע גלבוע־בערג. די טראַגישע און ראָמאַנטישע געשטאַלט פון פּאַסטעך און קעניג, וועלכער ליגט דאָרט אַ דורכגעשטאָכענער, ווערט דורך דעם דיכטער דער פּאַסטעך גערופן, זאָל ער קומען פּיטערן די שאָף אין טאָל. די סטאַדע לעמער וואַרט:

צו עין־חרוד וואָס ליגט צופוסן
פון באַרג גלבוע — טראָגט מיין וואָרט
אַזאַ געזאַנג פון בלוט און גרוסן,
וואָס שלאָגט פון שאולס לעצטן וואָרט.
זיין גורל שטאַרבן אָנשטאָט זיגן:
ניט רוף עס שטאַרבן, רוף עס שלאָף
צו וואָס דורכגעשטאָכענער ליגן,
ווען אונטן וואַרט א סטאַדע שאָף?
אויף באַרג גלבוע טאַנצן שטערן
אַרום דיין גוף אַ קאַראַהאָד,
און אונטן קוקן צו און הערן
די נייע זין פון עין־חרוד.

די נייע זין פון עין־חרוד האָבן טאַקע לייוויקן צוגעגעבן אַ היפּש ביסל ביטחון. ער האָט דעם גלויבן אין זיי געוואַרעמט אין די ביטערע יאָרן, וואָס זענען גליך אָנגעקומען. ער האָט געוווסט די שטילקייט פון אילת־השחר און די זוניקייט פון די דגניות, די גרינקייט פון עמק און די זאַפטיקייט פון גליל. אָבער באַלד טאַקע נאָך דעם זוניקן ציקל, „דאָרטן ווו די צעדער״ קומען די „היטלער־נעכט״־מאָטיוון און אַ ביסל שפּעטער — די טראַגיש־אויסגעוויטיקטע „אין טרעבלינקע בין איך נישט געווען״ און נישט לאַנג צוריק די אַ ביסל־טרייסט־זוכנדיקע „חתונה אין פערנוואַלד״.

דאָס אויסגעקעמפּטע און באַפרייטע יידישע לאַנד, האָט באַווירקט די יידישע שאַפונג מיט אַ נייעם טאָן, מיט אַ נייעם ליד, דער מלכות־ישראל־מאָטיוו האָט דערנענטערט פאַרפאַרעמדטע, האָט דערוואַרעמט אייגענע, האָט געשטאַרקט און באַפליגלט. לייוויק איז געקומען נאָכאַמאָל ווי אַן אייגענער, זענען ליב געוואָרן זיין זאָרג און זיינע פאָדערונגען, איז זיכער באַרעכטיקט געווען זיין ציטער און מורא פאַר דער געשטאַלטיקונג און פאַר דעם גייסטיקן המשך פונעם פאָלק אין זיין מדינה. ער האָט דערזען דאָס, וואָס איז אין משך פון אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר דאָ אויפגעקומען, נאָך אַזויפיל פּיין און יסורים, אויסדויער און האַרטן ווילן. רופט עס דען נישט צו נאָך מער אחריות? צו פאַרזיכטיקייט, צו גרייטקייט און וואַכיקייט? בפרט, אַז איצט קאָן ער דעמזעלבן אויפציטער ווי אַמאָל נישט האָבן ווי ער האָט עס געהאַט ביים באַטרעטן ירושלימער אַלטשטאָט, ביים אָנקוקן די שטיינער־וואַנט, דעם „כותל":

איך זע צום ערשטן מאָל דיך,
און איך וויל דיך אָנרירן
מיט מיינע פינגער,
און —
איך ריר נישט אָן,
ביסט אַלט צוויי טויזנט יאָר,
און איך — נישט יונגער.

ווייל איצט איז:

אַלטער טרויער שלאָפט
מיט שטויב און זאַמד
אַ פאַרשאָטענער —
אין די שטיינער־שפּאַלטן
פון דער עלנט־וואַנט
דער פאַרבאָטענער.

אָבער ס'טרייסט אויך און באַרויקט דאָס געמיט דער אימפּעט און

**דער ריטעם פון בוי און אַרבעט, עקשנות און אידעאַליזם, וועלכע לייוויק האָט אין יענע טעג יאָ געפונען:**

אויפן הר־הכרמלס רוקן
וואַקסן נייע, ווייסע שטיבער —
אויסגעשטרעקטע, און זיי קוקן
גלייך צום ים און ווייט אַריבער.
דאַכט זיך — וואָס? ווי אַלע שטיבער.
פענצטער, טירן און באַלקאָנען,
אָבער אַז דו זאָגסט עס איבער
נעמסטו וווּנדערלעכס גאָר אַנען.

**וויפיל טיף־מענטשלעכע און יידיש־פאָלקישע פשטות און דערהויבנ־קייט עס ברענגט מיט זיך אָט די לעצטע סטראָפע, ווו לייוויק פרעגט אַזוי איינפאַך. דאַכט זיך — וואָס? און הייבסט אָן צוזאַמען מיט אים צו פילן ווונדער פון באַשאַף, די גרויסקייט פון אויפקום, די חשיבות פון זעלב־שטענדיקייט, און דעם באַטייט פון קיבוץ־גלויות. גייט אויף אויך זיין ניגון „צו אַ תימנער אין אַ לאַגער פאר עולים":**

פון כנפי־נשרים צו לאַגערשע זאַמדן,
בייטאָג אונטער זון
און ביינאַכט אונטער קעלטן, —
דו שטייסט און דו זאָגסט
ווי אָט נאָר וואָס ביים לאַנדן:
ישראל, ווי שיין זענען דיינע געצעלטן.

— — — — — — — —

פון אַלע אין לאַגער
ביסטו דער געלויבטער,
דיין מאָגערער גוף,
אין צעלעכערטער טראַנטע,
פאַלט צו צו דער ערד,
צו דער ליימיק צעשטויבטער

און קנעט זי מיט פּיס
און מיט פינגער צעשפּאַנטע.

אַ שטאַרקע איבערלעבונג און אויפריר איז געווען פאַר אים די באַגעגעניש מיט דער משפחה גובר אין כפר־וואַרבורג, מיט דער מאַמע פון די צוויי זין, וועלכע זענען געפאַלן איינער נאָכן אַנדערן און ליגן איצט באַהאַלטן אין זייער דאָרף, ווו זיי זענען אויפגעוואַקסן און געפּרילינגט. און רבקה גובר, די שטאָלצע היינטצייטיקע מאַמע, וואָס האָט געהייליקט דעם אָנדענק פון אירע זין אין די אויסגעקריצטע יידישע בעכערס — — :

די מאַמע וואָלט קענען
די בעכער די צוויי
ביז איבער די ברעגן,
פאַרטרינקען מיט טרערן,
זי וויל אָבער בעסער,
להיפוך איר ווײ,
זיי זאָלן דעם יום־טוב
פון פסח געהערן.

ס׳אָטעמט אין לייוויקן מיט לעבעדיקן ארץ־ישראל־אָטעם. אין זיין דיכטערישן מהות האָט ער אויפגענומען אונדזערע זאָרגן און אונדזערע שימחות. ער גייט מיט דעם ישראל־גאַנג אפילו ווען ער איז איצט מיילן־וויט פון אונדז. ממעמקים, פון אויפריכטיקער נשמה־איבערלעבונג האָט ער געשריבן די שורות פון זיין געזעגענונג־ליד:

שטיל דערווייטערט זיך דער חיפהער האַפן
ישראל־ברעג אין אָוונטשיין פאַרגייט —
דאָסמאָל אין שלוס — אַ בריק צו נייבאַשאַפונג,
דאָס מאָל איז אָפּגאַנג — המשכדיקע פרייד.

ס׳איז די פרייד פון אַ סך, וועלכע ער האָט באַגעגנט אין די לאַגערן „מיט דער שארית הפליטה”, פון די געשטאַלטן אין „אַ חתונה אין פערנוואַלד” — און ס׳איז לייוויקס אייגענע פרייד.

1957

## ב.

### „אויף צאַרישער קאַטאָרגע״

„ערגעץ ווייט, ערגעץ ווייט
ליגט דאָס לאַנד דאָס פאַרבאָטענע״.

אָט די דאָזיקע זעונג האָט לייוויק אַרויסגעבראַכט מיט יאָרצענדליקער צוריק. אין דעם איז דאָך געלעגן דאָס טרייסט־געפיל, וואָס איז אויפגעקומען אינעם דיכטער צוזאַמען מיט די שניידיקע און יסורימדיקע שפּירונגען און שטימונגען פון זיינע „אויף סיבירער וועגן״, פון די וועגן אויף וועלכע דער דיכטער איז געגאַנגען, וועגן, אָנגעזאַפּטע מיט יסורים און פּיין, מיט דעם קלאַנג פון קייטן און מיט בלוט פון געשמיסענע לייבער, וועגן, אויף וועלכע עס האָבן געטראָטן מאַרטירער און טרוימער; רעוואָלוציאָנערן און העלדן, וועגן, אויף וועלכע עס האָט זיך געשפּרייט שרעק און אכזריות...

דאָס איצטיקע, נייעסטע בוך לייוויקס, וואָס איז דערשינען אין ישראל „אויף צאַרישער קאַטאָרגע״, קערט אונדז נישט נאָר אום צו דעם דיכטערס ערשטע יאָרן, צו זיינע יאָרן פון קאַטאָרגע און פאַרשיקונג. צו דער תקופה פון גרויסער האָפענונג און רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, נאָר אָט די באַשרייבונג קאָן אונדז דינען ווי אַ שליסל צו דער קאָמפּליצירטער און מאָטיוון־רייכער שאַפונג פון דעם וואָרט־מייסטער.

„איך וויל — זאָגט לייוויק — דורך דער דערמאָנונג, וואַרפן כאָטש אַן אָפּשיין פון גורלדיקייט אויף די נסיונות, פאַר וועלכע עס שטייט דער היינטיקער מענטש אין תוך — די אייביקע מענטשלעכע נסיונות״.

אָט די אייביקע מענטשלעכע נסיונות, דאָס איז דער תמצית פון בוך, און דאָס אפשר האָט באַווירקט לייוויקן צו שרייבן איצט די דאָזיקע טראַגישע און דערהויבענע עפּיזאָדן פון זיין לעבן פון מיט פופציק יאָר צוריק.

לייוויק האָט די דאָזיקע מאָטיוון נישט איינמאָל אַרויסגעבראַכט — אָדער ריכטיקער געזאָגט — די דאָזיקע טענער און געפילן גייען דאָך אַדורך ווי דער לייט־מאָטיוו אין אַ סך פון זיינע לידער און דראַמעס. און

**שוין ווי אין דער ערשטער גרעסערער שאַפונג, וואָס ער האָט אויפגעשריבן אין זיינע ערשטע טורמע־יאָרן די פּאָעמע „די קייטן פון משיח". זאָגט ער:**

דיינע פיס זענען שוין אינגאַנצן פאַרשמידט,
איצט קאָנסטו עפענען דיינע ביידע ברעמען,
וועסט זיין אויף שטענדיק באַשיצט און באַהיט,
און פון היינט אָן וועסטו אַליין שוין פאַרנעמען
די פיין פון דער וועלט, און אַליין זי טראָגן
מיט גרויס געדולדיקייט שטיל און באַשיידן.

אָ, ווען וועט שוין קומען פון גאולה דער טאָג?
פון גאולה דער טאָג וועט זיך מוזן פאַרזאַמען,
ווייל מענטשנס האַרץ איז נאָך פול מיט שלעכטס
וועלן אַלע ליידן מיט דיר צוזאַמען.

פיר יאָר קאַטאָרגע, טורמע און שפּעטער פאַרשיקונג. שוין אין זיין ניינצן־צוואָנציק־יאָריקן עלטער טרעפט זיך לייוויק אָן מיט דער רשעות, מיט דער פאַרטאַיעטקייט פון רוצחים און באַנדיטן און אין די זעלבע קאַמערן פון בוטירקי, אין די זעלבע קאַרצערס און די זעלבע שמיץ און שטראָפן קריגן דאָך אויך די, וואָס האָבן אַזוי אייפעריק געחלומט פון אַ נייער, פרייער, יושרדיקער וועלט... און מאָדנע, אויך אינעם רוצח געפינט ער אָפט אויס מענטשלעכע טענער, מענטשלעכע טווּנגען און געפילן. ווער איז דער, וואָס איז מיט אים צוזאַמען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין דעם פינצטערן קאַרצער און געפירט מיט אים אַזאַ מאָדנעם וויכוח וועגן לעבן און מאָרד, מאָרד און רציחה איבער אויסדערוויילטע, וועגן דאָסטאָיעווסקיס ראַסקאָלניקאָוו, וואָס איז אין זיינע אויגן אַ מערדער אַ קאַליקע? און ער, דער רוצח, באַציט זיך צום יונגן יידישן דיכטער און רעוואָלוציאָנער אַזוי מענטשלעך און וואַרעם און לאָזט אים איבער זיין כאַלאַט, וואָס פאַר דעם אַליין דערוואַרט אים פונדאָסניי שטראָף און קאַרצער. און וואָס איז קאָלאָדניקאָוו, דער פערד־גנב און רויבער? און ווער איז באַסאַנאָוו, וואָס האָט אויסגעהרגעט אַ יידישע פאַמיליע, טאַטע־מאַמע און צוויי טעכטער און איצט גייט ער אַרום מיט דער עוואַנגעליע אין קעשענע און פּרעפּלט

אָן אויפהער, פּרעפּלט תפילות צו דעם „ביינטן אין קאַמער", דער פרומער איקאָנעלע ?

און וואָס זענען זיי אַלע, און ווי קומען זיי אַלע אין אָנבליק פון די טיפע נשמה־געראַנגלען פון די יונגע און אין יסורים זיך פּייניקנדיקע : רודניצקי, און עליק שטיין און דער טאָלסטאָיאַנער רודין ? אָט די אַלע, וואָס האָבן געחלומט דעם שיינעם כישופדיקן חלום פון אַ באַפרייטער רוסלאַנד, פון אַ באַפרייטער וועלט ?

אוודאי אויך ביי די איז פאַראַן אַמאָל יאוש און ספיקות און עגאָיזם — און ווי כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין דיכטערישן באַנעם, זאָגט עס לייוויק : „און — דאָס מענטשלעכע אין דעם מענטש סיי דאָס גוטע, סיי דאָס שלעכטע, איז ערשט אין אַזאַ אויסטערלישן צוזאַמענלעבן ניכר געוואָרן ביז צו דער שאַרפסטער נאַקעטקייט. און די נאַקעטקייט — אַי זי גרוילט דיך אויף, אַי זי נעמט דיך אַמאָל דורך ווי אַ העלזעערישקייט. קוקסט אין דעם מענטשן ווי אין אַ פינצטערן גרוב אַריין, און אַמאָל — ווי אין אַ געשליפענעם שפּיגל, אין ביידע פאַלן זעסטו אָפּט זיך אַליין. און דו קלאָגסט איבער זיך אַליין און דו שפּרייטסט פליגל איבער זיך אַליין"...

איבער די צענדליקער און הונדערטער דראַמאַטישע און פאַרכאַפּנדיקע פּאַסירונגען און סצענעס, איבער דעם שלל בילדער און טיפּן, וואָס לייוויק ברענגט אַרויס איבער די וועגן צו אייביקער פאַרשיקונג, אויף די וועגן קיין סיביר און תפיסות, די וועלט פון קאַטאָרזשניק, דעם סדר און שטייגער פון יענע־צייטיקע משפּטים און טורמע־רעזשימען, גייען אויף און ווירקן זיך אויס דעם דיכטערס מחשבות און מעדיטאַציעס וועגן די ליידן פון יחיד, זיין ראָל און זיינע האַנדלונגען. זענען אַזוי אויסגעקייטלט עפּיזאָדן, שילדערונגען און דערציילונגען מיט דער מחשבה פון דיכטער, וואָס קאָן אין זיין טיף־מענטשלעכן טרויער אויסשלאָגן מיט העלקייט און צינדן די אידעע פון נאַציאָנאַלער און וועלטישער דערלייזונג.

און נאָכדעם ווי דער אַרעסטאַנטן־עטאַפּ נאָך לאַנגטאָגיקן גאַנג, דער־שלאָגט זיך איבער דעם סיבערער טייך לענאַ — צו דעם פאַרוואָרפענעם סיבירער דערפל וויטיס, אַן אָנגעזאָפּטער און אַ דורכגענומענער מיט אַלע געזעענע און דורכגעפילטע אכזריותן אין אָט דעם ווייטן און וויסטן סיבירער עק, פילט עס דאַן א ז ו י דער יונגער רעוואָלוציאָנער און פּאָעט

לייוויק: „איצט איז די שיין געוועז שוין גאָר אַ ריינע, אַ רויקע, אָן צומיש פון נאַכט־שרעקן, איך בין געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ און געהערט אַן איידעלע מוטער־שטימע, אַ נאָענטן ווידערקלאַנג פון אַ געזאַנג".

דאָס איז דאָס געזאַנג, וואָס לייוויק טראָגט עס גאַנצע פופציק יאָר, דאָס געזאַנג פון גלויבן, דאָס געזאַנג פון דערוואַרטונג

דאָס איצטיקע בוך „אויף צאַרישער קאַטאָרגע", וואָס דערציילט אונדז פון אַ שטורמיש פאַרגאַנגענער תקופה, פאַרמאָגט אין זיך סיי דאָס קרעפּ־טיקע לייוויקישע וואָרט, זיין דורכגעטראַכטקייט און פּאָעטישע פילן, סיי דעם גייסט פון יענער מסירת־נפשדיקער שליחות.

## א. סוצקעווער

ווען סוצקעווער איז אָנגעקומען אין לאַנד, אלס איינער פון די ערשטע, אָדער טאַקע דער ערשטער יידישער דיכטער, וואָס האָט מער נישט געקאָנט איינזיצן אויף די חורבות און געפאָלגט דעם רוף פון אונדזער בלוטיקן אויפקום — איז נאָך קיין יידישע מדינה נישט געווען פּראָקלאַמירט, און הגם אונדזער באַפרייונגס־קאַמף האָט זיך שוין געפירט, האָט זי נאָך געטראָגן דעם מער באַשיידענעם נאָמען „געשעעניש". ווען די מדינה איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, — טאַקע דעם אייגענעם פרייטיק ווען דאָס איז פאָרגעקומען, דעם אייגענעם פרייטיק, ווען יפו איז פאַרנומען געוואָרן, איז אין דער שכנישער העברעישער שטאָט תל־אביב, אַרויסגעגאַנגען סוצקעווערס „געהיימשטאָט", דאָס ווונדערלעכסטע בוך וועגן דער תקופה פון אומקום, ווו דער אויפקום איז שוין אָנגעזאָגט, אָנגעצייכנט.

איצט איז זיך שווער פאָרצושטעלן סוצקעווערן אָן דער „געהיימשטאָט", אָבער אויך אָן דעם איז זיין פּלאַץ אין דער יידישער דיכטונג געווען אַ סך מער ווי אַן אָנזאָג. נישט אַלץ איז דערגאַנגען קיין ישראל, וואָס סוצקעווער האָט געשריבן און פאַרעפנטלעכט אין די פריערדיקע צייטן. עס איז אָבער געווען געענוג, כדי מיט זיין אָנקומען אין לאַנד זאָל זיך אָנהייבן אַ ניי קאַפּיטל אין דער ארץ־ישראלדיקער שאַפונג אויף יידיש, און א נייע ווענדונג צום יידישן שאַפן און צום יידישן שרייבער און דיכטער אין ארץ־ישראל. צוגע־האָלפן האָט דערצו אויך זיין דורכגעמאַכטער לעבנס־וועג, זיין אויסגע־טראָגענער גורל און דאָס אוממיטלבאַרע אַרויספילן זיין דיכטערישע פערזענלעכקייט.

זיין לעבנסוועג איז מערקווירדיק און נישט־געוויינלעך; פון זיין ליטווישער היימשטאָט דורך אַ קינדהייט אין סיביר — צו אויפבלי און רייפקייט אין דער אַלטער און פאָלקסטימלעך יידישער ווילנע. — יאָרן פון צוגרייטונג, נייע אַספּיראַציעס און באַגערן, נייע אידעען און פאָדע־

רונגען. „יונג־ווילנע" קאָנדענסירט דאָס יידישע וואָרט, זוכט נייע וועגן אין יידישן ליד. סוצקעווער ווערט דער זינגעוודיקסטער און צומייגנסטן שפּראַך־מייסטערישער דיכטער צווישן יונגע יידישע פּאָעטן אין פּוילן. עס שאַפט זיך דאָס אייגנאַרטיקע, קאָלירפולע און רייכטאָניקע לידער־בוך „וואַלדיקס". די יאָרן זענען שוין אָנגעזאַפּט מיט אימה, די וועגן פאַרלייגט מיט פּורעניות, דאָס פאָלק באַגרייפט נישט דאָס אומבאַגרייפלעכע, וואָס איז שפּעטער אַזוי אימפּעטיק אָנגעקומען, אָבער אינעם יונגן דיכטער, רעגט אָן, עגבערט עס, גרייט אים צו. דאָס דיכטערישע פאָרגעפיל גרייט אים נישט בלויז צו זיין דיכטעריש אויף דער הייך פון דער קומענדיקער צייט, נאָר ווי אַ דיכטער שמידן זיין גאַנג און גורל.

אין דער חורבן־ליטעראַטור פון אונדזער אומה וועט סוצקעווערס דיכ־טערישער אויפטו אין דער „געהיימשטאָט", אין דער „פעסטונג" און אין די אַנדערע וואַלד־ און געטאָ־דיכטונגען, זיכער פאַררעכנט ווערן צווישן די סאַמע מערקווירדיקע מקורותדיקע דערגרייכונגען פון יידישן שאַפן.

האָט מען געקאָנט טראַכטן: ווי אַזוי וועט סוצקעווער, נאָך אַזעלכע איבערלעבונגען, נאָך אַזעלכע דערגרייכונגען, זיין בכוח, און אַזוי גיך, אויפנעמען דאָס נייע, דאָס ארץ־ישראלדיקע, דאָס דינאַמישע און נאָך נישט געפורעמטע? צי וועט ער געפינען דעם פאַרבונד צווישן נעכטן און היינט, צווישן נעכטן און מאָרגן?

און אָט איז אַרויס זיין צווייט בוך אין ישראל — „אין פייערוואָגן", און עס איז אַ בוך פונעם נעכטן און פונעם היינט־און־מאָרגן. ישראל און דער בלוטיקער נעכטן אין איין באַנד. האָט דען געקאָנט אַנדערש זיין? אוודאי, אויך די נייע לידער פונעם נישט־ווייטן אַמאָל זענען אַנדערש, טראָגן אויף זיך שטריכן פון דעם נייעם לעבן. אָבער אָן אַ ספק נייער, פרישער זענען סוצקעווערס ישראל־לידער, די לידער פון דאָ.

ניי און אַנדערש איז סוצקעווערס צוגאַנג צו ארץ־ישראל. פריש אין וואָרט און אין פאָרעם און אַנדערש איז זיין ארץ־ישראל־פּייזאַזש. פון סוצקעווערס צענדליקער ארץ־ישראל־לידער זינגט אַרויס נישט בלויז אַן אייגענער פרישער טאָן, נייערט די גאַנצע טעמאַטיק האָט ער באַנומען טיפער און אַנדערשדיק. אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר האָבן יידישע דיכטער אין לאַנד צוגעטראָגן אַן אָריגינעלן און וואָגיקן ביישטייער צום אוצר פון דער יידישער דיכטונג, אַ סך וואָגיקערן ווי מ'האָט ביז איצט

דערשאַצט. עס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן די איבערלעבונגען, די וואָר און די וויזיע פונעם מענטשן און די געראַנגלען פון לאַנד. סוצקעווער איז אַרויף אויף אַנדערע וועגן. ער האָט אויסגעזוכט פאַרבאָרגענע, קוים באַ־טראָטענע ווינקעלעך און מקומות און נישט געבליבן אויף דער פלאַך פונעם היינט, נאָר בפירוש אַרויסגעגראָבן דיכטעריש דורות און תקופות, ווי פאַרגאַנגענע דורות וואָלטן אים איינגערוימט סוד־סודות און באַפוילן אים אויסצוזינגען שטיקער עבר אין דעם יידישיסטישן יידיש־לשון.

פונוואַנען אַזאַ אוממיטלבאַרקייט צו לאַנג אָפּגעלאָפענע תקופות און געשטאַלטן? פונוואַנען די היימישקייט אין דער סביבה פונעם צפתער פייטן נאַדזשאַראַ, צי פונעם מקובל חיים וויטאַל, אָדער דאָס דערפילן דעם ספרדישן חכם נסים לאַניאַדאָ צי דעם תימנישן פאָלקס־דיכטער שלום שבזי? דאָס איז סוצקעווערס ווונדערלעכע טיפע יידישקייט און אייגנאַר־טיקער קינסטלערישער דרך. די שיינקייט און פאָלירטקייט פונעם פערז הייסט נאָך מער אויסברייטערן און פאַרטיפן דעם געדאַנק, און דערלאַנגען צו דער מקורותדיקער קאַנווע, אויף וועלכער לאַנדשאַפט איז איינגעוועבט געוואָרן אין לעבן.

מיט איבער פיר צענדליק יאָר צוריק האָט יהואָש, איינער פון די ערשטע, אַריינגעבראַכט ארץ־ישראל־מאָטיוון אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע. פאַראַן אַ געוויסע בולטע שייכות פון סוצקעווערס שאַפן צו יהואָשעס לעצטע דערגרייכונגען אין דעם לידער־בוך „זון און נעפּל". ווי יהואָש בשעתו, ברענגט סוצקעווער היינט נייע בילדער און אימאַזשן מיט נייע געדאַנקען און פאָרמען, אי יידישע, אי אוניווערסאַלע, פאַרשטייט זיך, מיט מער וויטיק פון יידישן גורל, מיט מער פרייד איבער דער יידישער דערהויבונג, שוין אָפּגערעדט פון דעם, וואָס דאָס לשון פון אונדזער דיכטונג איז דערווייל רייפער און אוסגעשליפענער געוואָרן, און סוצקע־ווער געפינט אַזאַ אייגנאַרטיקע שפע פון חידושים און אָריגינעלע פּאָעטישע פיינקייטן.

וויפל קענטשאַפט אין נייע אומבאַקאַנטע ספערן פון שטייגער עס איז דאָ שוין אין איינער פון זיינע ערשטע ישראל־שאפונגען — די צוואה פון נסים לאַניאַדאָ! וואָסער דערגייין צו דינסטע ניואַנסן פון אַ ויהי באחרית הימים, וויפל שיינקייט, כאַראַקטער און דערהייבונג עס שטעקט אין דעם אָנזאָג:

און אויף מאָרגן — אויב נאָר קיין מלחמה
וועט ניט שפּאַנען איר הייסן חמסין,
ווען אַוועקפליען וועט מיין נשמה
צו גענאָדיקער וואָגשאָל פון דין —

אייער טאַטע און עלטסטער פון ספרדן
האָט די לעצטע בקשה צו אייך:
מיין געביין זאָלט איר נעמען צום ירדן
און עס זיבן מאָל טובלען אין טייך.

אויב מלחמה, צי עמעץ וועט קראַנק זיין,
אָדער וואַסער וועט פעלן אין לאַנד —
וועט אייך דעמאָלט מיין זעלביקער דאַנק זיין,
ווען איר זענט מיך מטהר אין זאַמד.

וויפל זיסע לירישע מעלאָדיע אין די „גלעקלעך פון קעמלען", וויפל שטימונג אין „ביי נאַכט אין עין־דרור" ווען „שאול רייט אַוועק אויף נעפּלען... איבער פעלדזן גראָע — ", און יענע ליטעראַרישע שילדערונג „אויפן וועג צום כותל מערבי", ווו דער אייביקער ייד זיצט אין שטילער דערוואַרטונג:

אויפן וועג צום כותל מערבי,
אין אַ ליימיק־ליגנדיקן ברונעם,
זיצט אַ ייד באַוואַקסן ווי אַ סאָווע
און ער קריצט אַ בעכער.
די ניגונים
פון די שטומע ליפּן טוען פרעגן
ביי דעם וואָלקן, וואָס באַשיצט די דעכער,
ווען זשע ע ר וועט אָנקומען אַנטקעגן?
און דעם ענטפער קריצט ער אויפן בעכער.

סוצקעווער האָט נישט גענומען פון גרייטן, נישט קיין מאָטיוון, נישט קיין טאָן, נישט קיין נוסח. ער האָט אייגנדיק דערפילט און איינגעטעמט, אַליין זיך אַריינגעלעבט אין די טענער און פאַרבן פון לאַנד, מיט זייער ליכט און שאָטנדיקייט. עס האָט באַווירקט זיין פאַנטאַזיע דער

פאַרוואונדעטער סאָלדאַט אין צפת, ס׳האָט אים באַהויכט מיט א זעלטענער שטימונג דער אָנקום פון בבלישע יידן, און דער יוסטער, אַלטער בוים, וועמענס וואָרצלען עס האָבן געהאַט דעם כוח דורכצוהאַקן דעם פעלדז, דערפירט אים צו אַ פרישער, ביז איצט אומבאַקאַנטער נאַטור־שילדערונג. און אויך אין דער רחבות פון מידבר, אין דער אכזריותדיקייט, ווילדקייט פונעם נגב, האָט דער דיכטער געפונען און אַנטפּלעקט דאָס שיינע, דאָס דערהויבענע, אין אַלץ און אומעטום אָפּגעוואָרפן דאָס אומנייטיקע און געגאַנגען צום סאַמע עצמדיקן. זיינע לידער פון נגב זענען מערקווירדיק, גאָר אַ ניי פרשה אין דער יידישער, און אין דער העברעישער דיכטונג. דאָ האָט די פּאָעטישע וויזיע ערשט רעכט צעשפּרייט אירע פליגלען. סוצקעווערס קינסטלערישער מעטאַפאָר, דער טיפער בליק מיטן פרעכטיקן יידישן לשון גיסן זיך צונויף. דער „סקעלעט פון אַ שיף״, וואָס איך וויל דאָ ציטירן, איז אפשר נישט דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע פון דעם זעלטענעם ציקל „לידער פון נגב״, אָבער די קראַפט פון בילד און שטימונג איז דאָ אַזעלכע, אַז ס׳איז שווער זיך אָפּצוזאָגן גראָד פון דעם:

באַצויגן מיט מושלען, קאָראַלן, פּאַליפּן, —
סקעלעט פון אַ שיף, נאָך געמייסטערט פון שלמהן.
דער שטורעם באַלעבט זי מיט ימיקע ליפּן,
איז בענקט זי פון ים־ברעג צו ימיקע שוימען.

אַ מאַסטבוים אין ווינט איז פון אויבן די פּאַלמע!
ס׳באַוועגן זיך קעפּ, די געביינען — געשלאָסן.
מ׳באַוועגט זיך די שיף... און — רבונו דעלמא —
צוריק האָבן אויפגעלעבט אירע מאַטראָסן.

זיי פּאַטשן די רודערס אין זאַמד ווי אין וואַסער,
אַנטקעגן — דער ים־סוף, בלויז עטלעכע שפּאַנען.
דערשוווּמען? דער גורל איז תמיד אַ שפּאַסער:
זי בלייבט אויפן זעלביקן אָרט ווו געשטאַנען.

נאָר בארג בלייבט באַרג „און דער גורל איז תמיד אַ שפּאַסער״.

דער עבר איז פֿאַרבונדן מיט לעבעדיקער וואָר, און אונדזער הײַנט איז ווי אַרויסגעוואָקסן פֿונעם עבר, פֿון דער טראַגישער, העראָישער פֿולפֿאַר־ביקער פֿאַרגאַנגענהייט אונדזערער. אַזוי זענען אויך זײַנע צײַט־לידער פֿון ארץ־ישׂראל.

האַרציק און פֿול מיט אַלט־ייִדישן חן זענען די שורות אין „אַ תּפֿילה אין מלחמה־צײַט", ווו די ליבע און צוגעבונדנקייט צום לאַנד לייגט אַרײַן דער דיכטער אין דער פֿאָרעם פֿון אַ תּפֿילה:

באַקרײַן זיי מיט קלוגשאַפֿט: ניט גלוסטן
די שליסלען פֿון פֿרעמדע ממשלות.
און קלאַפּן אין זייערע ברוסטן
זאָל נאָנטקייט צום ברודער אין גלות.
געדענקען: זיי האָבן אָנוסטן
געוואַלגערט זיך אויך ביי די פֿאָלעס.

ווייל זע: פֿון ניו־יאָרק ביז באר־שבע
די יאָרצײַטליכט ווערט ניט פֿאַרלאָשן,
די גאווה צעווינטיק ווי פֿלעווע
און זאָל ניט פֿאַרבלענדן קיין גראָשן.
באַוויליק די צינגער אַ טבע
ניט וואָלוול צו מאַכן דײַן לשון.

ווי דורות וואָלטן אַרויסגערעדט פֿונעם ייִדישן דיכטער.

1948

ב.

„אָדע צו דער טויב"

די זאַמלונג „אָדער צו דער טויב" איז סוצקעווערס זעקסטע לידער־זאַמלונג, וואָס איז דערשינען אין לאַנד. פֿיר אין ייִדיש און צוויי אין העברעישער איבערזעצונג. אין די דאָזיקע פֿיר לידער־ביכער: „געהיים־

שטאָט״, „אין פּייערוואָגן״, „סיביר״, און איצט „אָדע צו דער טויב״ אַנט־פלעקט זיך נישט נאָר אַ שפע פון פּאָעטישער פּאַרביקייט, קינסטלערישער ראַפּינירטקייט, נאָר אויך דער מערקווירדיקער וועג, וואָס דער דיכטער איז אַליין דורכגעגאַנגען.

פון זיין ליטווישער געבוירנשטאָט און דאַן אויף יענע ווייטע פּאַר־שנייטע פליינען, ווו „דורכגעשטרייפט מיט בליציקע קרישטאָלן צאַפּלט דער אירטיש אין האַלבער וואָר״ פון „סיביר״ און זיין טאַטנס „שפּילן לוי יצחקס ניגון אויף אַ פידעלע פּאַרנאַכט״ האָט נאָכמער פּאַנאַנדערגעוויגט זיין קינדערשע פאַנטאַזיע, זיין וויזיע — צו זען און שוין באַנעמען די וועלט אין אויסערלעכער פּראַכטיקייט און אינערלעכן גורל.

די טויב, וואָס איר שטיל פלאַטערן שפּירן מיר אין סוצקעווערס לידער, איז נישט גראָד קיין פּאָעטישע סימבאָליק, ס׳איז אפילו נישט נאָר די דערמאָנונג אַז אין כותאָר „אויפן פּיצל בוידעם וואָרקען טויבן אויס מיין פּנים״. ס׳איז עפּעס אַזאַ טיפע און זעלטענע ליבשאַפט צו אָט דער תמימותדיק־האַרציקער און טרייסטנדיקער צעפליגלטקייט. ס׳איז די ליבשאַפט צו שיינער און עמקותדיקער פּאַרטראַכטקייט און צום פלאַטערן איבער די ווייטקייטן, הייכענישן. אַפילו אין זיין געזאַנג „צום טאַטן״ דערציילט ער אים: „טאַטע, נאָכן שליטן מיט דיין אָרון נאָכגעלאָפן בין איך דיר, כדי אָנצוזאָגן ערגעץ דיין זיכרון מיט אַ טויב אין בוזעם ווייס ווי שניי״. אויך אין יענע יסורימדיקע חדשים און יאָרן, וואָס האָבן זיך שפּעטער אַראָפּגעלאָזט, האָט סוצקעווער געפילט, געפילט און געהאָפט, אַז ס׳איז נאָך נישט אומגעקומען און פּאַרטיליקט געוואָרן די שטילקייט און די דערבאַרעמדיקייט פון יענע גוטע אָנזאָגער, פּאַר די, וועלכע טראָגן טרייסט און האָפענונג אין דעם טראַגישן צעפּייערטן דור. האָט ער דאָך אַמאָל אָפּגעמאַכט מיט אָט דער טויבגע־שטאַלט: „מיין ליבינקע, בין איך דיר טייער, קום, אַז אַמאָל כ׳וועל דיך רופן אין רעגן, אין שניי און אין פּייער״.

צי איז זי געקומען אין פּייער? צי האָט זי געשטרעקט די הילף אַזוי ברייט און רחמימדיק ווי דער דיכטער האָט עס דערוואַרט, ווי דאָס פּאָלק האָט עס דערוואַרט? אַ שלל פון בילדער און אימאַזשן פון טענער און געדאַנקען האָט געבראַכט פּאַר אונדז דער דיכטער פון יענע צעפּיבערטע טעג, טעג פון אימה און דערוואַרטונג.

אין דער איצטיקער זאַמלונג קערט זיך סוצקעווער אום צו יענער נישט־

ווייטער גרויליקער וואָר. צי זיי בליצן אַרויס, מיט דער שניידיקער טראַגיק פון די קאָמפּליצירטע, געשליפענע לידער אין זיין „אָדע צו דער טויב", צי ער דערציילט עס אין זיינע „קורצע באַשרייבונגען", אָט די קורצע באַשרייבונגען, אין וועלכע ס'האָט זיך אויסגעפורעמט און זיך מזווג געווען אַ נייער נוסח פון פּראָזע־תוכן, און פּאָעטישן שוווּנג.

פּאָעטישע פּראָזע אָדער פּאָעזיע אין פּראָזע איז נישט קיין נייע פאָרעם אין דער ליטעראַטור. אָבער דאָס כאַראַקטעריזירט לחלוטין נישט די באַשרייבונגען, ווי סוצקעווער ברענגט זיי אין דער סעריע „גרינער אַקוואַריום". אָט די קורצע באַשרייבונגען פאַרמאָגן גראָד אַ ברייטע און טיפע טעמאַטיק אָבער זייער קאָנדענסירטקייט, זייער ריטעם און שפּראַכלעכע אָנגעשפּאַנטקייט אָטעמען מיט מקורותדיקייט און פרישקייט, פאַרכאַפּן מיט דער נייקייט פון וואָרט און מחשבה, מיט די מערקווירדיקע פאַרגלייכן און מעטאַפאָרן. אָפּטמאָל ווערט אפילו שווער נאָכצוגיין אויף אָט דעם צעהיצטן, צעפליגלטן וועג, וועלכן דער דיכטער האָט אויסגעפלאַסטערט. דאַרף מען אויף אָט דעם וועג גיין לאַנגזאַם, לאַנגזאַם און מיושבדיק איינזאַפּן יעדע שורה פון „גרינעם אַקוואַריום", ווייל יעדע שורה איז בילד און געדאַנק און מיין און אויסדרוק פון צייט און גורל, ווי ס'האָט זיי געזען און באַנומען איינער פון די אייגנאַרטיקסטע דיכטער פון אונדזער היינטצייטיקייט.

דער אינהאַלט פון די קורצע באַשרייבונגען איז די געטאָ־צייט, געטאָ־פאַרלויפעניש. אויך אין אָט דעם מבול פון יסורים און פיין טיילן זיך אויס פאַסירונגען און געשעענישן און מאָדנע זאָרגן און באַזאָרגטקייטן פון מענטשן. נאָר נישט דאָס איז דאָס עיקרדיקסטע אין סוצקעווערס קורצע באַשרייבונגען. די חורבן־ליטעראַטור האָט שוין אויסדערציילט און וועט נאָך מסתמא עד סוף כל הדורות אויסדערציילן די איבערלעבונגען אין יענער קאָשמאַר־צייט. סוצקעווער האָט געזוכט אין זיינע באַשרייבונגען אַרויסצוברענגען זיין אייגנדיקע שטימונג און שפּירונג פון די טעג, ווען אין זיין קליינעם חדרל האָט ער זיך דערפילט „ווי די ענגגענדיקע צונג אין אַ גלאָק, אַ ריר, אַ צאַפּל — און דער גלאָק וועט זיך באַלד צעקלינגען". איז עס אַ ברויזיקער, גליאיקער און צוגלייך שניידיק־שטילער קלאַנג, דער אָפּהילך פון יסורימדיקן, אָקערשטיקן נעכטן.

ווי אין אַלע סוצקעווערס שאַפונגען, וואָס זענען אינהאַלטלעך געבונדן מיט דער אומקום־צייט, העלפט אונדז אויך דאָ די אַטמאָספערישע ראַם,

וועלכע ער בויט אויס, בעסער צו פאַרשטיין די האַנדלונג און וואַנדלונג פון געשטאַלט און געשעעניש. און הגם ער טוט עס אַזוי בצימצומדיק, שפּאָרזאַם און איינגעהאַלטן, איז אָבער פול זיין יעדער וואָרט און קלאַנג מיט דער טראַגיק פון דאָרטן. אַמאָל טוט ער עס אַזוי איינפאַך, מיט אַזאַ גרויליקער פּשטות: — „אין ערשטן מלחמה־טאָג האָט זיך אַ דריי געטאָן ס׳רעדל. אַ שפּליטער פון אַ באָמבע האָט געטראָפן איגנאַצן אין קאָפּ". אַפילו אין אָט דעם קורצן זאַץ קומט צום אויסדרוק דער פאַר־נעם פון דער פאַרלענדונג. און נישט בלויז פון דעם יחיד, דעם גביר פּאָזנאַנסקי, וועגן וועמען ס׳דערציילט אים איצט זיין נאָך לעבנגעבליבענע פרוי פעליציע, די אַמאָליקע מיליאָנערשע, וואָס זעט איצט אויס ווי אַן אַלטע בעטלערין, נאָר אינעם קליינעם חדרל „באַלייכט דער זונפאַרגאַנג אירע קנייטשן מיטן ליכט פון גרינע גליווערם. זי ווערט דינער, איינגעשרומפּענער און זעט אויס ווי אַ מומיע פון אַן אַלט־עגיפּטישער פּרינצעסין". אָט די פּרינצעסין איז עס געקומען צו דעם דיכטער אין יענער שעה פון טאָג, „אין דער פויזע צווישן טויט און טויט, ווען ס׳קיניגט דער הונגער אין זיין פולער סקעלעטישער גלאָריע", איבערצוגעבן דעם דיכטער דאָס געשריפט פון איר אומגעקומענעם מאַן, דעם אַמאָליקן מיליאָנער, וואָס פאַר זיין אויסהויכן די נשמה האָט ער פאַרשווירן: „פעליציע, טייערע, זע צו ראַטעווען מיין ווערק, אין דעם איז מיין גאַנץ לעבן, מיין עולם־הזה און עולם־הבא — — — "

אויך דאָ ברענגט אַרויס סוקצעווער דעם עלעמענט, וואָס איז אַזוי ניכר אין אַ סך פון זיינע שאַפונגען פון דער חורבן־טעמאַטיק, דעם עלעמענט פון גלויבן, בפרט דעם גלויבן אין גייסטיקער און קינסטלערי־שער ווערטיקייט, ס׳איז נישט בלויז אינטערעסאַנט, נאָר טאַקע באַדייטיק, אַז בעת אין דער יידישער דיכטונג, בפרט אין דער גרויסער, יידישער אַמעריקע, זענען אַזוי קענטיק די יאוש־שטימונגען און געפילן פון אָפּהענטיקייט, איז גראָד ביי אים, דעם דיכטער, וואָס איז דורכגע־גאַנגען דעם בראַנד־וועג און דערהערט דעם בלוטיקסטן געשריי פון אונדזער דור, נישט פאַרמינערט געוואָרן זיין גלויבן אין דער וויטאַליטעט פון מענטש און אין דער שליחות פון וואָרט. דערפאַר אויך אַזאַ פאַר־שטענדעניש און וואַרעמקייט — אַפילו אויך אין די גרויליקע געטאָ־טעג —

פאַר די געפילן פון מאַן און פרוי, פאַר די געפילן פון קאָפּלען, וואָס טראָגט דאָס טויטע ייִנגל אויף די פּלייצעס צו דעם מאָנאַסטיר־מיידל אורשוליאַ. דערפאַר באַמקעס קוש אין צעפּאַלענעם רויטן ליים פונעם הויז, ווו זיין בלימעלע איז געבוירן געוואָרן. און וויפל אמתדיקער, יוגנטלעכער ציטער איז פאַראַן אין די רייד, מיט וועלכע ס׳רעדן זיך איבער צאַלקע מיט שיינדעלען, שטייענדיק אין די קוימענס פון ביידע זייטן גאַס. ס׳איז אַזאַ אויסטערליש בילד, וואָס נאָר מיט דער קראַפט פון סוצקעווערס שילדע־רונג זעען מיר זיי מיט דעם אָטעם פון לעבן און ליבשאַפט, מיט דער תמימות און שיינקייט פון יונגע אין דעם צעבלוטיקטן אָרום.

ווי אַריינגעפּאַסט אין דער פאָרעם זענען די פאַרגלייכן, די מעטאַפאָרן ווי גליאיקע, בליציקע איידלשטיינער. און הגם זיי זענען אַלע געבונדן און פאַרבונדן מיט דעם תוך און מיט דעם נוסח פון די באַשרייבונגען, לעבן זיי עפּעס זייער אייגן לעבן. יעדע שורה — אַ בילד פאַר זיך, מיט אייגענער באַדייטונג און מאָנונג.

לאָמיר עטלעכע אַזעלכע ציטירן:

„פון טיכעלע — די גסיסה פון אַלטן פאַרפום", „דער מייסטער איז בלייך, ווי דער שטויב פון קאַלאַפּאָניע אונטער די סטרונעס". ווען אַפילו צוויי נעכט קענען זיך מסתמא קיינמאָל נישט אָנטרעפן, פאַרמאָגט דאָך דיכטערישע שיינקייט אַזאַ שורה: „זיי האָבן זיך באַגעגנט ווי צוויי נעכט און זייער שטיינערנע בלינדקייט האָט אַרויסגעשלאָגן פונקען". שילדע־רונגען פון ליבע־אויסברוכן איז טאָקע אַלט ווי די וועלט, אָבער אַז „אירע ליפּן, שפּיציק־וואַרעמע שפּריגנען איבער זיין בייניקן פּנים, ווי פייגעלעך וואָס קאָנען נאָכנישט פליען — איבער דערנער", איז געוויס ניי און פּיקאַנט. אָט די פאַרגלייכן האָבן דאָך אַזאַ אינערלעכע שייכותדיקייט צו דעם אינהאַלט, צו דער אַטמאָספער פון דער באַשרייבונג. און: „פאַר אים אַ מגושמדיק ברייטע גאַס אָן אַ לעבעדיק הויז ביי די קאַנטן, און איבער איר מאַרשירן די נייע סאָלדאַטן מיט אַן אָרקעסטער, וואָס דערלאַנגט אַזאַ מעשענע מוזיק, ווי דונערן וואָלטן טאַנצן אויף אַ חתונה".

די „קורצע באַשרייבונגען" מיט זייער אייגנטימלעכן טאָן און דינאַמיק, זענען אָן ספק אַן אָפּפרישונג און אַ דערגרייכונג אין דעם נוסח וואָס הייסט פּאָעטישע פּראָזע.

אין דעם בוך איז נאָך פֿאַראַן אַ גרעסערע סעריע לידער א. נ. „העל־פֿאַנדן בײנאַכט״, לידער פֿון אַפֿריקאַנער טיפּאַזש, דזשונגל־געשטאַלטן, גלויבונגען, שטייגער, ליבע און זיטלעכקייט. סוצקעווער האָט צו דער דאָזיקער ווייטער און פֿרעמדער מיליע זיך באַמיט צוצוגיין ווי אַן אייגענער. אונדז איז אָבער נישט מעגלעך צו אורטיילן ווי ווייט געטריי ס׳איז אַרויסגעבראַכט אָט די קאָמפּליצירטע ספֿערע און סביבה און אויף וויפֿל דאָ האָט אויפֿגעטאָן סוצקעווערס בריהשע, מייסטערהאַפֿטע פֿעדער.

1956

# ש. בערלינסקי

בערלינסקי האָט לעצטנס געשריבן קורצע בילדלעך, מיניאַטורן — אַזעלכע רעפלעקסיווע מיניאַטורן — אין וועלכע ס׳איז אַמשטאַרקסטן ניכּר זיין שרייבערישע נטיה: די נטיה צו שילדערן. זיין טעמאַטיק איז אַ געוויינ־לעכע. ער זוכט נישט צו איבערראַשן, ער נעמט נישט זיינע בילדלעך און סקיצן פון ראַשיקע און רוישיקע פּאַסירונגען. אינעם צעשריגענעם און צעוויכערטן לעבן אונדזערן, געפינט ער אויס דאָס שטילע און מענטשלעכע, דאָס רויקע און פּאַרטראַכטע — די פּאַרטראַכטקייט אין וועלכער אַ שטימונגס־מענטש פּאַלט אַריין ווען ער זעט די צעגליטע זון, סוף־טאָג, קוקט אין צעגרינטן שפּיגל פון ים; ווען ער קוקט נאָך דעם אַלטן מאַן אויף זיינע לעצטע שפּאַצירן; ווען ער באַטראַכט שפּילעוודיקע קינדער אין אַ מעברה, קינדער פון יידישע עדות און שבטים, איינגעשלאָסענע אין אַ קאַראַהאַד — אַ „מלכות פון קינדער״, און בערלינסקי פּילט אַרויס, „אַז פון דעם ראָד דרייט זיך אַרויס אַ פּאָלק, אַ פּאָלק אויף זיין באָדן״.

בערלינסקי דערציילט אַ סך וועגן קינדער — קינדער פון יידישער אָרעמקייט. ער דערציילט וועגן זיין אייגענער קינדהייט, פון זיין היים און סביבה אין אַן אַמאָליקער פּוילישער פּראָווינץ־שטאָט. זיין באַרימט בוך „אַ לעבן גייט אויף״, וואָס איז דערשינען עטלעכע יאָר פאַר דער מלחמה, איז אַן אומעטיק און האַרציק־לויטער געזאַנג פון אַן אָרעמער קינדערשער וועלט; פון אַ היים אַן אָנגעזאַפּטער מיט דחקות און זאָרג, פון גאַסן און הייזער מיט יידישן עלנט אָבער מיטן טיף־יידישן ביטחון. פאַראַן אַ סך אויטאָביאָגראַפיע אין בערלינסקיס דערציילונגען: זיין טאַטע־מאַמע־שטוב, די שטימונג און די סביבה פון זיין קינדהייט ברענגט ער אַרויס אין דעם אייגנאַרטיק־קינסטלערישן ווערק „אַ לעבן גייט אויף״.

אויף אָט דער טעמע איז, כּידוע, פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור אַ גרויסע צאָל ווערק. ס׳איז ביז אַנומלט שיער־נישט געווען איינער פון

די עיקר־מאָטיוון אין דער יידישער שאַפונג. יידישע דיכטער און דער־ציילער האָבן מיט אַ סך אייפער אויסדערציילט פון דער שטעטלשער ספּערע, פון זייער משפחה־היים, וועגן טיפן און געשטאַלטן, ווי זיי האָבן גע־ווירקט און באַווירקט זייער יוגנט. בערלינסקיס דערציילונג „אַ לעבן גייט אויף" טיילט זיך באַזונדערס אויס נישט נאָר מיט דעם אומעט, זאָרג און עול מיט וועלכן זיין קינדהייט איז געווען אָנגעזאַפּט און דורכגענומען, נישט נאָר מיט דער שטייגער־שילדערונג אין דעם הויז פונעם בייזלעכן טאַטן, דעם מעקלער ביי פּריצים, און דער האַרציקער מאַמען, וואָס טוט אַלץ בכדי אויסצובאַהאַלטן די שניידיקע דחקות פון אַ פרעמדנס אויג. די אַנדערשקייט פונעם ווערק ליגט קודם־כל אין בערלינסקיס קרעפּטיק מאָלערישער שילדערונג, אין זיין אייגנדיק בילדערישן סטיל, אין זיין קערנדיקער און מייסטעריש־צוגעקליבענער שפּראַך. בערלינסקי געפינט תמיד דאָס פּאַסיקע וואָרט, דאָס פּרעציזע און דאָס וואַרעם־פאַר־ביקע וואָרט. אין „אַ לעבן גייט אויף" האָט ער אַריינגעפּירט און זיך דערגרונטעוועט צו אַזאַ שפע פון פּאָלקסטימלעכער שפּראַכיקייט, אויס־דרוקן און אידיאָמען, אַז שוין דאָס הויכט אָן דאָס ווערק מיט געזונטער קוועליקייט, מיט קינסטלערישער פרישקייט.

ס'איז געווען פון גרויס באַדייטונג, וואָס „אַ לעבן גייט אויף" איז איבערזעצט געוואָרן אויף העברעיש און איז געבראַכט געוואָרן פאַרן היגן לייענער, ווייל פון אָט דעם בוך ווערט אַזוי קאָנטיק אַ גרויסער שטח פון אונדזער אָקערשטיק פאַרשוווּנדענעם לעבן דערזעלבער פאַרלאַג — „עם עובד" האָט אַרויסגעגעבן נישט לאַנג אַ צווייט בוך בערלינסקיס, אַ זאַמ־לונג דערציילונגען „ירח אדום". אין דער זאַמלונג קומען אַריין שאַפונגען פון פאַרשידנאַרטיקן מאָטיוו און אינהאַלט. אויך דאָ קומען דערציילונגען פון זיין קינדהייט און יוגנט, פון היים, פון היימישער וואָכעדיקייט און יום־טובדיקייט, דערציילונגען פון יידישן חורבן, מלחמה־גרויל און וואָגל־יאָרן און אין ארץ־ישראלדיקע דערציילונג.

בערלינסקיס דערציילונגען פאַרמאָגן צוויי עיקרדיקע מעלות. די ער־שטע איז דער פיינער סובטעלער טאָן, וואָס באַגלייט זיין שאַפן, און די אַנדערע איז די קאָנצענטרירטקייט, וואָס איז דאָ אין זיין דערציילונג. דער איידעלער און דינער טאָן איז פאַראַן אַפילו אין יענע דערציילונגען, ווו דער סיפּור־המעשה איז דווקא פול מיט ביטערע מעשים און פאַסי־

רונגען. און בערלינסקי גיט אונדז נישט בלויז דאָס אויסערלעכע פון די פּאַסירונגען, — אין דינע אָבער בולטע שטריכן ברענגט ער אַרויס דאָס תוכיקע, סיי פון די געשעענישן, סיי פון זיינע געבראַכטע טיפּן און געשטאַל־טן. אין די אַכצן דערציילונגען פון דער זאַמלונג באַקענען מיר זיך מיט אַ גרעסערער צאָל מענטשן אין פאַרשיידענע באַדינגונגען און צייטן. ער האַנדלט זיך נישט מיט קיין מהותדיקע און פּסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען, אָבער פון זיינע אַלע דערציילונגען שפּירט מען אַרויס אַ געניטן און גוטן דערקענער פון מענטשלעכן כאַראַקטער און פון מענטשלעכן גייסט. ס׳איז ביז גאָר אינטערעסאַנט זיין אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג „תורשה״, וואָס זי גיט אונדז, אפשר, אַ שליסל צו דערקענען דעם באַנעם און דעם כאַראַקטער פון דערציילער, מיט דער שרעק וועלכער ער האָט נאָך גע־פילט אין זיינע יונגע יאָרן, — אַ שרעק אַז ער ירשנט פון זיין טאַטן די אונטערטעניקייט צו שטאַרקערע פון אים, די אונטערטעניקייט צו גבירים און פּריצים און די הנאה, וואָס זיין טאַטע האָט געהאַט ביים דערנידעריקן און מבטל מאַכן שוואַכערע און קלענערע פון אים.

מיר ווייסן נישט אויף וויפל בערלינסקי האָט טאַקע געירשנט אַזאַ נטיה, אָבער אין די דערציילונגען, ווו ער שילדערט זיין יונגט, זיינע באַציונגען מיט חברים און זיינע לערניאָרן ביים בעל־מלאכה, דעם היטל־מאַכער דוד גאָלדשפּיץ, זעען מיר גראָד זיין געפיל פאַר יושר און די געוואַגטקייט פון אַ יוגנטלעכן, וועלכער האָט געקעמפט פאַר דעם כבוד פון זיינע אָרעמע גאַסן.

אַ שיינע דערציילונג פון דעם כאַראַקטער, הגם אפשר נישט ניי אין איר אינהאַלט, איז די דערציילונג „נערות״, ווו בערלינסקי שטעלט אַוועק דאָס שווערע אָבער פרישע און צעזונגענע לעבן פון דער דאָרפישערביילקע קעגן דער צעפּיעשטשעטער און פריי־פּאַרוויאַנעטער מאַניען, וואָס אין איר קנאה און ליבשאַפט צו דעם דאָרפישן געזונטן מיידל, ווערט זי דאָך נישט אַנדערש, נאָר זינקט ווייטער אין פוילקייט און ליידיקייט.

די גרעסטע צאָל דערציילונגען אין דער זאַמלונג זענען פון יענער צייט און זענען געשריבן אין יענע יאָרן, ווען דער מחבר האָט מיטגעמאַכט דעם האָגלוועג אין די ווייטע געגנטן פון אוזבעקיסטאַן און קאַזאַכסטאַן, און נאָך זיין צוריקקער אין באַפרייטן פוילן. מיטן געמיט פון אַ קינסטלער האָט בערלינסקי אויפגענומען דעם ווייטן און פרעמדן פּייזאַזש, די פירונגען און

מינהגים פון די דאָרטיקע באַוווינער, דעם פּיין, די זאָרג און דעם אומעט פון די פּליטים. אין דער דערציילונג „געיה״, אַ דערציילונג וועגן אַ קו, וועגן דער בענקעניש פון דער קו, ברענגט ער אַרויס די אַטמאָספער און שטימונג פון פאַרוואָגלטן מענטש. דאָס רעווען פון דער קו רופט אַרויס ביי די באַוווינער פון הויף פאַרשידנאַרטיקע טראַכטונגען. גראָד אין דער דאָזיקער דערציילונג קומט אַזוי צום אויסדרוק בערלינסקיס סובטעלער און סענסיטיווער געמיט, זיין אַרויספילן די שטילסטע און פאַרבאָרגנסטע וויבראַציעס פון דעם מענטשנס נאַטור אין זיין פרייד און אומעט.

זיינע שילדערונגען און בילדער פון פּליטים־לעבן אין אוזבעקיסטאַן, די שילדערונגען פון יענעם לאַנד, און די סביבה פון די דאָרטיקע מענטשן זענען פאַר זיך גופא אינטערעסאַנט און אָנציעוודיק.

מיר האָבן שוין אַ גרעסערע צאָל באַשרייבונגען פונעם צוריקקער פון יידישע פּליטים אויף דער ערד פון זייער אַמאָליקער היים. ס׳איז אַ באַזונדער טראַגיש קאַפּיטל אין דער עפּאָפּייע פון אומקום, ווי די אויסגעבענקטע און אויסגעווייטיקטע יידישע מענטשן דערזעען, אַז זיי האָבן שוין נישט וואָס צו זען, אַז דער בייזער חלום איז טראַגישע וואָר. בערלינסקי קען פון דער נאָענט דעם נשמה־צושטאַנד פון די אָפּגעראַטעוועטע, צעבראָכענע יידן: „זעקס יאָר צייט, בעת זיין אויפהאַלט אין ראַטנפאַרבאַנד האָט ער געהאָפט אויף דעם גאַנג. און אָט שפּרייזט ער איצט, דאָס האַרץ פלאַטערט ווי עס וואָלט צעפּאָכעטע פליגלען באַקומען, אין די אויגן אַ שטעכיק פּייערל, די קני שטרויכלען זיך. און ביי דעם אַלעם פילט ער אַ פאַרטעמפּטע גלייכגילטיקייט. ער באַנעמט גאָרנישט די גרויסע געשעענישן. ס׳איז גאָר־נישט די וואַכזאַמקייט, די שפּירעוודיקייט, וואָס האָט געלעבט אין אים. אָפּנים, טראַכט ער, דאָס האָט שוין די צייט גורם געווען. אַ קליינקייט, ער שטייט שוין אויף דער שוועל פון דערוויסן זיך, צי לעבט זיין פרוי, זיין טעכטערל, אַ שוועסטער, ברידער, פריינד, באַקאַנטע, אַלע, אַלע״.

נאָר פון די אַלע איז קיינער נישטאָ. יחיאל אַלטמאַן פילט נאָר, אַז „די שטילקייט אַרום, דאָס אָפּגעמעקטע לעבן האָט אים אָנגעהויבן קלינגען אין די אויערן״. און אָט קומט אַזאַ בילד: „ער האָט אָנגעהויבן פאַרלירן דעם ווירקלעכן אויסזען פון דער וועלט, פון זיך אַליין. אים איז פאָרגעקומען ווי ער איז דאָ אַראָפּגעפאַלן אַ מין גילגול פאַר עפּעס אַן עונש; בלאָנדזשעט אין אַזאַ וויסטער געגנט נאָך אַ חורבן און לויפט זוכן זיין ווייב און קינד,

זיין משפחה און פריינד, נאָר באַגעגענען באַגעגנט ער קיינעם נישט, אַליין, איינער אַליין בלאָנדזשעט ער צווישן חורבות".

און צווישן אָט די חורבות איז דען מעגלעך עס זאָל אויפקומען אַ ניי לעבן? מ'זאָל אויף דער טויטער ערד אָנהייבן אַ לעבן פון דאָסניי? מיט דער מחשבה ראַנגלען זיך בערלינסקיס אויסגעפייניקטע העלדן (בפרט נאָך, אַז די אַמאָליקע שכנים באַגעגענען זיי מיט אַזויפיל פיינדשאַפט און פאַראַכטונג). בערלינסקי רירט־אָן אַ טיף און עיקרדיק פּראָבלעם, וואָס איז אויפגעקומען ביים אָנבליק פון דער פאַרוויסטער היים און אויסגע־רויכערטן דור: ווי לעבט מען פונדאָסניי? נישט אומזיסט האָט בערלינסקי אַ נאָמען געגעבן זיינס אַ ביכל דערציילונגען „אַ דור פון בראשית"; ס'איז דער דור וואָס דאַרף אָנהייבן נאָכן תוהו ובוהו. און אַ סך פון די צוריקגע־קומענע האָבן נאָך כלל נישט פאַרזוכט דעם טעם פון לעבן, גיכער האָבן זיי פאַרזוכט דעם טעם פון ערב־טויט.

איז עס נאַטירלעך, ווען איינער פון בערלינסקיס העלדן זאָגט — הגם די ווערטער קלינגען פּאַטעטיש: „מען דאַרף היינט לעבן פאַרן פאָלק. קאָן זיין ווייל דער שונא האָט געוואָלט אומברענגען דאָס גאַנצע פאָלק, איז דאָס פאָלק דערייבער אויפגעשטאַנען און רייסט זיך צו באַפרייען".

איז עס געווען אָנגענעם, ווען באַלד נאָך בערלינסקיס אָנקום אין לאַנד, מיט צען יאָר צוריק, האָבן מיר געלייענט זיין ערשטע ארץ־ישראלדיקע דערציילונג „זאַמד", מיט בערלינסקיס קאָנדענסירטער בילדערישקייט. און אינעם וווּנדער פון די גליאַיקע זאַמדן דערזעט ער: „פונוויטנס האָט דער הר־הכרמל אָנגעהויבן אַהערלייכטן מיט זיינע צעצונדענע פייערן, פייערן אין אַ באַרג, וואָס האָבן זיך געצויגן אין גלייכע שורות, אין רונדע רעדער און זיך געמיניעט, געפינטלט און געוואָרפן מיט שימער, ווי בריליאַנטענע בראָשן און שפּילקעס וואָלטן אין זיי געשטעקט און זיי האָבן אַזוי געצויגן די דאָזיקע פייערן אין באַרג, געלאָקט ווי אָט קומסטו־צו צו זיי און דו פאַלסט אַריין אין אַ וועלט פון טייערע איידלשטיינער און דיין זיצאָרט וועט זיין ערגעץ אין אַ ליכטיקער הייכעניש".

מיט זיין סובטעלער און קינסטלערישער פּעדער האָט ער געצייכנט דעם פּייזאַזש פון לאַנד און דעם נייעם דורך פיין געלייטערטן מענטש אין לאַנד.

## יעקב פרידמאַן

„פאַסטעכער אין ישראל״ הייסט די זאַמלונג לידער, וואָס יעקב פרידמאַן האָט אַרויסגעגעבן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. וועלכע פאַסטעכער מיינט עס דער דיכטער, פאַסטעכער־אַפּאָסטאָלן, צי די פשוטע רועי־צאן פון דור־דורות? אָדער באַטראַכט ער זיך אַליין, דער יידישער דיכטער, ווי אַ פאַסטעך אין אייגענעם לאַנד? טאַקע מיט אַ „תפילה פון אַ פאַסטעך״ עפנט אויף פריד־מאַן דעם לידער־באַנד:

זיי גוט צו מיר גאָט,
כ׳בעט נישט קיין סך:
איך וויל פילן דיין ליבשאַפט,
רוט אויף מיין דאַך
און פאַר דער שוועל פון מיין הויז.
ווען איך עפן די טיר,
זאָל די זון און דער רעגן
דערציילן פון דיר.

פאַראַן שוין אין די עטלעכע שורות אָן אַ שיער פון פרידמאַנס באַנעם און פון זיין דיכטערישן דרך.

פרידמאַן באַווייזט וווּנדער מיט זיין שטיל, זייטיק און אַפילו שעמעוודיקן אַרויסברענגען פראַגן און געשעענישן, וואָס שטייען ברומו של עולם, ער טוט עס מיט ציטער און מיט ספיקות, נאָר אָט גיט ער זיך פּלוצים אַ שטעל אוועק מיט אַזאַ געוואַגטקייט און כוח, אַז ער צעטרייסלט שיער נישט די זיילן פון סדרי הוועלט. פאַראַן אָבער אויך פאַרביטערטקייט און די מידקייט פון אונדזער דור. ס׳איז געווען אַ היים אין גאַליציע אַ שורשדיק־חסידישע היים און שפּעטער צווישן דעם יאָדערדיק־יידישן

רומעניע, נאָר ס׳איז געקומען טראַנסניסטרע, ביטערע מלחמה־דערפאַרונ־גען, פאַרשיקונג. ס׳האָט געלאָזט איר חותם, ס׳האָט גענייגט צו אַנדערע טראַכטונגען. די שטימונגען פון יענע איבערלעבונגען זענען געבליבן טיף אין זיין געמיט.

מ׳פילט אין זיין ליד דעם שעפערישן אומרו, זיין ערשטע פאַרנעפלטע רעאַגירונג, די ערשטע אויפגעשריבענע שורה: אָט איז עס לויטער פּאָע־טיש און קלאָר און ווידער גערעַנגל מיט מחשבה, גערעַנגל מיט זיך, מיט דער מיטגענומענער ירושה, מיטן נעכטן, וואָס איז יאָ דער היינט און איז נישט דער היינט און ס׳דערפירט צו סתירות און ס׳דערפירט צו אַ נייעם געדאַנק. פאַראַן אַמאָל סתירות אין זיין ליד אָבער זיי גיבן צו א באזונדערע שיינקייט פון אַ פאַרטייעט פּייערל — —

ס׳איז אויסטערליש, נאָר אַזוי דאַכט זיך איז עס, שיינע אויסגעפּורעמטע לידער האָט פרידמאַן געשאַפן אין יענע יאָרן און אין יענעם פינצטערן אָרט טראַנסניסטרע. זאָל זיין טאַקע אמת, יענער באַנאַלער אמת וועגן יסורים וואָס רעגן־אָן צו באַזונדערער שעפערישקייט? אַ באַשיידענע צאָל לידער האָט דאָרט פרידמאַן געשאַפן אָבער מיט אַזויפיל אָפּגעהיטקייט, מיט אַזויפיל זאָרג פאַרן וואָרט און פאַרן פערז, מיט אינערלעכער עצבות אָבער מיט ווירדע און ביטחון.

אַ ביז גאָר אייגנאַרטיקע שאַפונג זענען די „פיר בריוו צו דער קאָנטעס פון לינץ״, ער שוימט נישט מיט קיין ביטערע ווערטער, ער מאָלט נישט קיין בילדער, בכדי צו דערשטיקן דעם אייגענעם ווייטיק, — מיט בולטער פאַרב, מיט יאָדערדיקע אויסדרוקן, אָבער סובטעל און איידל און מיט דער אָנגעשפּיצטקייט און אויסגעשליפנקייט פון זיין פּאָעטישן זען און פילן, האָט ער אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע אָריגינעלע שאַפונג.

ס׳דערמאָנט עפּעס אין דעם אַלט־דייטשישן ריטער־ליד, טענער פון אַלטע פרעמדע ליבע־לידער, נאָר יעקב פרידמאַן פאַרמאָגט געגנוג קינסטלערישן טעם, כדי אויף אַ האַרציק קוועליקן לשון ארויסברענגען דעם ווייטיק און פיין פון דעם יידישן פּאָעט־פּרינץ אין זיין ליבע צום דער קאָנטעס פון לינץ:

איצט זיץ איך ווידער אין מיין איינזאַמקייט און שרייב צו אייך
און האָרך, ווי פאַר טויזנט יאָר פליסט מילד דער בלויער טייך...

אָ, ווער זענען מיר אין סודותדיקן גאַנג פון דורות?
איך שטאַם פון אַ פאָלק, וואָס האָט דורך שייטערס דער וועלט
גערטראָגן תורות,
און ס'קען מיין האַרץ נישט מסכים זיין מיט אייך, קאַנטעס,
אַז ס'מעגן פאָרן שייטערס זיך מיט בעז און אַז הענט וואָס גלעטן
מעגן טויטן,
ווייל „ס'איז באַדינגט אַזוי פון אַלע אייביקייטן"...

אין דער ליבע צו דער „קאַנטעס פון לינץ" איז פאַראַן אַ ווייטער איבער־רוף צו פּרצעס „מאָניש", אָבער דער מאָניש פון הייַנט שטייט ביי דעם נסיון און ווערט נישט פאַרכאַפּט פון דער לילית. אַ היינטצייטיקער מאָניש באַלאָדן מיט יאָך און אַחריות, איז אַריינגעפעדעמט מיט גוף און נשמה אין יידישן גורל.

יידישער גורל איז אויך פאַראַן אין דער צווייטער גרעסערער פּאָעמע „פון אַ דיכטערינס טאָג־בוך" און אין אַ סך אַנדערע לידער.

אַ באַזונדער וויכטיק קאַפּיטל אין דער זאמלונג איז דער חסידות־מאָטיוו. פרידמאַן איז אַן אייניקל און אַ זון פון גאַליציאַנער רביים. ער ברענגט שטייגער־שילדערונג און חסידישע מסורה, מינהג און חסידישע פּירעכצן. „דער סאַסאָווער גייט מיט הקפות" און „סאַדעגערע" זענען אָן ספק גוטע און געטרייע שאַפונגען אין דער חסידות־טעמאַטיק, וואָס איז ברייט אויסגענוצט געוואָרן אין דער יידישער דיכטונג.

צו דער אָנזעעוודיקער און וואַרעם־פאַרביקער ארץ־ישראל־דיכטונג ברענגט זינט עטלעכע יאָר אַ פייַנעם צושטייער יעקב פרידמאַן. ער האָט לידער פון לאַנד, אַמאָל ווייטלעכע, וועגן אויסגעטרוימטע פישער־יונגען און פאַסטעכינס און ער האָט לידער ווי אַרויסגעוואַקסענע פון היימישער בית־דגונער ערד. עפּעס גייט אָן ביי אים אַן אומאויפהערלעכער געראַנגל צווישן שיינע חומש־מעשהלעך, טייטש־חומש־לעגענדעס, עמאָציעס פון תנ"ך און דעם ראַזעווען ממשותדיקן לעבן, מיט וועלכן ער האָט זיך פאַרבונדן אין אַ ישראלדיקן דאָרף. דיכטעריש־קאָרעקט איז ער אָן צווייפל איןביידע. זיין פּאָעטישער חוש און טעכניש־פּאָעטישע באַגאַבונג וועט אים, חלילה, נישט פאַרפירן. נאָר אין דעם ערשטן איז ער גאָר אָפּט סימבאָליש, אַבסטראַקט און אין צווייטן, אין דעם רעאַל־לעבעדיקן ברענגט

ער אַמאָל אַזעלכע גבורהדיקע און געוואַגטע יונגען און מוידן, דורכגע־טראָגענע דורך ארץ־ישראל־ווינטן און חמסינען, אַז ס׳ווערט אַזש קורץ דער אָטעם...

אינהאַלטלעך אינטערעסאַנט און קינסטלעריש אמתדיק ווערט זיין ליד, ווען ס׳געלינגט אים צו באַהעפטן דאָס ארץ־ישראל אַזאַ, ווי ער האָט זי אויסגעחלומט אין די יונגסטע יאָרן און אַזאַ, ווי ער באַנעמט זי היינט. פונדעסטוועגן לאָקט ער אָן מיט זיין שטיל און חנעוודיק אויסגעטרוימטן בילד אויף אַזאַ־אָ שטייגער:

מערמלנע טעמפּלען, ס׳שלאָפן די גלאָקן,
סע רירט זיך קיין האַנט נישט, די שטילקייט איז קיניג.
איך טו אויס מיינע שיך און שטיל אין זאָקן
באַטרעט איך די טעמפּלען און קני אונטערטעניק.

אָדער:

איך האָב ליב ביינאַכט די סעדער אין מיין געגנט,
בשעת צמחים וויגן זיך אין שלאָף.
און ס׳טריפט אויף זיי און רעגנט
לבנה־ליכט און דערשרעקט דעם טוי.

אין „בריוו פון בית־דגון" קומען צום אויסדרוק די איבערלעבונגען און מחשבות פון אויפנעמען דאָס נייע, די נייע סביבה, ער פירט אַרויס דעם נישט לאַנג געקומענעם מענטש אין יידישן דאָרף און זיין צונויפטרעף מיט דער ארץ־ישראלדיקערווירקלעכקייט. יידן פון מיזרח און מערב, יידן, תימנער, טוניסער, יידענעס פון פערסישן לאַנד און אַ מאַמעשי פון ווילנער קאַנט, זקנים פון מאַראָקאָ אַנטקעגן וואָלינטשיקעס, וואָס טאַנצן אַ קאָזאַטשאָק. און „ס׳האָט השגחה ווי אַ שטורעם־ווינט צונויפגעווייעט זאָמען פון אלערליי פלאַנצן".

אַ באַזונדערן חן און אַ האַרציקן טאָן באַקומט זיין סטראָפע, ווען ער רעדט וועגן אַ פשוטן ייד, וועגן דער בענקעניש פון אַ פשוטן ייד און וועגן דער ליבע צו ישראל און פאָלק ישראל, וואָס ס׳טראָגט אין זיך אַ פשוטער ייד. אַזאַ איז זיין ליד וואָס הייסט: „אַ ליד וועגן כעלעמער מלמד, בית־מכס און שבת־שירה..." און ס׳איז אַ ביז גאָר סובטעלע פּאָעטישע מעשה.

דער כעלעמער מלמד, אַן אָפּגעראַטעוועטער פונעם בייז, האָט מיטגעבראַכט אַ שטייג פייגעלעך אין לאַנד אַריין „אַז יידישע קינדער טיילן נישט מער אין שניי שבת־שירה פאַר פייגעלעך קיין קאַשע״. אינעם געבוי און פאָרעם פונעם ליד איז פאַראַן פונעם גוטהאַרציקן פאָלקס־נוסח:

צעוויקלט דער כעלעמער מלמד זיין פאַטשיילע מיט אַ ציטעריקער האַנט,
נעמט אַרויס דאָס טאַבאַק־פּושקעלע און טוט אַ שמעק,
דערנאָך ווישט ער אויס די שפּאַקולן און שפּאַנט
פון שיף אַראָפּ אויפן חיפהער ברעג.

ס׳קאָצל קומט... און צווישן יידישע זעק און פּעק,
לייגט דער כעלעמער מלמד אויך זיין קלימעק אַנידער;
מען זאָגט אַ יידישער שררה קומט צום ברעג
דורכצוקוקן די פּעק פון שוועסטער און ברידער...

און אַז דער יידישער שררה הערט אויס די מעשה, ווי אַזוי דער כעלע־מער מלמד האָט געבראַכט די שטייג פייגעלעך, פּאַסירט נאָכדעם אַזוי:

דער יידישער שררה עפנט די אויגן, ווי אַ פּראָסטער ייד,
און דער כעלעמער עפנט די שטייגן:
פליט פייגעלעך צו יידישע קינדער פליט...
און די פייגל האָבן געפּאָלגט און געפלויגן...
און דער כעלעמער מלמד האָט געזען, דורך די שפּאַקולן געזען,
ווי דער שררה האָט געווישט זיך די אויגן...

אין אַזאַ ליד איז, פאַרשטייט זיך, נישטאָ וואָס אַריינצוטייטשן — ס׳רעדט פאַר זיך מיט אַלע יידיש־פאָלקישע חנען. אַזאַ הנאה פאַרשאַפט אויך דאָס ליד „תימנער יידן״, אַ ברית־מילה ביי אַ תימנער משפּחה, אין די דראָבנע, פּיצלעך־יידעלעך דערזעט דער דיכטער ברידער פון פאַר יאָר־טויזנטער.

מיט זיין דיכטערישן און צאַפּלדיקן ווען האָט ער אויפגענומען נייע טענער און פאַרבן, ארץ־ישראל־אַראָמאַט און פּייזאַזש, ער האָט איינגעאָ־

טעמט ארץ־ישראל־לעבן. פרידמאַן דאַרף זיך אָבער נאָכמער באַפרייען פון דעם אַבסטראַקטן און זיך איינגלידערן מיט זיין פּאָעטישן כוח אין דער רעאַלערווירקלעכקייט. דאָס וועט אים געבן שטאַנדהאַפטיקייט און יסוד, דאָס וועט מאַכן זיין שאַפונג גאַנצער, יאָדערדיקער און מענערישער. מיט זיין דיכטערישן מהות און קינסטלערישער באַגאַבונג איז ער מסוגל אויפצונעמען די נייע סביבה און אונדזער ניי־געשאַפן לעבן. זיכער גאַרט ער אַליין אויך נאָך שלימות, וואָס קאָן מער ווי אומעטום קומען צו אים אויף אייגענעם באָדן, אויף אייגענער ערד.

אין דער זאַמלונג זענען אויך דאָ לידער אַ ביסל אָפּגעלאָזטע אין פאָרעם. ס׳געפינען זיך אָבער לידער, וועלכע זענען ממש פּערלען פון דיכטערישער וואָרט־קונסט. אַזעלכע זענען „אַ לבנה־נאַכט אין מיין היים״, „אין געבערג״, „אַ וויג־ליד״ און די פּרעכטיקע פּערזן פונעם ליד „אין וואָרט״.

פרידמאַן האָט אַ סך געלונגענע און טרעפלעכע אויפטוען אין שפּראַך און גראַם, ער האָט אויך מיט אַ סך געוואַגטקייט געפּלעגט זיין סטיל און דעם מקורותדיקן מעטאַפאָר.

ווייל ער האָט סובטעלקייט און קרעפטיקייט, יעקב פרידמאַן, דער פיינער יידישער דיכטער אויף נייער בית־דגונער ערד.

1956

# מענדל מאַן

ער איז אַן ארבעטזאַמער שרייבער, מענדל מאַן, און טאַקע פאַר אַ לפי־ערך קורצער צייט האָט ער אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך ארץ־ישראל־דערציילונגען, עטלעכע גרעסערע דערציילונגען פון לעבן אין רוסישן דאָרף, פון די מענטשן אין רוסישן דאָרף, מיט וועמען ער איז אַזוי אויסגעבונדן געוואָרן אין די בלוטיקע מלחמה־יאָרן, און נאָך אַ בוך, וואָס איז אַרויס צוערשט דאָ אין לאַנד אין העברעיש א. נ. „כפר נטוש". דאָס בוך איז דערשינען אין יידיש אין אַרגענטינע דורכן פאַרלאַג „קיום", וואָס דער טראַגיש־אומגעקומענער שמערקע קאַטשערגינסקי האָט אויפגעשטעלט אין בוענאָס־איירעס.

מענדל מאַן איז פון דעם יונגערן דור שרייבער, פון די געציילטע, עכטע און טאַלאַנטירטע שרייבער, וואָס זענען אויפגעקומען אין די נאָך־חורבן־יאָרן. צוערשט האָט ער געשריבן לידער און אַרויסגעגעבן אַפילו צוויי לידער־זאַמלונגען. נאָר זעט אויס, און ס'איז גראָד אַן אָפטע דערשיינונג, אַז שוואַכע דיכטער שרייבן גוטע, אינטערעסאַנטע דערציילונגען.

ס'איז געווען עפּעס סימפּאַטישעס אין דעם עצם־פאַקט, וואָס מענדל מאַן, קומענדיק מיט דער גרויסער עליה, נאָכן אויפקום פון דער מדינה, איז נישט געבליבן אין שטאָט, נישט געוואָלט בלייבן אין שטאָט, און איז אַוועק וווינען אין אַ וויטלעכן פאַרחושכטן דאָרף, אין אַ פאַרלאָזענעם אַראַבישן דאָרף, און פון דאָרט טאַקע שטאַמען זיינע אַלע ארץ־ישראל־דערציילונגען, וועלכע זענען אַריין אין דער זאַמלונג: „אויפגעוואַכטע ערד".

די יידישע ארץ־ישראל־פּראָזע איז נישט אַזוי פאַרביק, ווי ס'איז דאָס יידישע ארץ־ישראל־ליד. הגם עס זענען פאַראַן באַדייטנדיקע פּראָזע־ווערק. מענדל מאַן האָט נאָך דערצו אַרויסגעבראַכט אַ באַזונדערע סביבה, אַ נייעם מענטש פון דער שטילקייט און פון דעם ווירוואַר אויף ניי־אויפ־

קומענדיקן באָדן, אויף אויפגעוואַכטער ערד, ווי ער האָט עס דערשפּירט אַזוי אייגן־ליב און אַזוי אייגן־יסורימדיק.

דער דיכטער יעקב פרידמאַן, אויך א תושב אין אַ באַנייטן דאָרף, זינגט ערגעץ אין אַ ליד: „פּערסיקעס מיט רויטע שאַלן, טוניסער מיט טיול־וואַלן, טאַנצן יידן טעהעראַנער, איטאַליענער, מאַראָקאַנער", דאָס זענען בויער און תושבים פון דער אויפגעוואַכטער ערד. אָט די יידן פון וויטע עדות און שבטים פירט אויך אַריין מענדל מאַן אין זיינע דערציילונגען, שילדערט זייערע פּרנסות און זייער משפחהדיקע געמיטלעכקייט אין דער דאָרפישער רויקייט פון פרי־אָוונט. אָבער די עיקר־געשטאַלטן און העלדן פון זיינע דערציילונגען, זענען די היימישע יידן פון פּוילן, יידן, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען אַ סך גיהנומס, יידן צעפלאָנטערטע, מיט בענקעניש נאָך זייער אָקערשטיקער וועלט, מיט אַ סך קנייטשן אין געמיט און אין נשמה, נאָר מיט דער קלאָרער מחשבה, אַז דאָ דאַרף מען אָנהייבן פונדאַסניי, און אַנדערש.

מענדל מאַן קען גוט זיינע העלדן, ער קען גוט זייערע שוואַכקייטן, זייערע געפילן און שטימונגען. ער ווייסט זייער פאַרגאַנגענהייט און מיט אַ באַזונדערער צאַרטקייט שילדערט ער פרויען־טיפּן, פרויען אויסגעליי־טערטע פון יאָרן פּיין, וועלכע טראָגן אין זיך אַזויפיל סודות פון אינטימע און טראַגישע איבערלעבונגען. אזא איז סלאַווע אין דער דערציילונג „אין שאָטן פון ווינשטאָק"; אַזאַ איז יוסטינע אין דער דערציילונג „אין אַ פאַרלאָזטן דאָרף" און אַזאַ איז זיין העלדין טאַמאַרע. מאַן אידעאַליזירט נישט זיינע טיפּן, און ברענגט נישט אַרויס האָפּעראדיק און מיט קוראַזש זייער צוגעבונדנקייט צו דעם נייעם באָדן און צו דער געזונטער ערדי־שער מי: להיפך, אָט שילדערט ער פאַר אונדז מענטשן מיט קליינלעכע אַמביציעס, געוועזענע עסקנים, קאָמיטעטשיקעס אין די לאַגערן, וואָס אויך דאָ איז זייער באַגער עסקנות, גבאות און אַ לייכט לעבן. אָבער גראָד אַזוי, קומט אויף נאַטירלעך און אמתדיק דאָס האָרעפּאַשנע איינ־וואָרצלען זיך אין דעם האַרטן, פאַרוואָרלאָזטן באָדן און ס'ווערט אַזוי אייגן און וואָרהאַפטיק דאָס איינבערעכן זיך פון די ניי־געקומענע, וואָס נאָך אַלע פּרוּוון נעמען זיי אויף זיך דעם עול פון פראַצע.

אַ ביסל אַן איבערגעשפּאַנטע דערציילונג אין פרט פון אידעע, איז די דערציילונג „אַ הויז ביים ים" (גראָד פאַר דער דאָזיקער דערציילונג האָט

מענדל מאַן באַקומען אַ פּרעמיע פון יידישן קולטור־קאָנגרעס). ס'איז, דאַכט זיך, פּסיכאָלאָגיש נישט איבערצייגנדיק די פּוענטע פון דער דער־ציילונג, אַז די שלעכט פאַרלייגטע פונדאַמענטן פון דעם נייעם הויז פּירן דעם העלד אָלישן ביז משוגענעם אומרו, ביז וואַנזין. אַזאַ דערציילונג ווירקט נאָר אויסערלעך. אגב, פון אויסערלעכע עפעקטן איז מענדל מאַן נישט תמיד אויסגעהיטן.

מענדל מאַן איז זייער אַ מאָלערישער דערציילער, ער האָט אַ פּלאַסטישע, בילדערישע שפּראַך. ס'איז ביז גאָר אימפּאָנירנדיק סיי זיין פּייזאַזש־שיל־דערונג, סיי זיין פאַרביק צוגעקליבן וואָרט. אָבער אָפּטמאָל איז זיין שילדערונג אַן איבערגעלאָדענע און כלל נישט אין פּראָפּאָרץ מיט דער אַקציע, בפרט נאָך, אַז דער דיאַלאָג איז זייער קאַרג אין זיין דערציילונג און ס'טרעפט, אַז אָפט דערפירט ער זאַכן און געשעענישן זייער פּלוצימדיק און מיט האַסטיקע שאַרפע איבערגאַנגען. זיינע נאַטור־שילדערונגען פאַרמאָגן אָן אַ שיער שטימונג; אָבער דעקן זיך נישט אַלעמאָל מיט דעם אינהאַלט און מיט דער אַנטוויקלונג פון דער דערציילונג. דאָס איז זיכער אַ פּראָדוקט פון זיין אינערלעכער אָנגעלאָדנקייט און פון דעם ווילן אַרויס־צוברענגען וואָס בולטער, קאָלירפולער און געטרייער דעם פּייזאַזש און די ספערע פון אויפגעוואַכטער ערד: „דער אייביק גרינער קלעטערקוסט, דער אָנבלעטערדיקער מיט גרינע לאַנגע צווייגלעך, וואָס זעט אויס ווי צעשווי־בערטע האָר, אָט אָ דער קלעטערקוסט האָט זיך אין דעם געסל אויף טייל ערטער פאַרמאָסטן מיט די קאַקטוסן. זיינע לאַנגע קלעטערהאָר האָבן זיך געפלאָכטן אויף די שטעכיקע געוויקסן, געקלעטערט אַזש איבער זיי, אויסגעמיטן די נאָדלען, וואָס זענען דאָ נישט איבערצוציילן אויף יעדער בלאַט און אפילו אויפן שטאַם און האָבן פאַרדעקט די סאַבּרעס מיט אַ מילדער זאַפטיקער גרינקייט וואָס איז אַזוי ענלעך צו די גאָרטן־פלאַנצן.

ערגעץ ווו האָט אַ מימאָזע געפינטלט מיט אירע געלע בלימלעך. אַן אַלטער סיקאַמאָר האָט שוין מן־הסתם צום דריטן מאָל היי־יאָר אָפּגעשאָטן אַ שטיק פון זאַמדיקן געסל אין א קיילעך ארום זיין שטאַם מיט די קליינע העלע פּרוכטן. דער בוים איז נאָך באַזעצט געווען מיט די קליינע פּירות, וואָס זענען נישט געוואָקסן צווישן די בלעטער נאָר אַרויסגעוואָקסן גלייך פון די גרויסע און דיקע צווייגן אַרויס און אפילו פון שטאַם. אַ ראָי פון פליגן און בינען האָט זיך געטראָגן אין יענע טעג אַרום סיקאַמאָר.

אַן אַלטער פּייגנבוים האָט געשפּרייט אַרום זיך געדיכטע און שווערע שאָטנס. עטלעכע ציפּרעסן האָבן אומבאַוועגלעכע געסטאַרטשעט גלייך אין די הימלען אַריין, פון ווייט־ווייט האָבן געוווּנקען לופּטיקע, אָנשאָטנדיקע טאָפּאָליעס״.

אוודאי זענען אַזעלכע שורות פאַר זיך גופא שיין און בילדעריש און זענען אפילו ניי אין דער יידישער ארץ־ישראל־פּראָזע. אָבער אַ ביסל שפּאָרעוודיקייט און אפילו שפּאָרעוודיקייט מיט די בריהש־צונויפגעבונדענע ווערטער, ווי זאַמדשטויב, הימלהייכן, סאַברעבלאַט, אייזלשטעגל, וויקל־צווייג, מעטשעטבערגל וכדומה, וועלכע גיבן טאַקע צו די דערציילונגען אַן אייגנדיקן אָטעם און פאַרב — וואָלט דאָך געמאַכט, דאַכט זיך, די דער־ציילונגען לויטערער און לופטיקער.

מענדל מאַן פאַרמאָגט אַ פיינעם דערציילערישן סטיל. פאַראַן אין זיין אופן פון שרייבן אַ סך שטימונג. הגם אויך דאָ ווילט זיך זאָגן, אַז נישט אַלעמאָל פאַרדינען די העלדן די שטימונג און אַטמאָספער, וועלכע מענדל מאַן שאַפט אַרום זיי, און ס׳באַקומט זיך עפעס אָפּט, אַז ארום וואָכעדיקע געשעענישן און געוויינלעכע, גרויע וואָכעדיקע פּאַסירונגען קומט אויף אַ סך יום־טובדיקייט און אַפילו דערהייבנדיקע סימבאָליק.

ער איז אָבער יאָ בכוח, מענדל מאַן, אין אַ פּאָר שורות אַרויסצוברענגען דאָס געמיט און דעם אַרום און די בענקעניש פון זיין העלד, פשוט מענטש־לעך, פאָלקסטימלעך: „גוט ווען אַ ווייב וואָלט געקומען אין דעם חדר אַריין, טראַכט יאָס, עס וואָלט אין די נעכט ליכטיק געוואָרן אין זיין הייפל. עס וואָלט געלויכטן אין יעדן ווינקל, ער וואָלט מיט נאָך עמיצן געשוויגן״.

קינסטלעריש ברענגט ער אַרויס די פרויען־טיפּן, — זייער עלנט און זייער פאַרלוירנקייט. דאָס זענען פרויען מיט שווערן גורל אויף די פּליי־צעס, און זייער פאַרבינדונג מיט דעם מאַן, מיט דער משפחה אָט דאָ, אויפן באָדן פון פאַרלאָזענעם דאָרף איז אזא ווייטע, אַזאַ צופעליקע. חורבן, פאַרוויסטונג, פאַרלוירנקייט האָט צונויפגעפירט סלאַווען מיט קוניען, האָט צונויפגעפירט יוסטינען מיט יולעקן, האָט צונויפגעפירט טאַמאַרען מיט דעם רירעוודיקן פוסטן גאַבושן. און דווקא דאָ אין דער נאַכט־שטילקייט פון דאָרף, צעבונטעווען זיך זייערע געפילן און ס׳בונטעוועט זיך לייב־און־לעבן.

אָט די דאָזיקע סצענעס פון שטילן טרויער און אינערלעכן געראַנגל

און נשמה־פיין, שילדערט מאַן מיט לירישער סובטעלקייט אויפן פּאָן פון דעם נייעם, וואָס ס'קומט אויף אין פאַרלאָזענעם אַראַבישן און ניי־באַלעבטן דאָרף: „...זי האָט געוואָלט זיך אַליין איבערשרייען, פאַרטומלען אין זיך די צווייטע יוסטינע, אָט די, וואָס האָט געיאָמערט אין דרויסן מיט די שאַקאַלן. דאָס געוויין אין דער נאַכט האָט געדאַרפט פאַרטרייבן יענץ געוויין, וואָס איז ווי אַן עכאָ צוריקגעקומען פון אַ גרויליקער נאַכט אין וואַרשע, ווען יענער פּאָליאַק איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער איר...״

פון די טיפן און געשטאַלטן, וואָס מענדל מאַן ברענגט אַרויס, ציען זיך פעדעם צו אָפּגעווישטע יידישע ישובים, ציען זיך פעדעם צו אַמאָליקע יידישע שטעט און שטעטלעך. מיט יאָסן פון „מעטשעט־געסל״ גייט דורך אַ שטיק יידיש לעבן און יידישער שטייגער אויף דער פּוילישער פּראָווינץ. געזונטע, האָרעפּאַשנע יידן, ווירדיקע און גאַנצע יידן, אַזאַ איז יאָס און אַזאַ איז לעמל סטאָליער און אַזאַ איז אויך דער מאָלער וואָלף סאָכאַטשינער. קורץ, געפּרעסט, אָבער דייטלעך זעען מיר זייער פאַרגאַנגען לעבן, זייער גורל, זייער פרייד, זייער בענקעניש און אומעט אין דעם ניי־אויפגעגאַנגענעם לעבן.

אַ סך גיט זיך אָפּ מאַן מיט די טאָג־טעגלעכע זאָרגן פון די נייע דאָרף־באַוווינער. ס'איז אַלץ אזוי ניי און פרעמד — די טריקעניש, די גליאיקע זון, די שטייניקע הייזער, די פאַרוואָרלאָזטע זאַמד־וועגן, די פאַרלאָזענע פּרדסים, די אויסגעטרוקנטעביימער. און יידן פון אַזויפיל לענדער און עדות. נאָר אלץ הייבט אָן ווערן נאָענט, נענטער און אייגענער אויף פריש־אויפגעוואַכטער ערד.

מענדל מאַן האָט עס צוגעזען מיט אַ שאַרף און געניט אויג, און ער האָט עס געשילדערט פאַר אונדז מיט אַן אייגענעם טאָן און נוסח.

1954

# יצחק פערלאָוו

יצחק פערלאָוו איז אַ פּראָדוקטיווער שרייבער. די לעצטע דריי ביכער, וועלכע מיר באַטראַכטן דאָ, זענען בלויז אַ טייל פון זיין פּראָזע־שאַפונג פאַר די לעצטע יאָרן. די טעמאַטיק פון זיינע ביז־איצט דערשינענע ביכער איז אַ היינטצייטיקע, אַזאַ, וואָס ער קען פון דער נאָענט, פון דער ספערע און פון די געשעענישן, וועלכע ער אַליין האָט איבערגעלעבט. ער דער־ציילט פון וויטן און פיינפולן וועג, וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט זיינע העלדן אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג. אין זיין ראָמאַן „דער צוריקגעקו־מענער" האָט ער אַרויסגעבראַכט מיט שפּאַנונג און בעלעטריסטישער וואָרהאַפטיקייט די עפּאָפּייע פון מעפּילים, די עפּאָפּייע פון עקזאָדוס". און ווי אַ המשך און אויפלייזונג פונעם טראַגישן גאַנג און גוראַנגל איבער די וויטע סאָוויעטישע לענדער, איבער נאָך־מלחמהדיקע דייטשישע לאַגערן, דורך לויער און געפאַר, טרעפן מיר היינט זיינע אויסגעפייניקטע העלדן „אין אייגענעם לאַנד", אין די דערפער און שטעט פון ישראל. מיר טרעפן זיי אין נייע עולים־פונקטן, מיט זאָרג און עול, מיט די רעמיניס־צענצן פון בראַנדיקן נעכטן, מיט די שווערקייטן און מיט די פריידן פון ניי־אויפגעקומענער היים. און אָט פון דעם אויפגעלעבטן מענטש און נייער סביבה, האָט אויפגעבויט פערלאָוו זיין ראָמאַן „דזשעבעליע".

„דזשעבעליע" איז דערוויל פון די איינציקע ביכער אין יידיש, וואָס שילדערן דאָס איינגלידערן זיך פון נייעם עולה נישט נאָר אינעם באָדן און קלימאַט פון לאַנד, נאָר אויך ווי דער נייער עולה נעמט אויף די פּראָבלעמען און די נייע רוישיקע געשעענישן אין לאַנד; זיין רעאַגירונג און איבעראַנדערשונג אין ליכט פון דער ישראלדיקער וואָרהאַפטיקייט. מיט דערציילערישן אָטעם מאָלט פאַר אונדז פערלאָוו אַ פאַרביקע גאַלעריע פון טיפּן, סצענעס און פאַסירונגען, ווו זיין פאָלקסטימלעכער הומאָר העלפט אַמאָל אויפהעלן די פאַרמרהשחורהטע פנימער, ווי די האַרבע סיטואַציעס פון נייעם ישוב „דזשעבעליע".

פערלאָוו שילדערט נישט נאָר די אַלגעמיינע געשעענישן ווי זיי רופן זיך אָפּ אויפן געמיט פון מענטש. אינטים און מיט טיפער פאַרשטענדעניש גיט ער אונדז די פּנימיותדיקע וועלט פון זיינע העלדן, זייערע ליידן און אַנטוישונגען, משפּחה־טראַגעדיעס, צעשיידונג, קרבנות־גרייטקייט, ווי מענטשלעכע שוואַכקייטן, פּלאָנטערנישן און יסורים, וואָס זייער מקור איז די דורכגעגאַנגענע טראַגישע צייט.

ס׳איז גאָר קיין ספק נישט, אַז פּערלאָוו קען אויפנעמען און אָפּשאַצן סיי דעם פּאַטאָס, וואָס די עולים האָבן געבראַכט, סיי די אַנטוישונגען, די פרייד פון באַנייונג ווי דעם אומעט, וואָס גליווערט און טייעט ביי זיינע מענטשן פון „דזשעבעליע" און אין זיינע דערציילונגען פון „אין אייגענעם לאַנד".

אוודאי זענען דאָ אַנטוישטע. דאָ ווערן דאָך עוולות שפּיציקער און שאַרפער. דאָ זענען מיר דאָך אויף אייגענעם באָדן, אין אייגענעם לאַנד. ווערן דאָ אַלע געשעענישן און פאַרלויפענישן אייפעריקער און קאַנטיקער.

מעגלעך, אַז יענעם „עקזאָדוס"־ייד, דעם אַלטן פאַרבענקטן ציוני, וועלכער פּאַלט כורעים און קושט דעם ארץ־ישראל־באָדן, ווען ער איז אַראָפּ פון שיף, געפינען מיר שפּעטער אין דער דערציילונג „דער אָנהייב" אַלס מיסטפּירער „אין אייגענעם לאַנד"... ער טוט עס מיט אַזויפל ווירדע פון צו להכעיס, וואָס דאַרף אויסלאַכן און ווי טאָן די עסקנים און פאַר־זאָרגער... אָבער צוזאַמען מיט דער אָנגעצילטער סאַטירע ווייזט אונדז פּערלאָוו די אַנדערע צוויי פּשוטע, האָרעפּאַשנע יידן אָן אַמביציעס און פּאָדערונגען, דווקא זיי זענען די צופרידענע.

מיט אָט די כאַראַקטעריסטישע פּאַראַלעלן טרעפן מיר זיך גאָר אָפט סיי אין די קאַפּיטלען פון ראָמאַן, סיי אין די דערציילונגען פון „אייגענעם לאַנד". געטריי דער רעאַליטעט, האָט פּערלאָוו אַרויסגעבראַכט די שאָטן־זייטן ווי די פריידיקע און דערהויבענע דערשיינונגען פון ישראלדיקן לעבן און זיין.

מיט טיפישע און מהותדיקע סעצענעס און פּאַסירונגען איז אָנגעהויפּט „דזשעבעליע", ווי די דערציילונגען „אין אייגענעם לאַנד". גרונטיק און לייכט שילדערט פּערלאָוו אין זיין דערציילונג „אונטער איין דאַך", ווי אַזוי נייע עולים קומען זיך באַזעצן אין די הייזער פון אַן אַראַביש־פאַרלאָזענעם דאָרף. עס טראָגן זיך נאָך ריחות פון געברענטן קעמל־מיסט, עס וואַלגערט

זיך אַרום אַראַבישע באַלעבאַטישקייט, נאָר די נייע שכנים טראָגן אַריין נייעם אימפּעט און נייע האָפענונגען.

די דערציילונגען זענען לופטיק און לייכט, ס׳פעלט נאָר אין זיי די פּאַרטיפּטקייט און פאַרוואָרצלטקייט, ווי ס׳פעלט אַ סך פון זיינע העלדן די איינגעזעסנקייט און באַזאַכטקייט. אָבער ס׳מאַכט נישט אויס, זיי וועלן במילא באַאיינפלוסט ווערן פון דער ברכה פון אייגנס און אייגנדיקייט, זיי וועלן זיך פאַרברידערן מיט דער מיליע, מיט פעלד און קלימאַט, מיט דעם פּייזאַזש פון לאַנד. אָט שילדערט פערלאָוו אַזוי שפּילעווודיק און מיט דיכטערישן ריטעם אַן ארץ־ישראלדיקן „ווינט און רעגן״: „...ווינטער־צייט טראָגן זיך די ווינטן, ווי וואַנדערנדיקע שבטים, גאַנצע משפּחות. משפּחות ווינטן מיט ווייב און קינד, מיט פעטער, מומע, זיידע און אייניקל... יעדע משפּחה פליסטערט, פּלאַפּלט און ברומט אויף איר שפּראַך. פאַרשידענע קולות: עס בייזערן זיך זיידע־ווינטן, עס פּישטשען זויג־ווינטעלעך, עס וואָיען ווייבער־ווינטן, ווי זיי וואָלטן זיך ביי די האָר געריסן, קונדסים־ווינטעלעך יאָגן זיך, שפּילן זיך אין פערדלעך: וויאָ! ווילדעוועך, וואָיעווען״.

„און שטיל, אַ שטילקייט ווי אין אַ זומערדיקן כאַמסין־טאָג, נישט קיין ווינט און נישט קיין רעגן. אפילו נישט קיין לופט צו אָטעמען, גאַסן זענען צעפּראַלט, ווי מיילער וואָס ווילן גענעצן און קאָנען נישט. אַ צע־גליטע, פאַרגליווערטע אומבאַוועגלעכקייט״.

אין אָט די געציילטע שורות פילן מיר שוין אַרויס ווי פערלאָוו זאַפּט איין און פאַרדייעט דעם אייגנאַרט און קאָלאָריט פון לאַנד. אָבער מער נאָך ווי מיט דעם פּייזאַזש פון לאַנד איז ער פאַרהיימישט מיטן פּערסאָנאַזש, ער קען דורך און דורך זיינע העלדן, זייערע השגות און שטרעבונגען. וואַקסן אַרויס און קייטלען זיך נאַטירלעך בילדער און פּאַסירונגען, מענטשן מיט וואָכעדיקן עול, מיט זייערע דאגות, ספקות, געראַנגלען און דערגריי־כונגען. מיט אַ באַזונדערער שרייבערישער אייפעריקייט באַהאַנדלט פערלאָוו די באַציונגען און ווידעראַנאַנדן צווישן מענטש און מענטש, די באַציונגען צווישן אַלטן ארץ־ישראלדיקן תושב און נייעם עולה, די באַציונגען צווישן מיזרח־אייראָפּעישע יידן, יידן פון ספרדישן אָפּשטאַם, זייער צוגאַנג, מענטאַליטעט און באַנעם אין דער אַטמאָספער פון קיבוץ־גלויות.

קיבוץ־גלויות איז דאָך איינס פון די שווערסטע און דערהויבנסטע קאַפּיטלען פון אונדזער היינטיקן לעבן. ס'איז נישט נאָר קיבוץ־גלויות פון פאַרשידן אָפּשטאַמיקע און עדות פון יידישן פאָלק, ס'איז דאָך דער צונויפ־קום פון פאָלק נאָך דער טראַגישסטער און יסורימדיקסטער תקופה פון אייראָפּעישן יידנטום. נאָך דעם חושך און גרויל, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט אָקערשט דורכגעמאַכט, זענען צעפּלאָנטערט געוואָרן טראַדיציעס און געוווינהייטן, זענען צעריסן געוואָרן משפחות — ווערט שווער צו קאָנטראָלירן מחשבות, אימפּולסן און געפילן. אַ תהום פון פּיין ליגט אויסגעשפּרייט צווישן דעם נעכטיקן און ניי־אויפגעגאַנגענעם.

מיט אַ קלאָר אויג און דערציילערישן געדולד נעמט אויף פּערלאָוו די־אינטימע, יחידישע איבערלעבונגען און וויבראַציעס פון זיינע העלדן. די שטילע פאַמיליע־טראַגעדיעס, די צווייפלען און שטימונגס־אויסברוכן פון מאַן און פרוי, פון מוטער און זון. דאָס זענען די שטיל־מענטשלעכע ווייען און פּיינען פון דער נאָך־היטלער־תקופה.

פּערלאָוו האָט די דאָזיקע משפחה־טראַגעדיעס אַריינגעפּירט אין זיין ראָמאַן „דזשעבעליע" און אין דער זאַמלונג דערציילונגען „מאַטילדע לעבט". אין אָט דעם בוך קומען אַריין דערציילונגען פון פאַרשידענע צייטן און מאָטיוון. נישט ווילנדיק איז עס אַ תמצית פונעם שרייבערס האַלבן־יובל־פּראָזע־שאַפונג. דאָ קומען אריין דערציילונגען פון דער לעצטער צייט, פון די עליה־ישובים, דערציילונגען פון יוגנט און קינדהייט, פון אַמאָליקער היים און יוגנט־ליבעס, דערציילונגען פון שטילע, באַלעבאַטישע לעבנס אין שטעטל און דערציילונגען פון גרויסשטאָט, פון קינסטלער און אַקטיאָרן און ווידער איבעררופן צו דעם אַמאָל, צו דעם שטיל־האַרציקן און יוגנט־לעך־נאָגנדיקן אומעט, ווען די יוגנט גייט שבת שפּאַצירן:

„מען גייט איבער דער בריק, וואָס הענגט אויף יענעם אָרט, ווו דער מוכאָוויעץ פאַלט אַריין אין בוג"... און אַז מ'דערזעט די וואַסערן, וועלכע ציען צו גרויסע ימען, מאַכט עס נאָכמער אומרויק, עס ציט און לאָקט די גרויסע וועלט — —

זיכער וואָלט אַזוי יאָרן אויף יאָרן, פאַרבענקט און שטימונגספול די יידישע יוגנט אין די שטעטלעך אַריינגעחלומט אירע באַגערן און פאַנטאַ־זיעס, אירע האָפענונגען און דערוואַרטונגען. אָבער אין די פינצטערע טעג פון יידישן אומקום זענען פאַרשניטן געוואָרן די פאַנטאַזיעס און שטרעבונ־

גען פון דער יידישער יוגנט, זענען צעמורשט געוואָרן די פאַרנאַכטיקע שטימונגען.

צוזאַמען מיט די שילדערונגען פון פריש־אויפגעגאַנגענעם לעבן אין אייגענעם לאַנד, דערציילט אונדז אויך פערלאָוו פון יענע האַרציקע, טרוימערישע בחורים און מיידלעך, וואָס זענען נישטאָ מער. — —

1956

# בינעם העלער

בינעם העלער געהערט צו די באַקאַנטסטע און — וואָס נאָך וויכטיקער — צו די פּראָדוקטיוווסטע דיכטער אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין גרעסערע לידער־זאַמלונג „ביים ראַנד", וואָס איז דערשינען מיט אַ קורצער צייט צוריק אין ירושלים (פאַרלאַג „קרית ספר"), איז נאָר אַ קליינער אָפּקלייב פון די לידער, וואָס ער האָט געשריבן במשך די לעצטע יאָרן.

אָבער דווקא די דאָזיקע זאַמלונג גיט אונדז אינעם פולן פאַרנעם אַ קווערשניט פון דעם דיכטערס מחשבות, זיינע איבערלעבענישן, און זיין פילן און איינס פון די דאָזיקע יסורימדיקע שפּירונגען איז:

וויִ אין אַ מגפה האָט דער שוואַרצער חשד
אין הערצער אויסגעמאָרדעוועט דעם גלויבן.
דעם מוט האָט מען געשטעמפּלט פאַר פאַראַט,
דעם בלבול — צו אַ העלדישקייט דערהויבן.

העלער איז פון תמיד געווען אָפן און קלאָר אין זיין ליד, ער האָט זיין וואָרט נישט געוויקלט און נישט פאַרנעפּלט מיט קינסטלערישן טוי און ווי אַזאַ איין זיין געזאַנג געוואָרן נאָענט און שפּירעוודיק. העלער האָט געגלויבט און געווען זיכער, אַז:

מיין ערד פון ערשטן וואַקלדיקן טראָט —
ווי שיין מיין קינדהייט פאַסט זיך צו איר לאַנדשאַפט
און שפּעטער, ווען מיין שטילע יוגנט האָט
געשלאָסן מיט דער רויטער פאָן באַקאַנטשאַפט.

אָט אין די דאָזיקע אויסגערופענע שורות פון אַמאָל, שפּירן מיר אַזוי־

בולט זיין דיכטעריש־אידעיש געזועלשאַפטלעכן באַנעם. אַט דאָס ליד האָט העלער׳ געשריבן, ווען עס איז נאָך געווען אין אים דער ביטחון אין דער „היימערד״ — ווי ער זאָגט: „ווו איך האָב געלעבט דאָ טויזנט יאָר און בלייבן וועל איך נאָך דויערהאַפטיקער פון שטיין״, און ווען עס איז געווען די טיפע אמונה, וואָס האָט זיך איינגעקריצט מיט ווי׳ און האָפענונג, אַז עס וועט קומען די שיינע אויסגעבענקטע צייט...

אָבער אויך אין די דאָזיקע אָפענע און — לאָמיר זאָגן — בונטאַרישע לידער פון יענער תקופה, איז ווי׳ אויסגעבונדן און פאַרקניפּט דאָס געוואָגטע וואָרט מיט דעם שטילן לירישן געפיל, דאָס אינטים־איבערגעלעבטע מיט דעם אומרו און שטורעם פון צייט, אידעע און שטימונג. אָבער איבערוועגנדיק און דאָמינירנדיק אין זיין שאַפונג איז תמיד דער יחידישער טאָן, זיין געפיל, זיין בענקשאַפט. אַט שילדערט ער זיין אָרעמע גאַס, און וואָרעמע טאַטע־מאַמע־שטוב, ווו צוביידע האָט ער געוואָלט „דערלאַנגען איר פענצטער פולע מיט זון״... און ווו אין איינעם פון זיינע לעצטע לידער זינגט ער:

און ווידער און אָבער — די גראַמען
פאַרשטעלן מיין לעבן ווי קראַטן,
איז דאָס דען די שפּראַך פון מיין מאמען?
איז דאָס דען דאָס ליד פון מיין טאַטן?

ווו זענען פאַרפאַלן די חנען?
אין שבת־פאַרנאַכטיקע שעהן
געהערט האָב איך זינגען און וויינען
דעם יידיש אין „גאָט פון אברהם״.

עס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש, ווי דער אידעישער איבערברוך ביי העלערן פירט אים מיט דער נאָסטאַלגיע און ווי מיט אַ ווייטיקדיקן שולד־געפיל לגבי דער היים, צו די פרומע טאַטע־מאַמע, פאַר וועלכע ער איז געווען משמעות נישט המשך, נאָר אַ ריס און אין פאַרשידענע וואַריאַנטן און נוסחאות חזרט זיך איבער אין זיין ליד די בענקשאַפט נאָך דער וואָכעדיקייט און נאָך די שבתים אין זיין מאַמעס שטוב, ווען ער בעט „פאַרגיב מיר אַלע קרומע גענג״.

בינעם העלער האָט געהערט צו די יונגע, געוואַגטע דיכטער אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן, צו די קעמפער און מאמינים, וואָס האָבן געטראָגן מיט פרייד און אָפּפער, מיט מסירת־נפש און גרייטקייט די אידעען און שטרע־בונגען פאַר אַ ניי יושרדיק לעבן... פאַר אַ ניי יידיש־לעבן... עס איז געווען נאַטירלעך פאַר אים, ווי פאַר אַ סך אַנדערע, אויפצונעמען און פאַראייגענען אָט דעם געראַנגל אין יידישן וואָרט און אין יידישן ליד... יאָרצענדליקער איז בינעם העלער געטריי מיטגעגאַנגען און באַזונגען דעם גלויבן און די אידעען, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין קינדהייט און יוגנט. עס האָט אָבער, משמעות, טיף אין אים געהויערט אַ יידישער גלויבן, ער האָט אים געכאָוועט און אויפגעהיט ביז ער וועט צוריקקומען צו דעם היימישן מיט, צו די „פאַראומערטע יידן, פאַרקלאַפּטע אין לאַנגע מלבושים".

איז נישט נאָר מיט זיין דיכטערישן אויסדרוק איז אַנדערש זיין ליד. אין זיין שאַפונג, — אפילו פון יענע יאָרן — וויברירט און צאַפּלט דאָס יידישע געמיט, דאָס אייגנדיקע און עכטע פון יידישן מענטש און דיכטער. מיט דעם איז בינעם העלערס שאַפונג אַנדערש, וואַרעמער און נענטער און ער זינגט אַרויס יחידיש און געטריי פון און איבער דער רעוואָלוציאָ־נערער, סאָציאַלער דיכטונג. דערפאַר האָט ער אויך אַזוי טיף און רירנדיק איבערגעלעבט די טראַגישע יאָרן, אין וועלכע ער האָט דערזען אַ נייע וואָר, די נייע וואָר פון יידישן מענטש און פון יידישן כלל, אָט די נייע ווירקלעכקייט וואָס שמידט גורל פון פאָלק און מענטש, און צווינגט צו חשבון־הנפש און פירט אים צו זעלבסטפייניקונג:

און אפשר פאַלט אַ טייל פון אָט דער שולד
אויף מיר — דערפאַר, ווייל איך האָב אויך געשוויגן?
די שרעק האָט מיך פאַרגליווערט און צעדולט
און איך האָב נישט געוועדט זיך קעגן ליגן.

דאָס זענען דווקא נישט קיין אויסדרוקן פון תשובה, אויף דעם פאַר־שניטענעם אומגעבראַכטן גלויבן. ווי וויניק ווער, האָט בינעם העלער אויפגעפּראַלט און אויפגעמאַכט דאָס האַרץ און געמיט, אָפן און קלאָר ווי אַלעמאָל, האָט ער געבראַכט זיין טענה און זיין וויי:

ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר די טרערן,
ביי וועמען זאָל איך מאָנען פאַר דעם בלוט,
אַז איך האָב זיך געשראָקן צו דערהערן
אין מיינע רייד די אייגענע — דעם מוט?

און בינעם העלער האָט דווקא געהאַט דיכטערישן מוט.

די געשיכטע פון אונדזער ליטעראַטור ווי די געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וועט נאָך זיכער אַמאָל דערציילן אָט דאָס טראַגישע קאַפּיטל פון דער אומגעבראַכטער און דערשטיקטער יידישער ליטעראַטור אין דעם לאַנד פון די אַמאָליקע האָפענונגען — אין ראַטנפאַרבאַנד. בינעם העלער וועט דאָ נישט זיין דער דיכטער, וואָס האָט זיך געשלאָגן על חטא און געזוכט צו טאָן תשובה. ער וועט דאָ אויפטרעטן ווי דער זינגער וואָס האָט מיט אַ צעוויטיקט האַרץ דערזען, ווי אָט די חלומות, אָט די האָפענונגען און דער גלויבן איז געוואָרן צעטראָטן, פאַרשעמט און דערמאָרדעט.

דאָס בוך „ביים ראַנד" איז אפשר דאָס שענסטע, הגם אויך דאָס אומעטיקסטע געשאַנק, וואָס העלער האָט זיך אַליין געשאָנקען און צוגעטראָגן צו זיין ווערן אַ בן חמישים.

פאַראַן אין דער זאַמלונג דאָס דעראָבערטע ביסל טרייסט און די דערהויבונג, דער שמייכל און זון־שטראַל, וואָס דאָס נייע לעבן דאָ האָט אים געגעבן.

דאָס זענען די לידער, ווו ער דערשפּירט די פרישקייט פון אייגענעם ישראלדיקן פרימאָרגן. די לידער פון „כנרת" און „גליל", דאָס געזאַנג פון „אַ נאַכט אין צפת", און די רחבות און רויקייט פון „נגב", ווו: „דער מידבר ליגט אָפן און פריי און וואַרט אויף מענטשלעכע הענט", און די מאַיעסטעטישקייט פון „כרמל", ווו: „די לופט דאָ איז לויטער און האַרב און שמעקט מיט דעם ריח פון וויין".

דאָ האָט העלער דערפילט דאָס נייע און אייגענע, וואָס מונטערט אויף און איז אויך מחייב.

איז זיינס אַ לעצט ליד, וואָס איז אַזוי ליריש שיין און פּאָעטיש דערהויבן זאָגט ער:

די רויזן האָבן ליב מען זאָל זיי שניידן.
די רויזן האָבן ליב — ווי שווער איז דאָס צו הערן!

**היים און דויער**

דאָס איינציקע, וואָס איך וויל איצט פאַרמיידן
איז — יעדע שיינקייט צו צעשטערן.

די ערשטע רויזן, פלאַמיקע און רויטע, —
אַ גרוס פון אונדזער יוגנט דער פאַרברענטער.
דאָס זענען דאָך סימנים אָנפאַרטרויטע
פון יענער ליבע אין די פרעמדע לענדער.

**ברענגט ער איצט דאָס ליד פון אייגן לאַנד, פון אייגענער היים און אייגענער רויז אַן אויסגעטונקטע און אויפגעגאַנגענע נאָך יאָרן פון יסורים און טיפער מענטשלעכער איבערלעבונג.**

# א. קאַרפּינאָוויטש

ס׳געהער זיכער צו דער ישראלדיקער אייגנאַרטיקייט, וואָס היינט צו טאָג געפינען זיך דאָ אין לאַנד די יונגסטע שאַפער פון דער יידישער ליטעראַטור. אברהם קאַרפּינאָוויטש איז איינער פון דעם יונגערן דור דערציילער, וואָס ברענגען אַרויס פאַר אונדז דעם פאַרשווונדענעם אָפּגעמעקטן נעכטן, די אומגעבראַכטע היים און אויך דאָס ניי־שטייגערישע פון ישראלדיקן לעבן, דעם ישראל־מענטש אויף דעם נייעם אויסגעראַנגלטן וועג — דעם וועג קיין סדום.

די דערציילונג „דער וועג קיין סדום" איז איינע פון די בעסטע דערציילונגען אינעם בוך און דאַכט זיך, די גרעסטע. דער מחבר האָט מסתמא געוואָלט מאַניפעסטירן מיט איר דעם מאָטיוו און מיין פון זיינע אַלע דערציילונגען.

ס׳איז דער דורכבראָך צום שווער־פעלדזיקן און פון דורות פאַרשטיינערטן באָדן; ס׳איז דער מידבר מיט זיין הוילקייט און וויסטעניש, ווו וואָס ווייטער און טיפער — ווערט די ערד אַלץ האַרטער און פאַרביסענער, „ווי זי וואָלט נקמה גענומען פונעם מענטש פאַרן פאַרלאָזן זי אויף דורות".

דאָס איז נישט נאָר אַ דורכבראָך צום פעלדזיקן, פאַרלאָזענעם באָדן, דאָס איז אויך אַ דורכבראָך צום מענטשלעכן גייסט און געמיט, צו דעם ייד, וואָס איז געקומען פון גלות תימן; צו דעם ייד, דעם שווער־געפּרווטן, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט פון היטלערס גיהנום, צו די יידן פון די אַטלאַס־בערג און פון די מאַראָקאַנער געטאָס: ס׳איז דער וועג, וואָס דאַרף נישט בלויז נענטער מאַכן דאָס הייסע גליאיקע סדום, נאָר אויך פאַרמירן דעם נייעם יידישן מענטש.

קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז דאָס איז אַן אויסגעשריבענע און באַנאַלע טעמע. איז עס אָבער גראָד פאַרקערט. קאַרפּינאָוויטש איז דווקא אָריגינעל און

אייגנאַרטיק סיי אין דער שילדערונג, סיי אין אויסוואַל פון דער טעמע, און בעיקר — אין דעם אופן פון אינטערפּרעטירן געשעענישן, קאָנפליקטן, און פון געשטאַלטיקן דעם יחיד אויפן פאָן פון אונדזער היינטיקערווירק־לעכקייט. פאַראַן אין זיינע דערציילונגען פון יענעם נאַראַטיוון נוסח, וואָס עס פאַרמאָגט די ניי־ענגלישע נאָוועלע, וואָס איז אי פשוט אין איר דערציי־לערישקייט, אי עמאָציאָנעל מיט איר אינערלעכער שטייגערונג.

ווי ס׳רוב שרייבער דאָ אין לאַנד, בעיקר פונעם יונגערן דור דיכטער און דערציילער, האָט אויך אברהם קאַרפּינאָוויטש זיך אַריינגעלעבט אין דער אַטמאָספער און דעם פּייזאַזש פון לאַנד, דערקענט און אויפגענומען דעם ישראל־מענטש, זיינע השגות, זיינע געפילן און שטימונגען, וואָס אין זיי רופט זיך אָפּ און רעדט אַרויס דער טראַגישער נעכטן, די גורלדיקייט פון אונדזער דור און תקופה.

אַ באַזונדערן טאַלאַנט פאַרמאָגט קאַרפּינאָוויטש אין אויפכאַפּן סוזשעטן און פּאַסירונגען. ס׳קאָן זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז ער יאָגט זיך דווקא נאָך סענסאַציעס, אַז ער וויל דווקא שילדערן די אויסגעגליטשטע און סאָ־ציאַל־געטראָפענע מענטשן, וועמענס טונקעלע פּלענער און טועכצן ווערן צונישט, עפּעס ווי צעשמאָלצן אונטער דער הייסער ישראל־זון. ער מאָלט דראַסטישע סצענעס און פּאַסירונגען און ברענגט אַרויס יענע טיפן און געשטאַלטן, וואָס מיר באַגעגענען זיי אויף זייטיקע וועגן פון אונדזער לעבן.

אין די דערציילונגען „גנבים”, „דער נייער אַקאָרדיאָן” און „ווייסע היי־זער”, ווערן געשילדערט מענטשן, וואָס גייען נישט אויפן דרך המלך, מענטשן, וועמען די צייט און סביבה האָבן אויסגעקרימט... אַזאַ איז חיים, וואָס זיינע אַמאָליקע חברים פּרווון אים צוריק אַריינציען „אין פאַך”, נאָר ער חלומט פון אַן ערלעך לעבן און ערלעכער פּראַצע, ער וויל פאַרגעסן, אַרויסרייסן פון זיכרון די פאַרגאַנגענהייט, וואָס הויערט און שרעקט. אָט אַרבעט ער אין פּאַרט, שלעפּט משאות. אָבער ווי דערשלאָגט מען זיך צו אַ לייטישער דירה, אַז זיין חנה זאָל נישט זיין אַזוי פאַרביטערט? אַז: „אַלע אין דער פּרי איידער חיים האָט באַקומען פון דעם ווייבס האַנט דאָס פּעקעלע עסן, האָט ער פריער געמוזט אויסהערן איר שטענדיקן פאָרוואורף — פאַרוואָס מ׳האָט זיך אַריינגעקליבן אין אָט דער חורבה און נישט גע־וואַרט אויף אַ שיכון ווי אַלע אין בית־עולים”...

אָבער חיים פילט, אַז דאָס איז נישט נאָר די פאַרביטערונג פון דער שלעכטער דירה, פון שווערן לעבן. קאַרפּינאָוויטש רירט דאָ אָן אַ פּראָבּלעם, וואָס די מלחמה־יאָרן און די נאָך מלחמה־יאָרן האָבן געשאַפן. ס׳איז דאָס פּראָבלעם פון צוזאַמענלעבן. חיים דערמאָנט זיך אין דער לעצטער נאַכט אין וואַלד. זענען דאָך אירע שמאָלע פינגער געלעגן אַזוי רויק אין זיין ברייטער דלאָניע... „זי האָט אים אַליין געזאָגט: איך וויל נישט וויסן וועד דו ביסט געווען, ס׳הענגט נאָר אָפּ פון דיר, מיר זאָלן זיך נישט צעשיידן... האָט ער זי געצוווּנגען חתונה צו האָבן מיט אים? זי אַליין האָט דאָך אים געזאָגט: איך האָב קיינעם נישט, און דו — אויך נישט. מיר זענען אַרויס פון וואַלד ניי־געבוירענע".

חיימען פייניקט איצט זיין ווייבס האַלטונג, איר מאָדנער קאַלטער קוק אויף אים. אפשר וועט טאַקע אַ נייע דירה אויפריכטן צוריק זייער לעבן?

און אָט קאָן חיים נישט ביישטיין דעם נסיון — ער לאָזט זיך צורעדן פון די אַמאָליקע חברים. אָבער בעת די אַרבעט אַרום אויפרייסן די קאַסע איז אין פולן ברען, און זיינע אַמאָליקע חברים רייבן זיך שוין די הענט פון דער אַפּותיקא וואָס וועט אַריינפאַלן צו זיי, ווערט חיים אָפּהענטיק, אויסגעלאָשן און ציט זיך צוריק: „לאָזט אָפּ, אויף דעם האָסטו געדאַרפט אַרויס פון לאַגער, אָדער איך פון וואַלד?".

דאָס איז נישט דעם מחברס אידעישע צוגעשפיצטקייט. דאָס איז די רעאַליטעט פון אונדזער לעבן. קאַרפּינאָוויטש האָט נאָר אויפגעדעקט די דאָזיקע סביבה, אַרויסגעבראַכט דעם מענטש אין זיינע גראַנגלען מיט זיך, מיט דעם טונקעלן אַמאָל, וואָס טליעט נאָך אויך איצט אין די הינטערשטאָטישע פּעריפעריעס, אין די געסלעך פון יפו. ס׳איז יפו מיט איר בונטן געזעמל פון האַרעפּאַשניקעס און ווילע־יונגען, פון האַרציקע קליינשטעטלדיקע יידן און מיידלעך, וואָס האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון גליטשיקע, לייכטע פאַרדינסטן פון פאַרקויפטער רוישיקער ליבע. אַזאַ איז אַנזשעלאַ, דאָס ספרדישע מיידל — אין דער דערציילונג „ווייסע הייזער" — וועמען די נויט, דאָס ביטערע לעבן אין דער היים האָט פאַרפלאָנטערט אין אָט דער טונקעלער נעץ. אָבער אַנזשעלאַ בונטעוועט זיך, און אפילו אַזאַ געניטער „חתן" ווי אייזיק, וואָס האָט נאָך געפירט דאָס זעלבע געשעפט אין דער אַלטער היים און ווייסט ווי אומצוגיין מיט זיינע כלות — אפילו ער קאָן זיך מיט איר נישט געבן קיין עצה און אַנזשעלאַ גייט אַוועק, גייט

אַוועק זוכן די אויסגעחלומטע „ווייסע, שטילע הייזער אינעם ווייטן נגב״. ווי קומט צו אַנזשעלאָן דער חלום פון די ווייסע שטילע הייזער מיט רויטע דעכער? אַז איר לעצטער חתן האָט איר בלויז געקאָנט אויסטרוימען, אַז אָט נאָך אַביסל וועלן זיי וועלן קומען צו געלט וועט ער קויפן אַ קיאָסק, און מ׳וועט לעבן ווי אַלע מענטשן...

דאָס האָט זאב, דער שטילער, שעמעוודיקער בחור, וואָס אייזיק האָט אים אַמאָל אַרויפגעבראַכט, פאַרזייעט אין איר דעם קערן פון אומרו און גוטס.

מיט די דאָזיקע דערציילונגען איז קאַרפּינאָוויטש איינציקאַרטיק אין דער ישראלדיקער יידישער ליטעראַטור־שאַפונג, ער שילדערט די חבלי־קליטה, די איינגלידערונג־ווייען פון די נייע עולים, פון יענע שיכטן, וועמענס מאָראַל און געוווינהייטן זענען דאָ געפאַלן אויף אַן אומגינסטיקן באָדן...

קאַרפּינאָוויטש ברענגט אַרויס פאַרביקע און געוואַגטע קאָנפליקטן און פאַסירונגען און דאָך ווייעט פון זיי מיט אַ שטילן סובטעלן ליריזם.

אַ דערציילונג פון אַן אַנדערן מאָטיוו און כאַראַקטער איז „דער טויט פון אַ קינסטלערין״. ווי שיין און פול מיט יום־טוב עס זענען די אויפגיי־יאָרן פון אַ קינסטלער, אַזוי טרויעריק און אומעטיק איז דער פאַרגיי. אָט קומט די פאַרעלטערטע זינגערין אויף אַ קאָנצערט און זי פילט, פילט מיט דעם חוש פון אַ קינסטלער, אַז די שיטערע אַפּלאָדיסמענטן פון דעם שיטער־באַזעצטן זאַל זענען בלויז מיטפילנדיקע, נאָר פון טובה־וועגן; ס׳זענען געקומען די, וואָס געדענקען זי נאָך פון אַמאָל, פון איר בלי־צייט. זי פאַר־שטייט און באַנעמט, אַז דאָס איז דער אָנהייב פון סוף אין איר קאַריערע.

דער מחבר פירט זי אַוועק מיט איר אומעט און בענקשאַפט צו דער בריק איבערן טייך און דאָרט קומט אויף אַזאַ סימבאָליש בילד: „דער טייך האָט טרויעריק געזשורטשעט אונטער אירע פיס און זיין איינטאָניק פליסן האָט פאַרלאָשן אין איר מוח דעם לעצטן פונק — אפשר פרוּוון נאָך אַמאָל... אַ טעמפּער וואַסערפליעסק האָט איבערגעריסן די שטילקייט. עטלעכע פייגל האָבן זיך אויפגעהויבן פון די קוסטעס. זשאַבעס האָבן זיך צעקוואַ־קעט. דאָס שיפל האָט זיך שטאַרקער צעהוידעט אויף די אָנגעלאָפענע כוואַליעס — און ווידער איז שטיל געוואָרן״.

אָבער מיינט נישט, אַז דאָס האָט דער מחבר די קינסטלערין אַריינגע־

וואָרפֿן אין די טיפֿע וואַסערן פֿון טייך. דאָס וואָלט געווען אַ אומאינטעד־רעסאַנט, אַ באַנאַל. קאַרפּינאָוויטש איז שוין צופֿיל שרייבעריש געניט ער זאָל טאָן אַזאַ זאַך. דאָס האָט בלויז דער יאָרנלאַנגער אינטימער באַ־גלייטער אירער, דער קאַסטן מיט די גרים־פֿאַרבן, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר געוואַנדערט און דורכגעמאַכט סיי דערפֿאָלגן סיי אַנטוישונגען — דאָס האָט דער גרימקאַסטן פֿאַרענדיקט אַזוי זיין לעבן. און אָט ווי ער שיל־דערט די לעצטע מינוטן פֿונעם דערטרונקענעם גרימקאַסטן און פֿון דער אויסגעלאָשענע קינסטלערין: „זיין ניקעלנע שמידונג האָט אַ שימער געטאָן אין דעם חושך ווי אַ וווּנדער־בליק פֿון אַ בעל־חי, ווען ס׳טרעפֿט עפּעס שלעכטס פֿון אַ צוגעוווינטער האַנט. דאָס קעסטל האָט זיך צעהוידעט אויפֿן אויבערפֿלאַך, געקעמפֿט מיט דעם אַריינדרינגענדיקן וואַסער. עטלע־כע מאָל האָט זיך עס אונטערגעטוקט און ווידער אַרויפֿגעשוווּמען אויף צוריק אין דער הויך. די זינגערין האָט געגעבן אַ שטרעק אויס די הענט איבערן באַריער. איר גאַנץ לעבן האָט זיך געטרונקען אינעם זינקענדיקן גרימקאַסטן. דאָס שטענדיקע האַרץ־קלאַפּן פֿאַר יעדן אויפֿטריט; דער פֿאַרשיכורנדיקער רויש פֿון אָוואַציעס; די זיסקייט פֿון טריומף און די ביטערניש פֿון אַ שלעכטער קריטיק; די אייפֿערזוכט אויף יענעמס דערפֿאָלג און די גלייכגילטיקייט צו אַ צווייטנס דורכפֿאַל. דער פֿאַרביקער אינהאַלט פֿון אַ הינטערקוליסן־לעבן איז געלעגן צעשאָטן אינעווייניק צווישן די פֿאַרשידענע גרים־בלייערס.

אַ פֿאַרשטיינערטע איז זי געשטאַנען ביים באַריער...".

איך האָב בכוונה געבראַכט דעם דאָזיקן לענגערן ציטאַט און אפֿשר נישט גראָד דעם סאַמע כאַראַקטעריסטישן. אָבער אויך דאָ זעען מיר אַרויס קאַרפּינאָוויטשעס קאָרעקטע און בילדערישע שילדערונג־שפּראַך, זיין גוטע דערציילערישע איינפֿאַלערישקייט, וואָס מאַכן פֿריש און אינטע־רעסאַנט די דערציילונגען פֿון זיין ערשטלינג־בוך „דער וועג קיין סדום".

# משה יונגמאַן

משה יונגמאַן איז איינער פון דער גרופּע „יונג־ישראל", און ער האָט טאָקע אַ באַזונדערן זכות מיט דעם, וואָס זיין לידער־זאַמלונג „אין שאָטן פון מולד" איז דאָס בוך נומער 1 פון דער ביכער־סעריע „יונג־ישראל". אַזוי איז אָנגעגעבן אויף דער ערשטער זייט פון דער זאַמלונג, וואָס האַלט 103 זייטן און איז דערשינען אין פּאַריז אין אַ פאַרלאַג מיט אַ שיינעם און פּאָעטישן נאָמען „די גאָלדענע פּאַווע". און ס'איז דערפרייענדיק אַז דאָס בוך איז דערשינען ווי אַן אָנהייב פון אַ פאַרמאָסטענער „ביכער־סעריע".

גראָד פון אַ יונגערן דיכטער איז אָנגענעם און נאַטירלעך צו הערן לידער פון זיין אַמאָליקער היים, פון זיין קינדהייט און יוגנט. דאָס איז דאָך טיילמאָל אַ שליסל צו זיין שאַפן. דורך אַזעלכע לידער דערקענט מען אָפּט און מ'פילט אַרויס זיין דיכטערישע געשטאַלטיקונג, מ'דערקענט זיין סביבה און זיין אַנטוויקלונגס־וועג. נאָר, פאַרשטייט זיך, קיין כלל איז עס נישט.

אין דער זאַמלונג „אין שאָטן פון מולד" איז די טעמאַטיק אַ היימישע און ארץ־ישראלדיקע. נאָר איינס פון די בעסטע לידער דאַכט זיך, אויב נישט טאָקע דאָס בעסטע ליד, איז דאָס ליד „באַנטשע שוויג", ווו ער פירט אונדז אַריבער סיי מיט דער שטימונג, סיי מיט דער בילדערישקייט צו יענע אַמאָליקע גאַסן און הייזער:

גיי איך אין גאַנג מיט אים און שווייג מיר אויס אַ גורל.
וועקן מיך אויף פאַרסאַזשעט־מידע קולות
פון נאָענטער גאַרבעריי, געוויין פון קינדער
און שטעפּן פון מאַשינען אויסגעמישט מיט הוסטן
באַגלייטן מיך אַרויס. איך ווער געבלענדט פון ווייסקייט,
לויף צוריק דורך טונקעלע קאָרידאָרן,
פאַרפּלאָנטער זיך אין שפּינוועבס.

און ווי אַ קראָט מיט קלאָפּעדיקע שלייפן
גראָב איך זיך טיפער איין אין ווענט,
אין טוכלע האָלץ, אין פוילנדיקע שאָטנס...

מיט צוויי מעלות איז משה יונגמאַן זיכער געבענטשט: געוואָגטקייט און שפּעדיק לשון. ביידע זענען אָן ספק וויכטיקע עלעמענטן פאַר אַ דיכטער, נאָר שיינע און וויכטיקע לידער (ארץ־ישראל־לידער), קאָן מען מיט אָט די מעלות אַליין בשום אופן נישט שאַפן. משה יונגמאַן איז נישט קיין אָנהייבער־דיכטער, אָבער אין דעם ערשטן בוך פון אַ דיכטער פון „יונג־ישראל", וואָלט מען געוואָלט דערפילן אויפריכטיקע, דורכגעלעבטע מאָטי־ון, שפּירן אַן אוממיטלבאַרן טאָן, אַ פשוטן אָבער אַן אויפריכטיק מענטש־לעכן, פילן מער ציטער, מער ספיקות, קלאָרקייט און לויטערע פשטות. משה יונגמאַן האָט גראָד יאָ אייגענע מאָטיוון, מאָטיוון פון „צער גידול בּרויט", פון מילך און פון גוטע גאָטס־באַשעפענישן — פון קי, און פון דעם עלנט אין געצעלטן. אָבער ס'איז גאָר־אָפט אַזוי בריהשדיק פונאַנ־דערגעאַרבעט און מאַנטירט פון אַזויפיל צונויפגעשאַפענע ווערטער און אידיאָמען, אַז זיי פירן אַראָפּ פון וועג שוין ביי די ערשטע סטראָפעס, פירן צו קרומע, משונהדיקע בילדער און פאַרגלייכן.

די לידער זענען בשום אופן נישט קיין שווערע און קאָמפּליצירטע לידער, און אוודאי נישט קיין פאַרטיפטע לידער, ווי אַנדערע ווען עס פּרוּוון אַריינטייטשן, די טעמאַטיק איז גראָד אַ היימישע, אַן ארץ־ישראל־דיקע און אַן אקטועלע: געזאַנג צום אויפגעלעבטן מידבר, מחנה עולים און דערקענטעניש צום ברודער פון דער ווייט. פאַראַן דאָ און דאָרט שטי־מונג, פאַראַן מחשבה און פאַראַן אפילו פּאָעטישע אַטמאָספער, וואָס וואָלט זיך מסתמא שטייגעריש אַנטוויקלט, ווען נישט דער אייפעריקער ווילן פון דיכטער צו זיין מאָדערן און צו אימפּאָנירן מיט כלומרשטער נייקייט. און וואָס פאַר אַ פּאָעטישער אויפטו איז אַ שטייגער — „זאָל געבענטשט זיין די פּרוכט אונטער לייב טשערעפּאַכענעם", פּרוכט און טשערעפּאַכע? און לאָמיר נעמען די ערשטע שורות פון דער גרופּע לידער „געזאַנג פון ל"ו קי" (ל"ו איז, ווייזט אויס, אַ באַזונדערע סגולה ביי אים, אַז די לידער זאָלן אויספאַלן פּאָעטיש־סימבאָליש, אַחוץ „ל"ו קי" זענען פאַראַן אויך לידער וועגן „ל"ו כאַטעס"), וואָס קומט נאָך דער „אָדע צו דער קו".

...אַרויסטרייבן כ׳וועל מיינע קי פון די נאַכטיקע שטאַלן.
הוי, מיינע ל״ו קי מיט די זילבערנע שטערנס.
געַנוג שוין געדאַוונט אין שלאָף און זון מעלה־גרה׳ט!

גרינג זאָלן זיין אייך די פיס, ווען מיט אייטער־לאַמטערנעס
אַרויסשפּאַנען שווער אין דער וועלט וועט איר צו טראָגן,
גרינגפיסיק פאַר פרייד און שווער פון ווייסקוואַליקער ברכה.

**מילא, קאָנען מיר פאַרשטיין און באַנעמען דעם מזמור צו דער קו און אוודאי דעם פיינעם זאָג: די זון מעלה־גרהט, וואָס קומט נאָכן פּוסטן, גאָר־נישט זאָגנדיקן „געַנוג שוין געדאַוונט אין שלאָף״, נאָר בשום אופן קאָנען מיר זיך נישט פאָרשטעלן „אייטער לאַמטערנעס״ און אַז מיר האַלטן שוין ביי קי, און ביי מילך און „ווייסקוואליקע ברכה״, ווערן נאָך מער אומנאַטירלעך און נישט־אמתדיק אַזעלכע העלדיש־מאַניפעסטירנדיקע שורות, ווי אינעם לידער־ציקל „מידבר״:**

ווער האָט אין דערן געשפּאַנט דעם ירקון?
ליכט אין די דערן — מיט מילך כ׳פיל זיי אָן!

ווער האָט מחילות צעבערעט אינעם ירדן?
מילך אין מחילות — באַלזאַם אין ירדן!

**רערן מיט מילך? וואָס פאַר אַ נישט־אידעלע און נישט־צאַרטע באַ־ציונג צו דער „ווייסקוואַליקער ברכה״, וועלכע יונגמאַן באַזינגט אַזוי, און לאָמיר נאָר פּרוּוון פאַרשטיין די שילדערונג פון „כפר עופר״ און פון די מענטשן דאָרט, וואָס:**

פילן דיינע מענער
דעם טעם פון סוף,
און דיינע ווייבער
די פיינען פון אָנהייב.
פלאַטערן בייטאָג דיינע ווינדלען
ווי האָפענונגען.

פון די זעקס שורות, ווען מען מאַכט פון זיי אַפּילו נאָר דריי, ווי די געוויינלעכע שרייב־לאָגיק פאָדערט, וואָלט אויך נישט געהאָלפן אויפצוקלערן און צו דערפילן דעם טעם פון סוף און וועלכן סוף, אַ שטייגער, די מענער פון „כפר עופר” פילן עס לויט יונגמאַנס דיכטערישער דעפיניציע.

פון די „ווינדלען ווי האָפענונגען” איז שוין יאָ עפּעס זיך אָנצושטויסן, אַז דאָס מיינט ער די קינדער, דעם נייעם דור. נאָר נאָך אַלעמען באַקומט זיך נישט דערפון קיין טעם פון פּאָעטישער רמזדיקייט, נאָר פּשוט אַן איינדרוק פון אומבאַהאָלפנקייט.

אומבאַהאָלפנקייט מיט אַ ביי־טעם פון פריקרעקייט באַקומט זיך פון די אומשייכותדיקע פאַרגלייכן און אימאַזשן ווי אינעם ליד „געצעלטן”, אַ שטייגער:

הויערן בלעכענע כאַטעס,
און די געצעלטן
ווי מיידלשע בריסט
אָטעמען טענות:

געצעלטן ווי מיידלשע בריסט! נאָר נאָך אַלע זאָגעכצן פון „טעם פון סוף” און „פיינען פון אָנהייב”, דערוויסן מיר זיך אינעם זעלבן ציקל, אינעם ליד „גילגול”, אַז:

ראַנגון, קאַלקוטע, באַגדאַד,
און דאָ זייער תמצית — כפר עופר...

נאָר אין אַ ליד ווייטער האָט ער שוין טענות „צו אַ בלעכענע כאַטקע” טאַקע, וואָס געפינט זיך אינעם זעלבן „תמצית כפר עופר” און ער טענהט אַזאַ טענה:

אַז דיינע בלעכענע ווענט
זענען אפילו צו שוואַך
דעם הימל אויסצוהאַלטן,
און פון דיינע הינערשע פּיסלעך

קאָנען משוררים נהנה זיין
ביים אויפבויען זייערע וואַקלדיקע
קינה־לידער ?...

ווייסן מיר נישט צי דאָס לעצטע פרעגט ער אָדער קאָנסטאַטירט ער, מחמת, לויטן אינהאַלט און אָטעם פון די שורות, שטעלט ער פעסט, נאָר לויט דער פונקטאַציע איז עס אַ פרעגצייכן. און סימן שאלה איז בכלל איידעלער און באַשיידענער און, דאַכט זיך, אַז דער עלעמענט פון באַשיי־דנקייט פעלט אַביסל אויס אין יונגמאַנס דיכטערישן טאָן. באַשיידנקייט איז בלי ספק אַ שיינע און דערהויבענע מידה און אַ פשיטא שוין ביי פּאָעטן. כ׳מיין נישט צו זאָגן, אַז ער איז ראַשיק און העזהדיק, הגם ער איז מער געוואַגט ווי קרעפטיק. אָבער אַ ביסל איינגעבוירענע באַשיידנקייט צי געפלעגטע באַשיידנקייט וואָלט זיכער יונגמאַנען אָפּגעהאַלטן פון אַזאַ זיכערקייט ווי אינעם ליד „אין די אַפּלען פון פּאָלק״:

כ׳וועל קוקן אַריין אין די אַפּלען פון פּאָלק און וועל זען זיך.
הוי! אין יעטוועדן ציטער פון אויג ווי אַ גילגול כ׳דערקען
זיך.

אַפּלען: פון ליבשאַפט אַ ים און איך בין זייער תמצית.
אַפּלען: ווי טראָפּנס פון טוי און מיין פרייד זייער גלאַנץ איז.

און צום סוף ליד:

שוין איז מיין פנים אין אייך און עס ווערט מיר נתגלה:
היינט זענען אַלע אין מיר און אויך איך בין אין אַלע...

נאָר מילא, קיין וועזנטלעכע באַדייטונג האָט עס נישט, ס׳איז דיכטערי־שער אָנשטעל. א מאַניר אזא, און יונגמאַן איז ווייט נישט דער איינציקער, וואָס רעדט מיט אזא היימישקייט און הרחבה וועגן די אַפּלען פון פּאָלק. מער פּאַרזיכטיקער וואָלט יונגמאַן געמעגט זיין מיטן וואָרט, וואָס שלעפּט אים צו אַ צווייט וואָרט און איין וואָרט שלעפּט דאָס אַנדערע און צעקרימט דאָס בילד און צעשטערט דעם געדאַנק.

ס׳וואָלט זיכער געווען יונגמאַנען לטובה, ווען ער וואָלט געווען מער אָפּגעהיט און זיך נישט געיאָגט נאָך איבעראַשנדיקע און נייע אויסדרוקן, פֿאָרמען און פֿאַרגלייכן, נאָר וואָלט אויסדערציילט און באַזונגען זיינע איינדרוקן און איבערלעבונגען און טראַכטענישן, ווי ער טוט עס אין זיינע געציילטע אָבער אויפריכטיקע לידער „באָנטשע שווייג״, „נייער צוויט״, „משיח״ — וווּ ער איז עכט און אמתדיק.

1955

# צבי אייזנמאַן

דער צבי קעסעל ליטעראַטור־פאָנד אין מעקסיקע האָט איצט צוגעטיילט אַ פּרייז דעם יונגן דערציילער צבי אייזנמאַן פון ישראל פאַר זיין זאמלונג דערציילונגען מיט דעם אַביסל אויסטערלישן נאָמען — „די באַן". די זאַמלונג נעמט אַריין זיבן און צוואַנציק דערציילונגען פון פּוילן, דעם מחברס געבוירן־לאַנד, פון רוסלאַנד, דאָס לאַנד וווּ ער האָט אַרומגעוואָגלט אין די מלחמה־יאָרן, און — פון ישראל, צו דעם לאַנד צו וועלכן ער האָט דערגרייכט נאָך אַלע וואַנדלונגען און וואָגלענישן.

צבי אייזנמאַן איז אַ מיטגליד פון דער גרופּע „יונג־ישראל" און טאַקע ער, ריכטיקער זיין קיבוץ יגור, איז עס שוין צוויי מאָל געווען דער מכניס אורח פון די צונויפקומען פון דער שרייבערישער גרופּע „יונג־ישראל".

לאָמיר זיין צופרידן און זיך פרייען מיט דעם יש, וואָס די דאָזיקע גרופּע האָט צוגעטראָגן פאַר דער לעצטער צייט דעם יידישן לייענער — צוויי קאָלעקטיווע, באַשיידענע זאַמלונגען אונטערן נאָמען „יונג־ישראל"; אַ בוך לידער פון דיכטער משה יונגמאַן „אין שאָטן פון מולד" (וואָס איז, אגב, פּרעמירט געוואָרן דורכן פּאַריזער קולטור־קאָנגרעס־אָפּטייל), די זאַמלונג דערציילונגען פון צבי אייזנמאַן, „די באַן" און לעצטנס רבקה באַסמאַנס לידער־זאַמלונג „טויבן ביים ברונעם" און א. קאַרפּינאָוויטשעס דערציילונגען „אויפן וועג קיין סדום".

צבי אייזנמאַן איז אַ זון פון אַ וואָרשעווער יידישער משפחה, אַן אויסגעהאָדעוועטער צווישן יענע קאַסטנדיקע וואַרשעווער הייף, וואָס אין זיי האָט מען געזען די האַרטע, ברוטאַלע וואָר, דעם טאָג־טעגלעכן געראַנגל און אין זיי האָט מען געקאָנט אויך חלומען שיינע חלומות וועגן אַ פרייער און יושרדיקער וועלט. די צעקרימטע טרעפּ און די פינצטערע קאָרידאָרן האָבן אין קינדערישן דמיון זיך געקאָנט פאַרוואַנדלען אין שטאַפּלען, שטאַפּלען וואָס פירן צו שיינע פאַנטאַסטישע הויכקייטן. אַזאַ געמיש פון

טרויעריקער, ממשותדיקער רעאַליטעט און אויסגעהלומטער שיינקייט איז פֿאַראַן אין צבי אייזנמאַנס בילדערישע דערציילונגען פון פוילן.

ס׳איז שוין אַ באַקאַנטע זאַך, אַז ביי קינדער פון אָרעמקייט ווערט באַצייטנס רייף דאָס געפיל און דער רייץ צום לעבן, צום אַרום. ס׳ווערט ביי זיי פרי רייף און צייטיק די נטיה צו רעאַגירן אויף געשעענישן און פּאַסירונגען. נעמען זיי גיך אויף און שפּירן אַרויס די דינסטע ליכט־ און שאָטן־זייטן, זיי פילן טיפער און סענסיטיווער די שאַרפקייט פון עוולות, ווי ז׳עם מינדסטן, צאַרטן גלעט פון נאַטור און מענטש. האָט זיכער אויך ביי צבי אייזנמאַנען זיך צוגעאייגנט — נאָך פון זיין פריסטער יוגנט — אָט דאָס געפיל און די נטיה. דערפאַר אַזאַ קענטיקער אידעישער שטריך, וואָס גייט דורך זיינע סקיצן און דערציילונגען, אַזאַ דינע אָבער וואָרצלדיקע אָנ־געצילטקייט צו שטיין אויף דער וואַך פונעם באַעוולטן און שוואכן. און די דאָזיקע מענטשלעכע דערהויבנדיקע כוונה וואַקסט אַרויס אַזוי עכט און פֿאַרשטענדלעך פון דער סיטואַציע און סביבה.

דאָס איז אַ באַזונדערע דערציילערישע באַגאַבונג, צו קאָנען מאַכן גלייבן און מאַכן מיטגיין מיט דעם קינסטלערישן אמת פונעם דערציילער. און אָט די באַגאַבונג פאַרמאָגט צבי אייזנמאַן. אָט דערציילט ער אונדז פון דעם וואַרשעווער אַנטיקוואַר, ווו: „אַן אייביקער בין־השמשות האָט איינ־געהילט זיין לאַנג, קאָרידאָר־אַרטיק געוועלבל, וואָס האָט זיך קוים אָנגעזען אויף דער רוישיקער גאַס״ ...„אים האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו אינטערעסירן די וועלט אויף יענער זייט אָפּגעשיילטער טיר פון זיין געװעלב. דער רעש, דער אימפּעט, פון וואַרשעווער גאַסן זענען צו אים דערגאַנגען ווי ווייטע אָפּהילכן פון אַ דונער, זיין וועלט איז געווען דאָ אין דער אייביקער דעמערונג צווישן די הירשן־הערנער און קרומע שווערדן, שווערע זשיראַנדאָלן מיט גירלאַנדעס, פאַרפּוצט מיט אַלטפרענקישע פּאָרטעפּיאַנען מיט פאַרגעלטע קלאַווישן, וואָס האָבן אַרויסגעבלאַנקט פון דער האַלב־פינצטערניש ווי ריזיקע ציינער פון פֿאַנטאַסטישע היות״.

נאָר אָט צווישן די הויפנס אַנטיקן, צווישן אייביק שטויביקן, שימלדיקן ריח, וויברירט און רייסט זיך דורך די פרישקייט און דער רייצנדיקער אַראָמאַט פון דער רויז, וואָס די פרוי אויפן בילד האַלט פאַר זיך. און ער, דער אַלטער אַנטיקוואַר קוקט אויף איר יעדע פרייע מינוט, זיצט קעגן איר אין די נעכט: „הערמאַן וואַרט ס׳זאָל ווערן נאַכט, ער זאָל צומאַכן

ס׳געוועלבל, אַראָפּלאָזן די זשאַלוזעס און קאָנען אומגעשטערט קוקן אויף איר, זיין לואיזע... די ווינער סטודענטין, וואָס דער פאָטער אירער האָט נישט דערלאָזט אַז אַ ,יודע׳ און אַן ,אָסט־יודע׳ דערצו, זאָל ווערן זיין איידעם״.

פאַראַן אַ סך שיינקייט און סימבאָלשער מיין אין דער דאָזיקער דערציי־לונג. צבי אייזנמאַן האָט, דאַכט זיך, בכלל אַ נטיה אויסצופאָרמירן און צו שילדערן אַזעלכע אין פלוג סתירותדיקע געשטאַלטן — אויסערלעך וואָכע־דיקע, רוילעכע, אָבער מיט אַ סובטעלער, שיינער און בענקענדיקער נשמה. אַזאַ איז אפילו דער קאַטאַריניאַזש, אזא איז די געפאַלענע אירענאַ, די פאַני ווראָניקאַ, די אַלטע פאַננע, וואָס האָט זיך געשווירן ביים קבר פון איר חתן קיינמאָל נישט חתונה האָבן. ס׳איז פון באַזונדערער באַדייטונג פאַר דעם יונגן שרייבער, וואָס אין זיינע דערציילונגען שפּירן מיר אַרויס די אינטימסטע שטימונגען, די שטילע ווונטשן און באַגערן פון זיינע אַרויסגעבראַכטע העלדן. דאָס פאַרטיפט נאַטירלעך די מיליע און דעם טאָן פון דער דערציילונג, אָבער דער עיקר נעמט עס אַרום מיט אַזאַ איידעלן, שטילן מענטשלעכן אומעט, ווי אַ פאַרבענקט, טרויעריק ליד.

די דערציילונגען פון רוסלאַנד פאַרמאָגן שטימונג און פּייזאַזש פון רוסישער ערד און אפילו ערטערווייז געלינגט צבי׳ אייזנמאַנען אַרויסצו־ברענגען דעם קלימאַט און די אַטמאָספער פון יענעם לאַנד, ס׳איז אָבער גראָד גוט, וואָס ער מאַניפעסטירט נישט זיין כוח אין מאָלן ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל די ברייטע רוסישע פליינען מיט דער שוין באַקאַנטער נאַטור־שילדערונג. דער מחבר בינדט צונויף טרעפלעך און מיט אַ קאָנדענסירט דערציילערישן לשון די פּאַסירונגען און געשעענישן פון דעם פּליט אין דער סביבה, אין דער אַטמאָספער פון סאָוויעטישע מענטשן אין די יאָרן פונעם צווייטן וועלט־קריג. אַ פיינעם איינדרוק מאַכן די דערציילונגען „אויף אַ פאַרוואָרפענער באַן־סטאַציע״, „פּליטים״, און זיין קורצע, בילדע־רישע באַשרייבונג „אין וואַלד״. אין אָט דער לעצטער דערציילונג שילדערט ער מיט אינערלעכן פּאַטאָס און איבערלעבונג דעם לעצטן וועג נאָך די וואָגל־ און פּיין־יאָרן, דעם וועג אַהיים: „כ׳שטעל הילצערנע טריט. אַלץ איז ביי מיר אונטערן שאַרבן איינגעפּרוירן געוואָרן. אַ קליין שפּעלטעלע נאָר איז פאַרבליבן צווישן איין געדאַנק און דעם צווייטן — גיי, שטעל זיך נישט, פאַרהאַלט זיך נישט, נאָר גיי״... ווילט זיך אונדז שוין ציען אַזוי

בילדעריש דעם געדאַנק, ווי צבי אייזנמאַן איז געגאַנגען צוריק צו זײַן אַמאָליקער היים אין פּוילן, וואָס איז שוין מער קיין היים נישט געווען, און פון דאָרטן, ווי די טויזנטער און טויזנטער אַנדערע, צו זײַן נײַער היים, צו די העל־בלויע הימלען, צו דעם גרין־שפּעדיקן טאָל וואָס צופוסנס דעם כרמל־באַרג. —

אויך די ארץ־ישראלדיקע דערציילונגען אין דער זאַמלונג האָבן אַן אייגנדיקן טאָן און אויסדרוק. צבי אייזנמאַן צילט אויך דאָ צו דערזען און אַרויסצוברענגען דעם מענטש. דאָ ווערט דער יחיד נישט צעמורשט אין דעם ווירוואַר פון קיבוץ און קיבוץ־גלויות. דאָ דערשפּירן מיר און פילן אַרויס די אינטימע שטרעבונגען און בענקשאַפטן פון די אַלט־אײַנגעזעסענע און נײַ־געקומענע קיבוץ־חברים, די שטילע בענקשאַפטן פון חנהן, דער לאַנגיאָריקער קיבוץ־חברטע.

קאָן דאָס קאָלעקטיווע לעבן אין קיבוץ פּאַרווישן און אָפּמעקן דאָס יחידישע און אינטימע? ס׳איז גוט וואָס דער יונגער דערציילער נעמט אויף אָט די דינע טענער און וויברירונגען, ווי ער ברענגט אַרויס בילדע־ריש און מיט געמיט די שטימונגען און השגות פון די אַראָפּגעבראַכטע מאַטע־מאַמע אין קיבוץ; ווי ער האָט אויפגענומען און געשילדערט די ווונדערבאַרע געשטאַלט פון דעם אַלטן הערש־בערן, וואָס „שוין פופצן יאָר ווי טאָג נאָך טאָג פילט ער דעם כרמלס גרינעם אָרעם איבער זיך״.

זײַן ערשטע זאַמלונג דערציילונגען איז אַ דערגרייכונג פאַר אים, ווי פאַר דעם המשך פון דער ישראל־שאַפונג אין יידיש.

אַן אַרײַנפיר צום בוך האָט געשריבן מלך ראַוויטש — „אַ וואָרט פון אַן עלטערן חבר״.

1956

# מ. גראָס-צימערמאַן

דער פּעליעטאָן־נוסח וואָס שמעקט מיט שבתדיקער מנוחה, מיט סלאַ־זווישן ווינטער, מיט פּסחדיקע ניס און יידישלעכער פּקחות און וואָס אַ היפּש ביסל יאָרן האָט ער ממש מחיה געווען דעם יידישן פאָלקס־מענטש איז פאַר די לעצטע יאָרן געוואָרן אַ שטיקל יורד.

יידן פלעגן זיך אַמאָל דערקוויקן און אַריינטייטשן און אויסטייטשן די פעליעטאָנישע רמזים, די אָנדייטונגען אויף שררות, מינהגים און מנהיגים.

ס'איז נישט נאָר געווען די הנאה פון לייענען דעם שבתדיקן פעליעטאָן. עפּעס האָט מען דאָ אַליין אויך געקאָנט אויפטאָן, מ'האָט געקאָנט מפרש זיין געדאַנק און כוונה — און אין אַלץ האָט מען געפונען כוונה.

איז אָבער אונדזער היינטיקע וועלט אַן אָפענע — אַן אָפענע אין איר רשעות און איר כסדרדיקן געיעג צו פאַרזאָרגן די וועלט.

און קיין באַהעלטענישן זענען נישטאָ, און קיין רמזים און אָנצוהערע־נישן זענען נישט נייטיק. מ'ווייסט שוין אַלץ.

דאָס איז אפשר שייך דער גרויסער גויאישער וועלט. אָבער אין אונדזער מיט האָט זיך גענומען אויסשאַפן עפּעס אַזוינס ניי, און שטאַרק, און אַנדערשדיק און צעפליגלט. ראַנגלט זיך און גייט געפּאָרט דאָס אַלט־היימישע מיט אונדזער וואָרהאַפטיקייט, בענקשאַפט און אַמאָליקער שטייגער און די העזהדיקייט און געוואַגטקייט פון אונדזער איצט... ניגונים פון דורות שמידן זיך אויס און מישן זיך אויס מיט נייע געזאַנגען, ס'איז אילת מיט קאָלאָמיי און איזמיר מיט לכיש... און ראַקישאָק מיט באר־שבע...

טאָ ווי פילן זיך טאַקע „יידן צווישן יידן" ?

שוין דער נאָמען אַליין, וואָס גראָס־צימערמאַן האָט געגעבן זיין זאַמלונג פעליעטאָנען איז אַ נאָמען מיט באַדייטונג; אַ נאָמען, וואָס צווינגט דיך זיך צו פאַרטראַכטן — „יידן צווישן יידן".

ס׳איז דער רעגנבויגן פון יידישע פראַגן און פּראָבלעמען, ס׳איז די תקופה, — מיר קאָנען נאָך אָט די תקופה נישט אָפּשאַצן און באַטראַכטן. מיר לעבן איר טאָג־טעגלעך לעבן. פאַר אונדז איז עס אָפּטמאָל וואָכעדיקעווירקלעכקייט, אָבער ווי זאָגט גראָס־צימערמאַן אין אַ יום־טובדיקן טאָג, אין אַ יום־טובדיקער שטימונג: „וואָלט איך געווען אַ מאָלער ביי יידן, וואָלט איך גענומען די כלים און דאָס פולע האַרץ און וואָלט געמאָלן אויפן צעברויזטן פּאָן פון ישראלס תנ״כישן געדראַנג, יידישע גרויסקייט פון אונדזער צייט — זי אַליין!״.

איז עס נישט קיין מליצה. גראָס־צימערמאַן האָט פיינט בתכלית השינאה מליצה. גראַד פאַרקערט, ער זוכט דווקא דאָס האַרעפּאַשנע און האַרבע, דאָס וואָכעדיקע און רעאַלע. נאָר אָט דורך דעם שנירלט זיך דורך און גייט דורך די שטילע פרייד פון באַשאַף — חדווה פון באַנייונג.

וואָרצלדיקע טראַדיציעס פון אַמאָל און נייער ישראלדיקער שטייגער — איז טאַקע נישט קיין נייעס אין אונדזער שאַפונג. אָבער פון די פּעליעטאָנען — און דאָס זענען בפירוש נישט קיין פעליעטאָנען אין אָנגענומענעם נוסח — ווערט עפּעס אויסגעבונדן און וואַקסט אַזוי אַרויס איינס פון דאָס אַנדערע, פאַרבינדט זיך איינס מיט דאָס אַנדערע. ווערן אַזוי נאָענט און המשכדיק אַלט־גאַליציע און די באָבע פון באָברויסק מיט די זין און אייניקלעך פון דאָ, וואָס האָבן אַנדערע דאגות און אַנדערע תענוגים. און הגם „אין ישראל האָט זיך אַלץ געביטן פון גרונט אויס״, איז פאַראַן עפּעס אַזאַ רינגלדיקע, אָרגאַנישע, נאַטירלעכע המשכדיקייט...

גראָס־צימערמאַן איז אַ גוטער עסייאיסט, ער האָט פאַרטיפטן און דאַפּינירטן חוש און געשמאַק פאַר ליטעראַטור, דער עיקר האָט ער ליב עיקר. ס׳הייסט ער האָט אויך בריהש, ווייזט אויס, עס געפאָדערט פון זיך. און אַלע פעליעטאָנען זענען עיקר, נישט נאָר אין דעם אינהאַלט און פּראָבלעם, וועלכן ער באַרירט, נאָר טאַקע אין דעם פּרעכטיק־געשאַפענעם סטיל פון זיינע פעליעטאָנען. יעדע שורה איז אַ בילד, יעדער זאַץ אַ שילדערונג, וואָס דעקן אויף שטיקער האָריזאָנט אין דער ברייט און טיף. יעדער זאָג — מחשבה. קאָן עס זיין מיט ליבשאַפט און מיט ביטערניש, אַמאָל ביידע אינאיינעם. גייען ביי אים בכלל אין פלוג אַ סך קעגנגעזעצטע עלעמענטן און מאָטיוון אין איין שפּאַן. דאָס איז זיין כוח. דאָס איז דער אייגנאַרטיקער און כאַראַקטעריסטישער נוסח פון זיינע פעליעטאָ־

נען: יידישע האַרציקייט און סאַרקאזם, לומדישער קרעכץ און לייכטער הומאָר, ליבשאַפט און שאַרף־שפּיזלדיקער אַריינזאָג. גייען זיי אַלע בחברותא אַזוי ניי, און פריש און גאַנץ.

מיט דעם אַליין האָט שוין גראָס־צימערמאַן געשאַפן דעם נייעם נוסח פעליעטאָן. ס'איז זיין אייגנדיקער נוסח. ווייל מען דווקא ציען ווייטער און זוכן וואָרצלען פון זיין פעליעטאָניסטישן מאַניר, וועט מען מסתמא דער־גיין און מוזן דערגיין צו די ווונדערלעכע גאַליציאַנער, צו משה נאַדירן, און ביז צו דעם גרויסן יידישן דיכטער משה לייב האַלפּערין. פאַראַן אין די פעליעטאָנען פון דער חריפות און סאַטירע פון משה נאַדירן — נאָר מיט אַ צולאָג פון יידישער ליבשאַפט און נאַציאָנאַלן גלויבן, און פון צווייטן עפּעס פון דער אָנגעלאָדענער בילדערישקייט, פון פּאָעטישן אימפּעט, וואָס משה לייב האַלפּערין האָט געהאַט.

פאַראַן אין די פעליעטאָנען דיכטערישע צעפליגלטקייט און ריטעם, קאָ־לירפולע בילדערישקייט, ליכט און שאָטן, און אומעט און אָן אומרו, וואָס קומט פון אַ דיכטעריש געמיט. דאַכט זיך אָפט, אַז אים, דעם אויסגעפּרוּווטן שרייבער, וואָס קען די וועלט, און אוודאי די יידישע וועלט, קאָן שוין גאָר־נישט איבעראַשן. זעט אָבער אויס, אַז דווקא די, אָט די, וואָס האָבן אַזאַ סקעפּטישן קוק, קאָנען און זענען מסוגל זיך איבערצונעמען אַזוי טיף און רירנדיק, ווי זיי וואָלטן דערזען מעשה־בראשית.

ווי זאָגט טאַקע גראָס־צימערמאַן אין זיין פעליעטאָן „אויך דאָס איז ירושלים" — „אוודאי וואָלט געווען אַ יושר צו רעדן אַמאָל וועגן ירושלים אָן פּאַטאָס און ראָמאַנטיק, אָן קדושה און קבלה, אָן דוד המלך און כותל מערבי — נו, קאָן מען דען?" איז פאַראַן א סך פייערלעכקייט און דער־הויבנקייט אין זיינע קורצע שילדערונגען, אין זיינע קורצע, אָבער פול־אָטעמדיקע בילדער. אַ פייערלעכקייט, וואָס קומט פון אינעווייניק, פון נשמהדיקן אויפציטער.

ס'וואָלט נייטיק געווען זיך באַזונדער אָפּצושטעלן אויף דער שפּע און אויף דער פאַרביקייט פון גראָס־צימערמאַנס יידיש, וואָס בלינצלט מיט העל־קערנדיקער אידיאָמאַטיק און געשליפענעם היינטצייטיקן אויסדרוק און פירט אונדז צומאָל אויך אַוועק צו יענעם געשמאַקן, האַרציק־פאָלקישן יידיש, וואָס דערמאָנט וואָך און שבת אַמאָל, יענעם שבת, וואָס, ווי גראָס־

צימערמאַן דערציילט וועגן אים: „אַלע געדענקען דעם שבת אַמאָל אין די אַלטע היימען. אונדזער אַלעמענס מאַמע, איבערגעבויגן איבער די בלאָס־גילדענע פלעמלעך, וואָס ציטערן אין די לייכטער, די הענט פאַרלייגט אי־בער די אויגן, די ליכט שעפּטשען ווייבערישן יידיש צום רבונו־של־עולם, וואָס מאַכט שבת אין יידישע שטיבער".

„יידן צווישן יידן" פאַרמאָגט די וואָר און די בענקשאַפט, די וואָך און דעם יום־טוב פון אונדזער היינטיקן יידישן לעבן.

# מ. צאַנין

דער שבתדיקער פעליעטאָן איז נישט נאָר געוואָרן אַ טראַדיציאָנעלער באַלעמער, אַ טריבונע אין דער יידישער פּרעסע, נאָר איז שיער נישט געוואָרן אַן אינסטיטוציע אַ גאַנצע, מיט אויפגאַבן און פאָרמען און נוסחאות. וועלכע צילן בעיקר אָנצווייזן דאָס נעגאַטיווע, טאַדלען דאָס שלעכטס, דעם אומיושר, און אַמאָל אויך אַרויסהייבן דאָס פּאָזיטיווע. ס'איז גאָרנישט קיין קליינינקייט, אין אָט דעם ליגט דאָך שיער נישט די גאַנצע מיסיע און כוונה פון שעפערישן וואָרט, ס'איז דאָך די שליחות פון דער אַלטער אָנגעכמורעטער פּובליציסטיק, פון דער געקליגלטער קריטישער אָפּהאַנדלונג און אפילו פון דער מחשבותדיקער, עלעגאַנטער עסייאיסטיק. נישט מער, דער פּע־ליעטאָן איז נישט מאַריך, ער ברענגט אַ געשעעניש, אַ וועלט־פּאַסירונג, ער צעגלידערט אַ געדאַנק לייכט, הייטער. דערציילעריש מיט נאַראַטיוון הומאָר קריגט ער זיך אַריין מיט אַ מעשה און מיט אַ משל און אַמאָל גאָר פאַרקערט. ווי האָט טאַקע אַנומלט געזאָגט אַ באַגאַבטער פעליעטאָניסט: „אַ משל האָב איך שוין אַ גוטן, איצט פעלט מיר נאָר דער נמשל". און די פּעולה איז אַ גרויסע, ווייל יידן האָבן ווי ס'חיות ליב אָט דעם נוסח פּע־ליעטאָן.

מען דערציילט, אַז ביאַליק האָט אַמאָל נעמענדיק אין האַנט אַריין אַ ביכל לידער פון אַ היגן, ארץ־ישראלדיקן דיכטער, אַ זאָג געטאָן: „אַז מען גיט אַזוי אַ בלעטער די זייטלעך האָט מען גאַנץ ארץ־ישראל פאַר די אויגן". פון יענע יאָרן ווען ביאַליק האָט עס געזאָגט ביז היינט איז ארץ־ישראל פיר, פינף מאָל גרעסער און ברייטער געוואָרן, געוואָרן אַ מדינה. נאָר אויף דער זאַמלונג פון מ. צאַנינס „שבתדיקע שמועסן" בעט זיך אַזוי אָנווענדן דעם זאָג פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן דיכטער. אַז מען בלעטערט און מען לייענט זיך אַריין אין אָט די „שבתדיקע שמועסן" קומט־אויף דאָס גאַנצע ארץ־ישראלדיקע פון אונדזערע לעצטע יאָרן. די ערשטע

יאָרן פון דער מדינה; פּאָליטיק און ווידעראַנאַנדן; ישראלדיקע געזעל־שאַפטלעכקייט און קולטור־פּראָבלעמען, פראַגן פון אויפבוי און אינדוס־טריע און באַציונגען מיט אויסלאַנד, די באַקאַנטע טעמע פאָלק ישראל און מדינת ישראל, און די קינסטלערישע אַספּיראַציעס פון די יונגע שרייבער און קינסטלער אין דער מדינה, וואָס ווייסן קלאָר נאָר איין זאַך, אַז זיי דאַרפן זיין אַנדערש, ווי מען איז געווען ביז איצט...

אַז איר ווילט, שפּירט איר דאָ, אין די „שבתדיקע שמועסן", דעם געזאַל־צענעם טעם פון ים התיכון מיט די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען וועגן דאָקס און הייב־מאַשינען, איר דערפילט דאָ דעם זאַמדיקן געווירבל פון צעבאַ־קענעם, גליווערדיקן נגב, וואָס מיטן כוח און מיטן דורותדיקן רצון פון פאָלק איז מען אים געגאַנגען איינעמען און לעבעדיק מאַכן, און ס'ווינקען צו אייך די ווייס־געקאַלכטע שיכונים אין דער דרומדיקער הויפּטשטאָט, וואָס וועגן דעם האָבן די זיבן ברונעמער פון באר־שבע קיינמאָל נישט געחלומט...

וועגן אויפטוען און דערגרייכונגען רעדט צאַנין ווייניק אין די „שבת־דיקע שמועסן": דאָס ווייסט מען דאָך אָן אים, ס'איז שוין דאָ ווער ס'זאָל שילדערן און אויסדערציילן וועגן די פּאַרמעסטן און בויונגען, איז וואָס־זשע זאָל ער נאָך אין זיין פעליעטאָן אויך גלעטן איבערן פּלייצע? אַמער איז גלייכער און געזונטער, — נישקשה, מ'וועט נאָך דערפון געגעזן ווערן — ווען ער וועט דווקא אַרויסברענגען און אָנווייזן די קריוודעס, און עוולות, אָפּענע און באַהאַלטענע. און ער דרינגט אַריין אַהין מיט אַ שאַרף אויג און מיט אַ שאַרף וואָרט.

אמת, אָפטמאָל צעאַרבעט ער עס מיט אַ ביסעלע גוזמא. נאָר דאָס איז שוין דער דרך פון פעליעטאָן, ס'איז חיותדיק נייטיק איבערצוציען די ליניע, אַ נישט קאָן עס דאָך ווערן פּאַרעווע, נישט אַהער און נישט אַהין, טאָ וואָס פּאַראַ טעם קאָן עס שוין האָבן אַ פּאַרעווער פעליעטאָן?

זענען טאַקע די „שבתדיקע שמועסן" געשריבן מיט אַ סך וואָרעמקייט, מיט אַ מין אייפער פון אַריינזאָגן, מיט אַ שנעל אין סאַמע מיט אַריין, אין סאַמע תוך פון דער געשעעניש און פון אונדזער ניי־אויפגעגאַנגענעם שטייגער־לעבן — פון יידישער מדינהשאַפט.

און אפילו ווען נישט אין אַלץ איז מען מסכים מיט דעם מחבר, אָבער הנאה האָט מען פון פעליעטאָן.

צאַנין איז אַ בריהשער שרייבער. ער האָט אַמאָל געשריבן גוטע אָריגי־נעלע דערציילונגען, ער האָט געהערט צו די פּראָזאַיקער, פון וועמען מ׳האָט אַ סך דערוואַרט. איך ווייס נישט צי ער שרייבט נאָך אויך היינט דערציילונגען. אָבער ס׳איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אין אָט די „שבתדיקע שמועסן" קענטיקט זיך אַרויס דער אָטעם, דער באַנעם און מאַניר פון אַ טאַלאַנטפולן בעלעטריסט.

יעדער שמועס איז ווי אַ מעשה פאַר זיך, ווי אַ דערציילונג פון אונדזער וואָרהאַפטיקייט, וואָס רופט זיך איבער מיט דעם אָקערשט פאַרשווונדענעם נעכטן. צי דאָס קומט פון זיין גוט פאַרוואָרצלטן און יוסטן לשון, וואָס טראָגט אין זיך די חדווה און דעם אומעט פון פוילישן ייד? צי גאָר דער פאָלקלאָריסטישער שטאָף, וועלכן מ. צאַנין נוצט אויס און פירט אַריין אין זיין פעליעטאָן מיט אַזאַ רחבות? דאָס איז אפשר נאָר די געטרייע ראַם, די יידיש־יידישע ראַם. דאָס בילד אַליין, דער טאָן, דער מאָטיוו און די טעמע איז אַ היינטיקע, אַן אונדזעריקע, אַן ארץ־ישראלדיקע.

אָפּטמאָל לייענענדיק דעם שבתדיקן שמועס צאַנינס, מיט זיין בכוונהדי־קער אָנגעצילטקייט, מיט זיין סאַטירישער געווירצטקייט, מיט דער פּראָ־בלעמאַטיק פון טאָג־געשעעניש, קאָן זיך אויסדאַכטן, אַז זיין דויער וועט אויף מאָרגן פאַרשווינדן, וועט פאַרשווינדן אין אַ וואָך ארום. איז געקו־מען דאָס בוך, די זאַמלונג פון די „שמועסן" און דווקא באַוויזן, אַז נישט נאָר האָבן זיי לעבנס־כוח, נאָר אַז זיי פאַרמאָגן די פרישקייט, וועלכע ס׳פאַר־מאָגט גוטע וואָרט־שאַפונג; אַז זיי פאַרמאָגן דעם רייץ און די פּלאַסטיש־קייט פון דערציילונג, וואָס שילדערט פאַר אונדז אויף אַ לאָקנדיקן און נאַראַטיוון אופן אונדזערע איבערוואַנדלונגען, אונדזערע קליינע און גרויסע געשעענישן, פּראָבלעמען און פראַגן, וואָס רינגלען אונדז אַרום, וואָס זע־נען מיט אונדז פאַר די יאָרן פון אויפקום פון דער מדינה.

# מרדכי יאָפּע

(„פון דער העברעישער פּאָעזיע" — אַנטאָלאָגיע)

מרדכי יאָפּע איז אַ ליטווישער ייד זינט דורות. זיין טאַטע איז געווען ראַבינער אין דעם שטעטל דוסיאַט. טאָ ווי קומט עס צו אים אַזאַ התלהבות ווי אַ שטייגער פון אַ חסידישן ייד פון פּוילן?

יאָפּע האָט אָנגעהויבן מיט לידער, נאָכדעם האָט ער געשריבן דערציילונגען, שפּעטער — אַרטיקלען און רעצענזיעס. אָבער ווען מיט צוואַנציק יאָר צוריק איז דערשינען זיין זאַמלונג עסייען „רינגען אין דער קייט", האָט מען דערזען אַן אייגנאַרטיקן באַנעם פון ליטעראַטור און פון ליטעראַטור־פּראָבלעמען, און דער עיקר אַן אייגנדיקע אויסדרוק־פאָרעם. זיינע עסייען זענען געשריבן זייער עמאָציאָנעל, מיט אַ סך גליאיקע ווערטער און באַצייכענונגען און מיט אַזאַ וואַרעמער באַהאַרצטקייט, וואָס אפילו זיין זאַפּטיק פליסיקע מליצה — אַן השפּעה מן־הסתם פון דער העברעישער מליצה — איז נישט מסוגל לעבלעכער צו מאַכן און אָפּצוקילן.

מרדכי יאָפּע האָט סכנותדיק ליב דאָס עצם שרייבן, ער איז אַ פאַרליבטער אין דער טעמע אויף וועלכער ער שרייבט. אויב ער שרייבט נישט מיט פּאַטאָס, איז אָבער זיין שרייבן אַלע מאָל יום־טובדיק, פייערלעך, מיט דערהויבנדיקער שטימונג. ווי אַ קריטיקער פעלט אים אָבער אָפט דער קילער און ניכטערער קוק און די באַזונדערע רויקייט. אָבער זיין אהבת־ליטעראַטור און זיין אהבת־שאַפונג צוזאַמען מיט זיין שרייבערישער באַגאַבונג, האָט אים געהאָלפן אויפצושטעלן איינס פון די וויכטיקסטע ווערק אין אונדזער ליטעראַטור.

מרדכי יאָפּע האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן דעם געביט פון העברעישער פּאָעזיע. שוין מיט פיר און צוואַנציק יאָר צוריק איז דערשינען אינעם באַקאַנטן קלעצקין־פאַרלאַג זיין „אַנטאָלאָגיע פון דער העברעישער פּאָעזיע". דאָס איז געווען אַ געוואַגטער פּרווו. ביי אונדזער גאַנצער ליטעראַטור־שעפערישקייט איז נאָך אַן אַנטאָלאָגיע ביי אונדז אַלץ נישט קיין צו־אָפטע

זאַך. אַוודאי איז די עצם־אויפגאַבע פון אַן אַנטאָלאָגיע ווייט נישט קיין לייכטע. די אַרבעט פון צוזאַמענשטעלן אַן אַנטאָלאָגיע ווערט דאָס רוב געמאַכט פון יחידים, און נישט תמיד מיט כראָנידיקער צוגעגרייטקייט, שפּירט זיך אָפּט די אומבאַהאָלפנקייט, אומפּינקטלעכקייט און אמאָל אויך די טענדענץ פון צוזאַמענשטעלער.

מרדכי יאָפּע האָט די אַלע שוועריקייטן געהאַט פאַר זיך. אָבער זיין אַר־בעט איז נישט באַשטאַנען בלויז אין אויסקלייבן, אין אויפזאַמלען און קלאַסיפיצירן, זיין אַרבעט און דער גרויסער זכות פון זיין אַרבעט איז באַ־שטאַנען אין איבערזעצן דעם ריזיקן מאַטעריאַל. יאָרן אויף יאָרן האָט יאָפּע געזאַמלט, איבערזעצט, געפּאָרשט און אויסגעשפּירט דעם באָדן און די סביבה פון די שאַפער און פון די שאַפונגען.

פון יענעם באַנד פון דער אַנטאָלאָגיע, וואָס איז דערשינען מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק אין ווילנע ביז די נישט־לאַנג־צוריק דערשינענע צוויי בענדער (פאַרלאַג „ציקאָ", ניו־יאָרק), האָט מרדכי יאָפּע אויסגעברייטערט און רייכער געמאַכט דעם מאַטעריאַל, פאַרטיפט און מהותדיקער געמאַכט סיי די איבערזעצונגען, סיי די כאַראַקטעריסטיקעס וואָס ער גיט פון יעדן פון די דיכטער.

די „אַנטאָלאָגיע פון דער העברעישער פּאָעזיע" איז אַ נכס־רב ויקר אין אונדזער ליטעראַטור. פאַראַן אַן אַנטאָלאָגיע פון דעם פיינעם און סובטעלן דיכטער י. י. שוואַרץ, אָבער שוואַרצס אַנטאָלאָגיע נעמט אַרום די שאַפונג ביז ביאַליקן, בעת יאָפּע ברענגט פון די סאַמע אָנהייבן ביז די יונגסטע דיכטער אין ארץ־ישראל און אין אַמעריקע, (פינף יונגע אין אַמעריקע).

די קנאַפּע ניין הונדערט זייטן פון דיביידע בענדער זענען געטיילט אין פאָלגנדיקע גרופּן: באַנד איינס: „מיטלאַלטער", „נייצייט און השכלה", „רענעסאַנס און ארץ־ישראל". באַנד צוויי: „יונגער דור", „אמעריקע", „דיכטערינס" און „הומאָר און שאַרפזין". אין די טיילן און גרופּן ברענגט יאָפּע כאַראַקטעריסטישע מוסטערן פון דער העברעישער דיכטערישער שאַפונג פון אַלע תקופות און צייטן.

פאַרשטייט זיך, ווי יעדע איבערזעצונג פון פּאָעזיע, זענען די מעגלעכ־קייטן פון פאַרלירן לגבי דעם אָריגינאַל, אַ סך גרעסער ווי די שאַנסן צו געווינען אין דער איבערזעצונג. פונדעסטוועגן, דאַכט זיך מיר, אַז טייל לידער, האָבן באַקומען מער פאַרב און מער דיכטערישן אָטעם אין יאָפּעס

דיכטערישן יידיש, באַזונדער — די לידער פון די יונגע אין ארץ־ישראל. און אפילו ביי די סאַמע דערפאַרענע דיכטער אין דעם אינטערעסאַנטן און לאָקנדיקן אָפטייל „הומאָר און שאַרפזין" האָט יאָפע באַוויזן געוואַגטע דיכטערישע אויפטועך.

מרדכי יאָפע האָט זיך איינגעלעבט מיט די טעקסטן, פון די ווייטע יאָרהונדערטער ביז די לעצטע ארץ־ישראל־לידער, מיט די אַלע פאַרשידענע פייזאַזשן, נאַטור־לידער, שטימונגס־לידער, בענקשאַפט־ און ליבע־לידער, עראָטישע מאָטיוון און וועלטלעכע מאָטיוון, נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע מאָטיוון, לירישע מעדיטאַציעס און רעליגיעזע געזאַנגען. בענקשאַפט נאָך גאולה און פּערזענלעכער סאַרקאַזם. דאָ האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן מעכאַנישער איבערזעצונג. דער שלל פון בילדער, די רייכע טעמאַטיק, ווי דער סטיל און די פאָרעם, האָבן געפאָדערט נישט בלויז אַ באַזונדערן באַנעם פון יעדער תקופה און עפּאָכע, נאָר א באַזונדערן צוגאַנג צו יעדן יחיד און צו זיין פאַרשידנאַרטיקער שאַפונג.

ביז גאָר אינטערעסאַנטע אַרבעטן האָט יאָפע געמאַכט אין דער גרופּע „מיטלאַלטער". אַ סך פון די דיכטער פון מיטלאַלטער האָבן בכלל נישט פאַרמאָגט קיין אינערלעכע דיכטערישע גאַנצקייט און זייער פּאָעטישער אויסדרוק איז געקומען דורך קאָמפּליצירטע, שווערע — ווען אפילו מיט שוווּנג און פאַרנעם — אַרויסגעבראַכטע בילדער און מחשבות. אַזאַ דיכטער איז געווען אליעזר הקליר, איינער פון די ערשטע און איינער פון די פּראָדוקטיווסטע פייטנים. יאָפע ברענגט אין אַ געלונגענער איבערזעצונג פיר פיוטים הקלירס. אָט איז אַ פראַגמענט פון דעם פּאָפּולערן פיוט „תפילת גשם":

פאַראַן א שר וואָס איז ממונה אויפן רעגן:
פון צאָרן און פון זעטיקייט באַשטייט זיין נאָמען.
ער ציט אַרויף געדיכטע וואָלקנס אויפן הימל
און גיסט זיי אויס אין שטאַרקע רעגנדיקע שטראָמען.
ער מאַכט דאָס פרישע וואַסער אומעטום צערינען,
עס זאָל פון דעם די ערד אינגאַנצן זיך צעגרינען.
דער רעגן זאָל, דורך שולד, נישט אויפגעהאַלטן ווערן.
בזכות די גלויבקע וואָס טוען אים באַגערן.

**און פון צווייטן קאַפּיטל:**

כ׳וועל צירן דעם געדאַנק און וועל דערציילן וועגן וואַסער,
כ׳וועל שילדערן אַביסל די באַשאַפונג פונעם וואַסער,

ס׳האָט גאָט אין הויך פון הימל אָנגעזאַמלט אוצרות וואַסער,
אין טיף פון דר׳ערד האָט ער באַהאַלטן אָפּגרונטן פון וואַסער.
דורך זיי האָט ער געמאַכט דעם קרייז וואָס טיילט אָפּ ערד פון הימל,
דעם פעסטן באָדן פון דער ערד און דעם געוועלב פון הימל,
ער האָט געטראַכט און האָט געמאַכט אַפּריער ס׳גאַנצע וואַסער.
און האָט עס אָפּגעטיילט אין ימען און אין טייכן וואַסער.
געזען, אַז קיין זאַך קאָן נישט לעבן אויף דער וועלט אָן וואַסער
האָט ער געשענקט, פאַר אַ מתנה אַלעמען דאָס וואַסער.

דאַכט זיך, אַז אין די איבערזעצונגען וואָלט יאָ געפּאַסט אַריינצוּוועבן עלעמענטן פון אונדזער עלטערלעכן יידיש, פאַרשטייט זיך מיט מאָס, און אויף וויפל ס׳זאָל נישט אַריינפאַלן אין תחינות־טאָן. אגב, אין דער גרופּע האָט יאָפּע געמעגט אַריינגעמען די וווּנדערלעכע פּאָעטישע שאַפונג פון ר׳ שלמה אלקביץ „לכה דודי״, הגם אלקביץ איז געווען מער מקובל ווי פּאָעט.

יאָפּע האָט געבראַכט די שאַפונגען פון איבער הונדערט העברעישע פּאָ־עטן. פון יהודה הלויס ים־ און בענקשאַפט־לידער, פון ישראל נאַג׳אַראַ׳ס יחידישע לידער דורך משה חיים לוצאַטו און יהודה לייב גאָרדאָן, חיים נחמן ביאַליק און שאול טשערניכאָווסקי, ביז צו די ארץ־ישראלדיק־אַריינ־געוואָקסענע יעקב פיכמאַן, דוד שמעוני, אביגדור המאירי, נתן אַלטערמאַן און די סאַמע לעצטע און יונגסטע העברעישע דיכטער.

פון שטאַנדפּונקט פון פּאָעטישער איכותדיקייט וואָלט זיכער נישט געווען קיין בלויז, ווען עטלעכע, טאַקע פון די יונגערע ארץ־ישראל־פּאָעטן, וואָלטן נישט געווען פאַרטראָטן אין דער אַנטאָלאָגיע. ס׳איז בכלל מוטל בספק צי וועט פון זייער שאַפונג פאַרבלייבן עפּעס אין דער ליטעראַטור.

אַ באַזונדערע און אויספירלעכע אָפּשאַצונג פאַרדינען די אָפּהאַנדלונגען, וואָס יאָפּע גיט הן צו יעדן געבראַכטן דיכטער, הן אין די אַריינפירן צו די

אָפּטיילן. די דאָזיקע אָפּהאַנדלונגען זענען פון אומגעהייערער חשיבות, הגם זיי זענען געשריבן צו דינאַמיש. ס׳פּעלט אין זיי אָפּט די קאָנקרעטע באַלייכטונג און דער זאַכלעכער אַנאַליז. דאָך געפינען מיר דאָרט אָריגי־נעלע געדאַנקען און מיינונגען.

1957

# שמשון מעלצער

(„על נהרות״ — אַנטאָלאָגיע)

נאָר אַ מענטש וואָס איז טיף דורכגענומען און באַאיינפלוסט פון דער יידישער דיכטונג, פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס קען אירע שטרע־מונגען און מאָטיוון, איז געווען ביכולת זיך נעמען צו אַזאַ געוואַגט ווערק, ווי עס איז די אַנטאָלאָגיע „על נהרות״.

דער ווילן אַריינצוברענגען ווערטן פון דער יידישער שאַפונג אין דער העברעישער ליטעראַטור איז שוין נישט ניי. נישט קליין איז די צאָל ווערק וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן פון יידיש אויף העברעיש און אַריינגע־פירט געוואָרן אין דעם העברעיש־קינסטלערישן וואָרט־אוצר. עס איז אפילו אויפגעקומען אַ ספּעציעלער פאַרלאַג, וועלכן עס האָט פּלאַנירט און געגרינדעט די באַקאַנטע שרייבערין רחל פייגנבערג־אמרי און ווע־מענס אויפגאַבע עס איז געווען צו ווידמען זיך אויסשליסלעך דעם אַריינ־ברענגען די שאַפונגען פון דער יידישער ליטעראַטור אין דער היינטציי־טיקער העברעישער ליטעראַטור.

שמשון מעלצער, דער שעפער פון דער אַנטאָלאָגיע „על נהרות״, איז איינער פון די ווירדיקסטע פּיאָנערן אויף דעם געביט. שוין יאָרן ווי ער זעצט איבער דאָס יידישע ליד, ווי ער גייט נאָך אין די פוסטריט פון דער יידישער שאַפונג אין גאָר דער וועלט. איבערזעצונג איז דאָ בלויז די מעכאַנישע באַצייכענונג — שמשון מעלצער לעבט מיט מיט דעם ליד, אָטעמט מיט דעם אָטעם פון שאַפער, פאַרנעמט די דינסטע וויבראַציעס און שפּירונגען פון זיין שאַפונג. דאָס געמיט פון יידישן ליד, בלייבט דאָס געמיט אין זיין העברעישער איבערזעצונג.

עס איז אונדז שוין אויסגעקומען נישט איינמאָל צו באַוווּנדערן זיין פעיקייט זיך אַריינצולעבן אין דער שאַפונג פון דיכטער און נישט בלויז אין זיין שאַפונג, נאָר בפירוש אין דער וועלט פונעם דיכטער און אין זיין

נשמה, געדאַנק און שטימונג. דערפאַר האָבן מיר באַקומען פון שמשון מעלצערן אַזאַ אייגנאַרטיקע, געטרייע און פאַרביקע איבערזעצונג פון איי־נעם פון די קלאַסיקער פון דער ליטעראַטור ביי יידן — די איבערזעצונג פון אַלע ווערק פון י. ל. פרץ. די דאָזיקע איבערזעצונג און איבערדיכטונג פון פרצס שאַפונג האָט אָן ספק באַרייכערט דעם פאַרמעג פון דער העברעי־שער ליטעראַטור, אַנטפּלעקנדיק פאַר דעם נייעם און יונגן לייענער אין ישראל, די מאָטיוון, שילדערונגען און געדאַנקען פון פרצן און די וויזיעס, געראַנגלען און סימבאָלן פון דער פאַרשווונדענער וועלט.

אויך די אַנטאָלאָגיע „על נהרות", וואָס נעמט אַריין אין זיך צוויי הונ־דערט צוויי און זיבעציק לידער, איז נישט נאָר אַ קינסטלערישער אויפטו און דערגרייכונג, דאָס איז אַן אויפטו אויך פון אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפט־לעכער באַדייטונג. ווי אין אַ פילפאַרביקן פעכער שימערירן און רופן זיך איבער דריי דורות דיכטער; פון אַמאָליקן פוילן, גאַליציע, און פון דער יידישער דיכטונג אין אַמעריקע און ראַטנפאַרבאַנד. פון יידישן געזאַנג שטראָמט אומעטום ליבשאַפט און בענקשאַפט, טאַטע־מאַמע־היים. אין אים לעבן אויף געשטאַלטן פון חומשדיקער און יידיש־אַלטפּאָלקישער פאַרגאַנ־גענהייט, דער נאָענט־אייגנדיקער פּייזאַזש פון היימישע ערטער און די וואַרעמע נאָגעניש צו פאַרלאָפענע יאָרן. לעגענדע און משל, טענער פון אונדזער בלוטיקן פאַרגיין און מאָטיוון פון טרייסט, פון אויסגעטרערטן נחמו עמי...

שמשון מעלצער שטאַמט פון דער גאַליצישער יידישער פאָלקס־סביבה. זיין טאַטע איז געווען אַ טשאָרטקאָווער חסיד, אַ וואַלד־נאַמן, וואָס איז אַלע זיינע יאָרן אַרומגעגאַנגען איבער פאַרשנייטע וועלדער, צווישן גויאישע הע־קער, אַ פאַרטראָגענער אין חסידישע רעיונות און חסידישע ניגונים. און אָט דער דינער, שטילער ניגון, די חסידישע מעלאָדישקייט גייט אויף מיט אַן אייגענער צעזונגענקייט און פרישקייט אין מעלצערס ליד און באַלאַדע, „צווישן טלוסט די שטאָט און טלוסט דעם דאָרף". פון אָט די שאַפונגען זעען מיר זיין צוגעבונדנקייט צו דער פאָלקס־מיליע, צום יידישן שטייגער, און צום יידישן לעבן מיט זיינע האָפענונגען, פריידן און אומעטיקע בין־השמשותן. דערפון נעמט זיך אויך זיין ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צום יידיש־דיכטערישן וואָרט.

אויב דער איבערזעצער איז אַ שותף צו דער שאַפונג, איז מעלצער אין זיינע איבערזעצונגען נישט בלויז אַ גלייכער שותף, נאָר אָפּטמאָל אויך אַ ניי־געשטאַלטיקער, ווייל ער טראַגט־צו צו דער איבערזעצונג זיין טרעפלעך צוגעקליבן וואָרט און אידיאָם, אימאַזש און מעטאַפאָר; זיין אייגענע דיכטערישע איבערלעבונג און געמיט, וואָס פּאַסט זיך אַזוי אָרגאַניש אַריין אין אינהאַלט און פאָרעם פון יידישן ליד.

מעלצער האָט די זאַמלונג איינגעטיילט אין ניין גרופּן, לויטן כאַראַקטער און מאָטיוו. דאָס מאַכט אונדז נאָך בעסער דערקענען די שעפערישע אינדיווידואַליטעט פון די דיכטער.

דאָס אַריינפיר־וואָרט פון דב סדן און די ביאָגראַפישע פאַרצייכענונגען פון משה שטאַרקמאַן, וועלן זיכער נאָך צוהעלפן דעם העברעישן לייענער צו דערקענען די יידישע דיכטער און זייער שאַפונג.

1957

# ב

ח. נ. ביאַליק
שאול טשערניכאָווסקי
י. ח. ברענער
ש"י עגנון
יעקב פיכמאַן
ג. שאָפמאַן
יצחק למדן
זאב זשאַבאָטינסקי
יהודה בורלאַ
משה סתוי-סטאַווסקי

# ח. נ. ביאַליק

ביאַליקס שאַפן איז פון די בולטסטעביישפּילן אַז נישט כמות איז ווינכטיק, נאָר איכות; אַז גייסט און אידעע איז מכריע. ביאַליק האָט פאַר־העלטנישמעסיק נישט געשריבן קיין סך: אַ פּאָר צענדליק פּאָעמעס, אי־בער הונדערט לידער, עטלעכע צענדליק עסייען, אַ צאָל דערציילונגען, און אָט די האָבן אַזוי צאַרט און היימיש גערעדט צום האַרץ און צו דער נשמה פון פאָלק.

ער האָט אויסגעדריקט אין זיין ליד מענטשלעכן אומעט און יידישן טרויער. פרייד פון באַשאַף און צער אויף די יסורים פון פאָלק. אין זיין ליד איז פאַראַן פּאַטאָס און וויזיע, התלהבות און שטראָף. אָבער איבער אַלץ און קודם־כל, איז ער דער גרויסער עכטער דיכטער, וואָס ציט זיין יניקה פון אַלוועלטישע קוואַלן, ווי ער ברענגט עס אַרויס אין זיין וווּנדער־לעכער פּאָעמע „הברכה״:

ס׳איז דאָ אַ שטילע געטער־שפּראַך, אַ שטילער לשון,
וואָס האָט קיין קול און קלאַנגען נישט, בלויז פאַרבן און קאָלירן;
די שפּראַך האָט צויבער, פּראַכט־בילדער און זעונגען, —
אויף דער שפּראַך טראַכט דער האַר פון די וועלטן זיינע טראַכטונגען.
אין איר פאַרקערפּערט יעדער קינסטלער זיינע זעונגען
געפינט באַשייד אין איר פאַר זיינע חלומות;
דאָס איז די שפּראַך פון זעונג, וואָס אַנטפּלעקט זיך
אין פּאַס פון בלויען הימל, און אין זיינע ברייטקייטן.*)

בעת ס׳האָט אים פאַרכאַפּט די געשטאַלט פון „המתמיד״, דער עלנט פון ישיבה־בחור, דער אומעט אין דער שפּעטער נאַכט־שעה אין בית־

*) אַלע געבראַכטע ציטאַטן זענען פון דער איבערזעצונג פון י. י. שוואַרץ.

המדרש און די דערמאָנונגען פון דער אָרעמער פּאַריתומטער שטוב אין דער יוגנט, איז אָבער איבער אַלץ אויפגעקומען אַזוי העל און קוועליק דאָס געזאַנג פון הימל־בלוי, דאָס געזאַנג פון לויכטנדיקן שטערן, פון צע־בליטן ליפּע־בוים, מיט וועמען ער געזעגנט זיך אַזוי רירנדיק־האַרציק ווען די מאַמע פירט אים אַוועק, נאָכן טאַטנס טויט, צום זיידן.

עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ביאַליק זיך אָפּגעגעבן מיטן באַשרייבן זיין לעבן. בלויז עטלעכע קאַפּיטלען האָט ביאַליק אָנגעשריבן, אָבער די דאָזיקע פּאָעטישע שאפונג, ווו ער שילדערט זיין קינדהייט, זיין פרי־פאַר־שטאָרבענעם טאַטן, די אין יסורים־אויסגעפרווטע מאַמע, ברענגט פאַר אונדז נישט בלויז די סביבה און די היים פון זיין געבוירן־אָרט, נאָר לערנט אונדז צו פאַרשטיין זיין אייגנאַרטיקן וועג אַלס דיכטער. ס'ווערן אונדז נענטער מאָטיוון און בילדער, וועלכע ביאַליק האָט מיט אזא שפע אַרויסגעבראַכט. מיט וויפל ליבע ביאַליק האָט צונויפגעבונדן די וואַלינער פעלדער און וועלדער, די שטוביקע אָרעמקייט, דעם שטעטלשן שטייגער, דעם סלאַווישן ווינטער, די בענקעניש נאָך אייגן יידיש לעבן. אָט זאָגט ער אין זיין ליד „בשדה”:

ניט איך האָב אַ וואַרעמען רעגן פאַר זיי ביי מיין גאָט אויסגעבעטן,
ניט איך האָב מיט שוויס פון מיין פּנים דאָס פעלד באַדעקט
וועדנדיק מיד;
ניט איך פלעג זיך פרייען צו קוקן ווי ס'גיסן זיך אָן פול די זאַנגען,
אין שניטצייט — אויף זיי וועט ניט פאַלן מיין פריילעך מיין
קלינגעדיק ליד.
און דאָך זייט איר טייער מיר, פעלדער, פון דאַן זינט כ'דערמאָן
מיינע ברידער,
וואָס אַרבעטן ווייט אין מיין אייגענעם, ליבן, פאַרלאָזענעם לאַנד.
קען זיין, אין דער זעלביקער רגע קלינגט אויף זייער קול אין אַן
ענטפער
צום ווייטן און עלנטן ברודער וואָס לעבט אין דעם גלות אין שאַנד!

ביאַליק, ווי יעדער גרויסער קינסטלער, איז פול געווען מיט קאָנטראַס־טן, שטימונגען, געפילן. אָט איז ער מיט צאַרן און אומעט אויפן לעבן פון

יידישן פאָלק אין דער פרעמד — און אָט איז ער אַזוי צאַרט און שיינענדיק, ווען ער באַזינגט דעם יידישן שטייגער און יידישער טראַדיציע, וואָס האָבן גראָד זיך דערהאַלטן אין „דעם גלות, אין שאַנד". ער באַזינגט די גרויס־קייט פון שבת־קודש, די רייכקייט פון שבת ביי די אָרעמע סעודה־טישן פון זיין טאַטע־מאַמע־היים. אין זיין ליד „מיין מאַמע, זכרונה לברכה" דערציילט ער:

מיין מאַמע, זכרונה לברכה, געווען איז אַ גרויסע צדיקת,
אַ וויסטע אלמנה געזעסן.
איין פרייטיק פאַרנאַכט — ס׳גליט די שקיעה אין שפּיצן פון בוימער —
און אין שטוב — נישט קיין ליכט, נישט קיין עסן.

זי זוכט — און מיט נסים פון הימל — געפונען צוויי פּרוטות —
„ברויט אָדער ליכט?" — מיט דער דעה געשלאָגן.
זי לויפט, קומט צוריק — אין איר מאָגערער האַנט אַ מתנה:
צוויי ליכט אויף צו בענטשן געטראָגן.

אין זיינע אַלע שאַפונגען איז דאָ טיפע דיכטערישע איבערלעבונג. אויף אַלע זיינע שאַפונגען איז דאָ דער חותם פון זיין גרויסער פּערזענ־לעכקייט. קיין איין בילד מאָלט ער נישט מן־הצד. אויף אַלץ הויכט זיין וואַרעמער קינסטלערישער אָטעם. יעדע אַרויסגעבראַכטע מחשבה איז דורכגעגליט דורך זיין טיף־פילנדיק געמיט און אויסגעווייטיקט האַרץ. ביאַליק איז געקומען אין דער ליטעראַטור מיט אַן אָפן און געוואַגט וואָרט, מיט אַ קלאָר און קאָנקרעט וואָרט. ער איז געווען פון די ערשטע, אויב נישט טאַקע דער ערשטער (אַ חוץ יל"גן) וועלכער האָט פאַרוואָרפן די מליצה פון דער העברעישער שירה. מיט דעם האָט ער געעפנט אַ נייע תקופה אין דער העברעישער ליטעראַטור. ווער האָט ביז אים אַזוי לעבע־דיק געשילדערט אַ יידישע היים? ווער האָט ביז אים אין דער העברעישער דיכטונג אַרויסגעבראַכט און געשילדערט די פאַרשנייטע פליינען און די שטעטלשע אָרעמקייט אַזוי ליריש און קרעפטיק אין אויסדרוק, סאָציאַל (און יידיש־פאָלקסטימלעך) און נאַציאָנאַל אין מאָטיוו? דערפאַר זענען

אַזוי איבערצייגנדיק די שורות, ווו ער דערציילט, אַז „נישט פון הפקר איז ס׳ליד מיר געקומען״:

אונטערן האַמער פון ליידן פון גרויסע,
ווען מיין האַרץ, שטאַרקער פעלדז, טוט זיך שפּאַלטן —
פליט דער פונק און שפּריצט אָפּ אין מיין אויג זיך,
טוט פון אויג אין מיין פערז זיך באַהאַלטן.

און פון פערז טיף אין אייערע הערצער,
און פאַרלירט זיך אין אייערע גלוטן —
פאַר דער שריפה וואָס איך האָב פאַרצונדן
טו איך צאָלן מיט מאַרך און מיט בלוטן.

ס׳איז אמת, זיין פערז האָט זיך איבערגערופן מיט דער בענקעניש פון כלל, מיט זיין וואָרט האָט ער געצונדן די געמיטער פון דער נאַציאָנאַל-באַוווּסטזיניקער יוגנט, מיט זיין ליד האָט ער געהאָלפן בויען און פאַרטיפן אונדזער גייסטיק לעבן. ביאַליקס ליד ווירקט מיט זיין נאַענטקייט און וואַרעמקייט, מיט זיין צאַרנדיק וואָרט און מיט זיין לאַשטשעדיקער שטיל-קייט. ער באַווירקט מיט די טענער פון טרייסט און גענאָד. זיין פערז איז איינפאַך און ראַפינירט, מענטשלעך־האַרציק און מייסטעריש געשליפן. דאָס זענען נישט קיין סתירות, דאָס איז דער טיפער קינסטלער, וועלכער ווייסט תמיד דעם סוד פון שלימות.

ס׳איז נישט גענוג צו ברענגען ציטאַטן. ביאַליקן דאַרף מען לייענען, און אויב נאָר מעגלעך — אינעם מקור. פונדעסטוועגן קאָן איך זיך נישט אָפּהאַלטן פון ברענגען עטלעכע פּערלען פון זיינע לידער:

די שכינה שעפּט נחת פון רייד פון דעם יינגל —
און אפשר גאָר לאַכט זי פון אירע קרבנות,
וואָס שליסן זיך איין אין דער פינצטערער תפיסה,
באַגראָבן די יוגנט דאָרט גאָר אָן רחמנות?

(„דער מתמיד״)

און אַנטקעגן אָט דעם קומט שפּעטער אַזאַ פאַרהייליקונג פון תורה־לערנער, אַזאַ אויפגעהיטענע ליבע צום בית־המדרש און צו די „יידן פאַר־חושכטע מיט דאַרע און צעקנייטשטע פּנימער", וואָס —

דאָס האָבן זיי ביי גאָט אונדז אויסגעבעטן;
און שטאַרבנדיק, דאָס האָבן זיי אונדז אָנגעזאָגט צו לעבן,
צו לעבן ביז אויף אייביק.

(„אויב דיין נשמה וויל דערגיין דעם קוואַל")

אָדער אַזאַ חנעוודיק יינגלש־תמימותדיקע באַוווּנדערונג: ווער האָט מיך אויפגעוועקט אין פרימאָרגן:

מיין מאַמעס אַ קוש, צי דער צוויטשער פון שוואַלבן —
וואָס האָט מיר מיין דרימל און חלום צעריסן?

(„פרימאָרגן שדימלעך")

און ווער קען עס נישט דאָס באַרימטע „מיין ליד", ווו ער פרעגט: „דו ווייסט ווי ביי מיר האָט דאָס ליד זיך גענומען?..."

און ווען ס'פלעגט דאָס האַרץ מיר פון ווייטיקן שטומען,
מיין צונג פלעגט זיך צוקלעפּן שמערצלעך צום גומען,
און ס'פלעגט דאָס געוויין אין מיין האַלדז בלייבן שטעקן —
פלעגט ער אויפן ליידיקן מאָגן מיך וועקן.
דער גריל איז געווען דאָס, דער זינגער פון דלות.

מיט אַ סך יאָרן פריער איידער דער דיכטער־קדוש יצחק קאַצענעלסאָן האָט אַרויסגעשריגן זיינע אויסגעווייטיקטע פּיין־ און צאָרן־לידער „צו די הימלען", זאָגט ביאַליק אין זיינס אַ ליד „הימלען":

הימלען, שטעלט איין זיך פאַר מיר!
אויב גאָט איז פאַראַן אין אייערע טיפן —
נאָר איך האָב אומזיסט אים גערופן —
טוט איר, הימלען, תפילות פאַר מיר!

צו די לידער, דערציילונגען, עסייען, צו די בענדער „יידישע אגדות", וועלכע ביאַליק האָט אַזוי מייסטעריש צונויפגענומען און איבערגעשאַפן (צוזאַמען מיט י. ח. ראַווניצקין), קומט נאָך צו דער פּאָעט־ווירטואָז פון לעבעדיקן וואָרט, דער גייסטרייכער, שאַרפער, פּקחותדיקער ביאַליק, ווי מיר זעען אים אין די צוויי בענדער „ביאַליק בעל פה".

# שאול טשערניכאָווסקי

ווי פון יעדן גרויסן קינסטלער איז אויך שאול טשערניכאָווסקיס ירושה, די ירושה פון זיין פּאָעטישן וואָרט, פון זיין ליד, פון זיין שאַפונג. זענען געקומען איצט די העברעישע שרייבער און געגעבן אַ מער קאָנצענטרירטן אויסדרוק זיין אָנדענק — אַ הויז אויפן נאָמען פון דעם, וואָס האָט אויפ־געהויבן די העברעישע פּאָעזיע אויף די פליגלען פון וועלטישער וויזיע.

מאָדנע, דווקא דער אָנדענק פון דעם, וואָס האָט אַזוי וויניק געגאַרט און געפלעגט דאָס געפיל „צו אייגענע פיר ווענט", צו אייגענער היים, וועט קאָנצענטרירן אַרום זיך די העברעישע שרייבער, דיכטער און קינסטלער. דאָ וועט מען אָפּהיטן דעם איבערבלייב פון גרויסן דיכטער, מ׳וועט פילן אַזוי נאָענט דעם קינסטלערישן אָטעם און דעם צויבער פון דער געשטאַלט — שאול טשערניכאָווסקי.

ביאַליק און טשערניכאָווסקי האָבן דער העברעישער פּאָעזיע געגעבן אַ נייעם אינהאַלט און מאָטיוו. ביאַליק וואָרצלט אין דער טיף, אין יידי־שער טראַדיציע און פאָלקסטימלעכקייט. זיין פּאַטאָס איז דער פּאַטאָס און די בענקשאַפט פון דורות יידן, ס׳איז דאָס טרויעריקע און טרייסטנדיקע געזאַנג פון גלות צו גאולה, ס׳איז דאָס פייערדיקע וואָרט, וואָס איז אויפ־געקומען אין סאַמע מיט פון מאַרטירעלאָגיע און נסיונות. טשערניכאָווסקי האָט אַנדערש דערפילט און אַנדערש אויפגענומען — ער איז לכתחילה אַוועק צו יענע תקופות, וואָס האָבן אים געקאָנט אָנרעגן מיט העראָיק און יידישער גבורה. דערפאַר אַזאַ צעזונגענקייט, פרייקייט און זיכערקייט אין זיינע ערשטע לידער, וואָס האָבן אַרויסגערופן — אין יענער צייט — אַ פאַרוווּנדערונג מיט זייער אַנדערשדיקייט.

עפּעס אַ געפיל פון אָפּגעריסנקייט האָט טשערניכאָווסקי אַרומגעטראָגן אַ לעבן לאַנג, און נישט נאָר אין איינעם פון זיינע ערשטע לידער, וואָס הייסט „נטע זר" — אַ פרעמדע פלאַנץ, דריקט ער אויס דאָס דאָזיקע

געפיל, נאָר אויך שפּעטער, ווען זיין ליד איז שוין געווען רייף און פול מיט נאַציאָנאַלער תשוקה.

צי דאָס איז טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ קינד פון אַן אַנדערער סביבה און קלימאַט? זאָגט ער דאָך אין איינס אַ ליד: „דער מענטש טראָגט אין זיך די פאָרעם פון זיין געבוירן לאַנד". און דאָס לאַנד, ווו טשערני־כאָווסקי איז געבוירן, דער פייזאַזש און די סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט אין די יונגע יאָרן און באַקומען זיין דערציונג, איז אָן ספק גע־ווען אַנדערשדיקער ווי די לאַנדשאַפט, קלימאַט און סביבה, אין וועלכער ס'זענען אויפגעקומען דער רוב העברעישע און יידישע דיכטער.

דאָס דאָרף אויף דער גרענעץ צווישן אוקראַינע און קרים, די דרומדיקע זון, די ברייטע רחבותדיקע פליינען, די יאָדערדיקע, האַרעפּאַשנע געזונטע יידן, וואָס האָבן געוואָלט לעבן און בעיקר — געניסן פון לעבן, די פרייקייט פון דער סביבה, פון אַ יידישקייט, וואָס האָט נישט געבונדן און געפּענטעט, און די באַזונדערע אייגנטימלעכע סביבה פונעם דיכטער, וואָס וועגן זיין משפחה זאָגט ער ערגעץ, אַז „זי איז רייך געווען מיט גייסטיקע ווי מיט פיזישע העלדן", דאָס אַלץ האָט באַשטימט זיין קינסטלערישע געשטאַל־טיקונג.

זיין שאַפונג פאַרמאָגט כמעט נישט יענע יאוש־שטימונגען, ספיקות און נשמה־געראַנגלען, וואָס זענען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דור קינסטלער און דיכטער — מיטצייטלער פון טשערניכאָווסקין. אין דער סובטעלקייט פון דיכטערישן געמיט שפּירן זיך אַרויס זיינע עמאָציעס און איבערלעבונגען:

צי גיסט עס אַ זילבערנער רעגן
און פלעכט זיך אין בלעטער־געווימל,
צי האָבן אין נעצן פון צויבער
פאַרהילט זיך די ערד מיטן הימל?

צי טוט אַ פאַרהוילענער ליכטקוואַל
דער וועלט זיינע חנען באַשערן,
צי האָט פאַר די אויגן אַנטפּלעקט זיך
אַ חלום פון וועלטן אין ווערן?

שאול טשערניכאָווסקי

אין נאַכטיקע שעהן פאַרטרוימטע,
אין שטילקייט פאַרבענקטער אָן ענדע,
דערוואַכן לעגענדעס צום לעבן,
די ווירקלעכקייט ווערט אַ לעגענדע.

(יידיש: ל. אַליצקי)

אין טשערניכאָווסקיס תמידיקער גאַרונג נאָך שיינקייט, איז ער בכוח די ווירקלעכקייט איבערצופאָרמירן אין לעגענדע. ער וויל זען שיינקייט אין פאָלק, שיינקייט אין מענטש. און שוין מיט דעם איז ער געווען ניי און אַנדערש; שיינקייט הייסט ביי אים אויך גבורה, פיזישע קראַפט, שיינקייט פון מענלעכער געוואַגטקייט, אויך אָט דער מאָטיוו ווי דער מאָטיוו פון זיינע מערקווירדיקע נאַטור־ און פייזאַזש־שילדערונגען, שטאַמען פון יענער אַטמאָספער און פון יענעם דרומדיקן קלימאַט, וועלכן ער האָט איינגעזאַפּט אין זיין געבוירן־היים, אויף דער שוואַרצערד און אונטער די הימלען פון קרים. טשערניכאָווסקי איז דאָך נישט געווען — ווי אַלע פון זיין צייט — קינדער פון חדר און ישיבה. וואָלט אָבער אַ טעות געווען צו מיינען, אַז אים איז נישט נאָענט געווען און בפרט אין אַ שפּעטערדיקער תקופה פון זיין שאַפן — דער כאַראַקטעריסטישער יידיש־פאָלקישער אומעט און דאָס שטייגערישע פון געדיכט־פאָלקישן געמיט. אָבער אויך דאָס דערזעט ער און ברענגט אַרויס אויף דער פלאַך פון נייע באַדינגונגען און שטימונגען, וואָס קומען אויף צווישן דער יוגנט און עלטערן דור. אָט איז איינע פון זיינע פּרעכטיקע אידיליעס „קרעפּלעך", וואָס איז אגב נישט לאַנג איבערזעצט געוואָרן דורכן דיכטער לייב אָליצקי. דורך דער דאָזיקער שאַפונג ווי אין אַ סך פון זיינע לידער, באַלאַדעס און סאָנעטן, דערזעען מיר און דערפילן נישט נאָר זיינע אייגנאַרטיקע בילדער, אידעען און געדאַנקען, נאָר שטאַפּלען פון זיין אייגענעם לעבן.

...דעם צאַרטן יינגלס זעל האָט אויפגעהערט פון לאַנג שוין
זיך צו ראַנגלען,
פאַרזאַפּט און אָנגענומען אַלץ פון די דערציער, אויפגעכאָוועט
אין זיך די פרעמדע לערע, און זי וועט אַרויס אין יאָרן
שפּעטער,

דערפרייענדיק די עלטערן און לערער — אַ געלערנט קעלבל.
עס טרעפט זיך אָבער אויך — דאָס יינגל זיך באַפרייט פון
זיינע קייטן,
און זיין נשמה פול איז מיט האַס אַן אייביקן, פאַרבאָרגן,
צו די פאַרשקלאַפער און צו אַלץ, וואָס מ'האָט געניייט זי צו
פאַרערן,
פאַרהייליקן אַקעגן ווילן: און נישט קאָנענדיק זיך ווערן,
באַהעפט זי זיך מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרווערט, געלייגט
אין חרם.

ברייט און טיף איז טשערניכאָווסקיס אידעען־וועלט, נאָר אומעטום פאַר־הערלעכט ער און באַזינגט דאָס פרייע, דאָס זעלבשטענדיקע — פריי טראַכטן, פריי גלויבן, פריי פילן און פריי ליבן, באַפרייען זיך און אַראָפּ־וואַרפן די גלות־פּענטעס. נאָר דווקא אין זיין איינציקער דראַמע, די דראַמע וואָס שילדערט די עפּאָפּייע און טראַגעדיע פון בר־כוכבא, וויקלט זיך אַרויס די בר־כוכבא־געשטאַלט — אויפן פאָן פון היסטאָרישער ווירקלעכ־קייט — ווי אַ קרבן פון ליבע, פון צעהפקרטער ליבע. דאָס דערפירט דעם העלד צו זינד, צו זינדיקע מעשים און הריגה. צו דעם, אַז פון דער גרויסער האָפענונג, וואָס דאָס פאָלק האָט געלייגט אויף בר־כוכבא האָט זי אים שפּעטער באַטיטלט בר־כוזיבא.

טשערניכאָווסקי האָט אַוודאי אחוץ שיינקייט געזוכט אידעע. האָט ער טרעפלעך פאַרבונדן דאָס יידיש־נאַציאָנאַלע מיט דעם אוניווערסאַלן. דערפאַר אויך אזא שפע פון מייסטערישע איבערזעצונגען, וואָס ער האָט געבראַכט אין דער העברעישער פּאָעזיע. אויך דורך דעם האָט ער געוואָלט פאַרבינדן די ניי־העברעישע ליטעראַטור מיט די שאַפונגען אין דער וועלט־ליטעראַטור.

1958

# י. ח. ברענער

ווייניק ווער האָט פאַר אַזאַ קורצער צייט פון זיין לעבן ווי יוסף חיים ברענער באַוויזן אַזוי טיף צו באַאיינפלוסן די העברעישע ליטעראַטור. ברענער איז געווען איינער פון די טראַגישסטע און אייגנאַרטיקסטע גע־שטאַלטן אין דער נייער ליטעראַטור, און אין לעבן פון די לעצטע דורות. אַ שרייבער פון אומגעוויינלעכער פילבאַרקייט, האָט זיין נשמה און געמיט זיך ווי תמיד געצאַפּלט אין פיבערדיקער זוכעניש פון אַ ממשותדיקן באָדן, פאַר אַ געזונטן און נאָרמאַלן קיום פונעם פאָלק. אין זייט צייט האָט, דאַכט זיך, קיינער ווי ברענער אַזוי יסורימדיק־פּיינפול נישט באַנומען דעם גרוי־זאַמען זיין און געאַנט דעם גורלדיקן גאַנג.

אַ מוסטער פון פּערזענלעכער ריינקייט און באַשיידנקייט, האָט ער ליידנ־שאַפטלעך געגאַרט צו ליכטיקע אידעאַלן, גאולה און אויסלייזונג, צו אַ פריי לעבן. נאָך אַ סך גייסטיקע וואנדלונגען האָט ער זיך פאַרבונדן מיטן בראשית פון נייעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

געבוירן אין אַ שטעטל אין אוקראַינע, איז ער שוין צו פופצן יאָר אַוועק פון דער היים און אָנגעהויבן זיין אייגן לעבן. זיין היים — אַ וואָכעדיקע יידישע היים, מיט ווייניק פרייד און מיט א סך דאַגות־פּרנסה. „...פון פירשטן און באַראָנען שטאַם איך נישט. מיין משפחה איז נישט קיין מאַטעריאַל פאַר געשיכטע־שרייבער. מיין פאָטער איז דער זון פון עפּעס אַ ר׳ לייזער עליו־השלום — און מיט דעם דאָזיקן טיטל איז ער עולה־לתורה — און מיין מוטער האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אינעם הויז פון ר׳ ברוך, ר׳ ברוך גאָל־דעס — ר׳ ברוך שענקער. דעם דאָזיקן ר׳ ברוך דערמאָנען די איינוווינער פון מיין געבורטס־שטאָט עד היום מיט אַ קרעכץ, אַזעלכע יידן ווערן וואָס אַמאָל ווייניקער...”. אַזוי הייבט אָן ברענער זיין גרויס אויטאָביאָגראַפיש ווערק.

דער וועג פון יונגן ברענער איז א טיפּישער פאר יענער צייט. בתי־מדרשים, ישיבות, אַרומוואַלגערן זיך איבער יידישע שטעטלעך. אָבער גאָר גיך קומט ער צווישן יידישע ארבעטער, באַנעמט דעם געזעלשאפטלעכן קאַמף, שליסט זיך אָן אין ציוניסטישע גרופּעס. און אָט שטייט ער שוין נאָענט צום „בונד" און ווערט אפילו א רעדאַקטאָר פון א פּאַרטיי־אָרגאַן אין האָמעל. אָבער ברענערס אימפּולסיווע נאַטור לאָזט אים נישט רוען טרייבט אים פון איין עקסטרעם צום אנדערן. די פּעסימיסטיש־פּילאָזאָפישע טעאָריעס וועלכע האָבן אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט שטאַרק משפּיע געווען נישט ווייניק פון די יידישע אינטעלעקטועלע, באַווירקן אויך ברענערן.

אָבער די אַלע גלגולים זענען נישט געווען קיין וואַקלעניש צוליב צייט־שטימונגען. שוין אין יונגן עלטער זיינעם האָט ברענער געצילט צו דער־גרונטעווען זיך צום אמת, דערגיין צום יסוד פון קיום, געפינען אַן אָנשפּאַר וואָס זאָל זיין נאָענט אים, זיין אימפּעטיקן יידישן געמיט און מהות. ער האָט נישט מורא געהאַט פאר סתירות. ער האָט אָפן און געוואגט געענדערט זיינע איבערצייגונגען און מיינונגען. אָבער איינס איז געבליבן אין אים טיף און אָרגאַניש: דער ווילן איבערצואַנדערשן דעם גאַנג און דאָס לעבן פון יידישן פאָלק אין זיין צעשפּרייטקייט. און נאָך עפּעס איז אים אייגן געווען זיין גאַנץ לעבן: דער סינטעז פון רעאַליזם און הייליקייט, קדושה און פּראַקטישע וואָכעדיקייט. אָט דער סינטעז האָט באַשטימט זיין צוגאַנג און באַנעם סיי בנוגע דעם לעבן, סיי אין זיין שרייבערישן שאַפן.

אין דעם זאַמלבוך „ברענער, זיין לעבן און שאַפן", וואָס איז דערשינען (אין יאָר 1941 אין ניו־יאָרק) צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג נאָך זיין טויט, ווערט צווישן אַנדערן געבראַכט אַ בריוו וואָס כאַראַקטעריזירט אפשר אַמבולט־סטן זיין גייסטיקע וועלט. ברענער איז אַלט געווען קוים צוואַנציק יאָר ווען ער האָט געשריבן צו זיין פריינד אַ העברעישן שרייבער: „מיט דיין טעאָריע וועגן „ליטעראַטור לשם ליטעראַטור" אַלס דעם זין פון לעבן, און אַזוי ווייטער, בין איך כלל וכלל נישט מסכים. איך האָב גאָר אַן אַנדערן בליק אויפן לעבן. קורץ געזאָגט: מיר דאַרפן זיך מוסר־נפש זיין און פאַר־מינערן דאָס שלעכטע, דעם הונגער, די קנעכטשאַפט, די לײדיקגייעריי, די צביעות און דאָסגלייכן. מען דאַרף אַלץ פאַרשטיין, פאַרשטיין און זיך

דערוויטערן פון מיסטיציזם און פאַנטעיזם; מען דאַרף שטאַרקן דעם רעאַליזם און די קדושה אין דער וועלט. מען דאַרף מתקן זיין דאָס יידישע לעבן, מען דאַרף עס נאָרמאַליזירן. מיינע אימהדיקסטע נשמה־יסורים זענען דער רעזולטאַט פון מיינע ספיקות בכלל — און בפרט: איך בין נישט צופרידן מיט זיך אַליין...".

אָט דער געוועב פון געדאַנקען איז געווען דער חוט־השדרה פון זיינע שאפונגען. זיך אויסלערנען באַנעמען און פאַרשטיין, און דאַן זוכן איבער־צואַנדערשן, אויסבעסערן, מתקן זיין דאָס יידישע לעבן, — דאָס איז געווען זיין גרונט־מאָטיוו און זיין גרונט־ציל. דערפאַר האָט ער אפשר אזוי איי־פעריק געשילדערט די יידישע נויט, דעם עלנט און דחקות. די מאַטער־נישן און אומבאַהאָלפנקייט פון יידישן מענטש און פון דער יידישער מאַסע. און דער עיקר די אומבאַהאָלפנקייט האָט אים אויפגערעגט און גערייצט. ברענער האָט אין זיין אויפגערייצטקייט געזען דאָס לעבן נאָך נעגאַטיווער און טונקעלער ווי דאָס איז פאַקטיש געווען.

ברענער האָט געשריבן ראָמאַנען און דערציילונגען, פובליציסטישע אַרטיקלען און ליטעראַטור־קריטישע אַרבעטן. מיט בייסיקער סאַטירע ברענגט ער אַרויס די מיליע און די געשטאַלטן פון יידישן שטעטל און פון יידישער מאטעריעלער און גייסטיקער אָרעמקייט. ברענער איז געווען אַזוי פאַרצאָרנט און פאַרביטערט אויפן גלות־לעבן, אז ער האָט נישט דער־בליקט קיין פּאָזיטיוון מאָמענט, נישט אויפגענומען קיין שטראַל. טיף אין אים האָט געצאַפּלט דער ווייטיק אויפן גורל פון זיין פאָלק — „גלות איז אומעטום, אומעטום נישטאָ קיין אונטערשיד", — זאָגט איינער פון זיינע העלדן. און שוין זייענדיק אין לאַנד, אין זיין ראָמאַן „מכאן ומכאן" טענהט ברענער: „נאָר דער יעניקער, וואָס טראַכט: אין רוסלאנד איז גלות, אין פוילן — גלות, אין אמעריקע — גלות, אין ארץ־ישראל — גלות און עס איז נישטאָ קיין אויסוועג פון גלות, נאָר מען דאַרף לעבן צווישן אייגענע, מיט אַלע כוחות פּרובירן שאַפן עפּעס א יסוד אין דעם גלות — נאָר דער יעניקער וואָס דאָס איז זיין אידעע, קאָן וווינען אויך דאָ און אויך דאָ זיך מיען אויסצובעסערן און פאַרשענערן זיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון פאָלק". אוודאי האָט מען אויך דאַן, מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק, ווען די ווערטער זענען געשריבן געוואָרן געקאָנט שטאַרק, גאָר שטאַרק

מחזלק זיין מיט אזא מיינונג און אַ פשיטא היינט, ווען מיר זענען דערגאנ־
גען צו אונדזער זעלבשטענדיקער מדינה.

ברענער האָט נישט פאַרטראָגן קיין ראָמאַנטיק און קיין פאַרשלייערט־
קייט. ער האָט געפאָדערט פון זיך און פון אַנדערע א רעאַלן, קאָנקרעטן
צוגאַנג צו זאכן און געשעענישן. ער האָט געווייכט פון מליצה, פון שיין־
שרייבעריי, זיין סטיל איז פשוט און פאָלקיש, מיט דעם איז ברענער געווען
אַ נייעס אין דער העברעישער ליטעראַטור, וואָס איז יאָרן־לאַנג גוטה גע־
ווען צו מליצה.

אין יאָר 1906 פאָרט ברענער אַריבער קיין לאָנדאָן. די העברעישע שאַ־
פונג אין די אַלטע, איינגעזעסענע יידישע מקומות מאַכט דורך א שווערן
פעריאָד. ברענער טרעט צו אין דעם קאַלטן און פרעמדן לאָנדאָן אַרויס־
צוגעבן אַ העברעישע מאָנאַטשריפט, ער אַרבעט דאָרט ווי א זעצער אין
א יידישער טאָג־צייטונג אין ווייטשעפּל. און נאָך דער אַרבעט ביי דער
צייטונג זעצט ער און רעדאַקטירט דעם „המעורר”. ס׳איז געווען אַן אויפטו.
וואָס די העברעישע ליטעראַטור און קולטור־וועלט האָט אים תמיד ווי געהע־
ריק אָפּגעשאַצט. אין גאַליציע גיט שפּעטער ברענער אַרויס די ליטעראַ־
רישע זאמלביכער „רביבים”. מיט דער צווייטער עליה קומט ער קיין ארץ־
ישראל.

ער איז געקומען אין לאַנד אַן אויסגעבענקטער צו אייגענער ערד, אַן
אויסגעמאַטערטער פון צווייפלען און דערוואַרטונג. אָבער אויך דאָ האָט ער
אַראָפּגעריסן די אויבנאויפיקע זיסלעכע טרוימערישקייט, אַרויסגעבראַכט
ארץ־ישראל אזא ווי ער האָט זי געזען: אַן אָפענע, א גרייטע צו שווערע
נסיונות און געראַנגלען, אָבער אָן פאַלשער פּאַטעטיק, אָן אויפגעבלאָזענער
ראָמאַנטיק.

מיט א שארף אויג האָט ער באַלד דערזען דעם גאנג פון ישוב אין זיינע
אַלע אַספּעקטן, אינעם טראַגישן און מענטשלעך־דערהויבענעם, דערזען די
שאָטן־זייטן און — ווי ברענער האָט געקאָנט — אַ סך שאָטן־זייטן, אָבער
אויך דעם ים מיט ליכט און האָפענונג.

מ׳דערציילט, אַז לכתחילה האָט ברענער געוואָלט אַוועקגיין אין אַ זייט,
לעבן ווייט פון טומל און געזעלשאַפטלעכקייט. שטילערהייט איז ער אַוועק
אין א קאָלאָניע, זיך געשטעלט ארבעטן, און דער יונגער ישוב, די ארבע־
טערשאפט דאָ האָט געגאַרט נאָך זיין וואָרט, געוואַרט אויף זיין טאט, גע־

ווּסט פון זיין אינערלעך־מענטשלעכער גרויסקייט און — זיך געשראָקן פאַר אים...

ווייל ברענער איז געווען שאַרפזיניק, ראַפינירט־קלוג, טיף־דורכדרינ־גענדיק און דערביי „אַ מענטש אָן חכמות״ — ווי ס׳האָט אַמאָל געשריבן וועגן אים הלל צייטלין — „ער האָט געהאַט די רייכסטע לעבנס־דערפאַ־רונג און האָט איבערגעלעבט די שווערסטע פּרוּוון, און איז דאָך געבליבן „אַ מענטש אָן חכמות״...

ברענער איז איינער פון די יסודותדיקע שעפער פון דער מאָדערנער העברעישער ליטעראַטור. אייגנאַרטיק ווי א שילדערער פון יידישן לעבן און פון עכטער פאָלקסטימלעכער יידישער סביבה. ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם דורותדיק אויסגעוויטיקטן יידישן מענטש, דעם געטראָפּענעם פון נויט און דחקות. טיף און געוואַגט איז ברענער אין זיין פּסיכאָלאָגישער באַטראַכטונג און שילדערונג פון מענטשלעכן מהות. ער האָט אַ סך גע־שריבן פון זיין אייגן לעבן, פון זיין קינדהייט, פון זיין היים און סביבה.

ס׳איז אים קודם־כל געגאַנגען אין תוך, אין עיקר. דאָס איבעריקע, סטיל, פאָרעם, נוסח איז אַ נעבן־זאַך. דאָס האָט ער תמיד געפאָדערט אויך אין זיינע ליטעראַטור־קריטישע נאָטיצן און אַרטיקלען איבער העברעישע און יידישע שרייבער און ווערק.

ער האָט זוכה געווען צו האָבן אַ געוואַלדיקע השפּעה אויף אַ דור פּיאָנערן, ארבעטער, בויער און נישט נאָר שרייבער. זיין מאָראַלישע קראַפט האָט געווירקט און ווירקט ביז היינט. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווען אינגאַנצן באַהאַפטן מיט דער ארץ־ישראלדיקער אַרבע־טערשאַפט, מיט אירע אידעאַלן און שטרעבונגען.

אויפגעהעצטע אַראַבישע רוצחישע הענט האָבן אים אומגעבראַכט אין טאָג פון ערשטן מאַי אין יאָר ניינצן איין און צוואַנציק.

# ש״י עגנון

עגנון, דער מייסטער פון דער העברעישער פּראָזע האָט אַמאָל געשריבן יידיש. אָבער בעיקר האָט ער געלעבט יידיש, אין דער חסידיש־פּאָלקישער סביבה פון גאַליציע. און ווייל אַ לעבן לאַנג האָט ער באַשריבן און געשילדערט אָט יענע סביבה, ווו ער האָט פארבראכט זיינע קינדער־יאָרן, האָט ער אויסגעקנאָטן פאַר זיך אַ נוסח און פאָרעם, וואָס איז איינציק־אַרטיק אין דער העברעישער ליטעראטור.

מ׳זאָגט אָפט, אַז עגנון איז דער יידישסטער שרייבער אין העברעיש. אפשר איז עס דערפאר, ווייל קיינער ווי ער אין דער העברעישער ליטעראטור האָט מיט אזא טיפקייט און אינערלעכער פארבונדנקייט נישט ארויסגעבראכט דאָס אמאָליקע יידישע לעבן.

אָבער נישט וועגן דער טעמע גייט דאָ בלויז. עגנון האָט אין זיין לאַנג־אָטעמדיקן דערציילערישן סטיל ארייגעפירט אלע דורותדיקע יידיש־פאָלקישע נשמה־צאַפּלענישן און זיי פאַרבונדן צוזאַמען מיט דער עפּישער דערצייל־קונסט פון די מאָדערנע פּראָזאַיקער.

עגנון איז דער גרויסער שילדערער, ריכטיקער געזאָגט, דער קינסטלער־היסטאָריקער פון יידישן גייסטיקן לעבן, הגם ער ברענגט ארויס אין זיינע ווערק דאָס רעאלע און טאָג־טעגלעכע, אָבער איבער זיי דאָמינירט דאָס יידיש־מהותדיקע. מיר זעען דאָס אין זיינע עפּישע שילדערונגען פון דער אלטער היים: אין ראָמאַן „הכנסת כלה״, אין „אורח נוטה ללון״, אין זיין „ספר המעשים״, אויך אין זיינע צענדליקער און צענדליקער דערציילונגען פון פארגאנגענעם פאָלקסטימלעך יידישן שטייגער: דעם זעלביקן טאָן אָטעם און אַטמאָספער געפינען מיר אויך אין זיינע ארץ־ישראלדיקע ראָמאַנען.

א סך דערציילער און אויך דיכטער האָבן גענומען דעם פאָלקלאָר־שטאָף און אויסגעבויט אימפּאָזאַנטע ווערק אויף דער באזע פון לעגענדע און

מעשה. אויך עגנון האָט גענומען פון יידישן און פון חסידישן רייכן פאָלק־לאָר און מיט דער מייסטערשאפט פון זיין שילדערונג אריינגעפירט עס אין זיינע דערציילונגען. עס קלינגט ווי דורות וואונדערלעכע יידן וואָלטן אונדז דערציילט אַ שיינע כישופדיקע מעשה פון יידישער גבורה, פון העראָיזם און מסירת נפש. נאָכמער, עגנון האָט אַליין געשאַפן פאָלקלאָר, פאָלקישע מעשהדיקייט, חסידישן זאָג און לעגענדע.

דער „סיפור פשוט״, וואָס איז דערשינען נישט לאנג אין יידיש (אין דער געטרייער איבערזעצונג פון אליעזר רובינשטיין), איז גאָרנישט אזא פשוטע מעשה, ווי זי ווערט אָנגערופן. להיפך, פאַראַן אין דעם ווערק אַ סך סימ־באָלישע פאַרשלייערטקייט.

ווי ביי יעדן גרויסן קינסטלער ווערן אויך ביי עגנונען אריינגעפירט זיינע מחשבות און אידעען אין זיינע ווערק, צי דאָס איז אין א קליינער דער־ציילונג, צי אין א גרויסן ראָמאַן.

און אָט וועגן אזא קליינער שאפונג וואָס האָט געמאכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף אַן אנדערן יידישן קינסטלער וויל איך דאָ בקיצור דער־ציילן:

ס׳איז מיר אַמאָל אויסגעקומען צו באַגלייטן שלום אַשן ז״ל אויף אַ שפּאַציר אין זיין שטעטל בת־ים. אַש האָט כידוע ליב געהאט מ׳זאָל אים אויס־הערן. — ווייסט איר — זאָגט ער מיר — איך קאָן מיך נישט באפרייען פון דער איבערלעבונג וואָס איך האָב היינט געהאט לייענענדיק עגנונס א דערציילונג. ס׳איז אַן אַלטע דערציילונג, אָבער דאַכט זיך, אַז דאָס איז דאָס בעסטע וואָס איך האָב ווען עס איז געלייענט. — און תוך כדי דיבור הייבט אָן אש איבערצודערציילן עגנונס מעשה וואָס האָט אים אזוי צערודערט אין יענעם טאָג. און די מעשה איז אזא:

— געוועזן אין שטעטל א ייד, א סופר, א טייערער, ערלעכער ייד, וואָס האָט ליב געהאט זיין ווייב אהבת־נפש. נאָר מעשה שטן (און ווו קריכט נישט אריין דער שטן?) איז די בענקשאפט נאָך קינדער נישט געשטילט גע־וואָרן. יאָרן זענען אוועק און דאָס ווייב האָט אים קיין קינדער נישט גע־בראַכט. טענהט צו אים די משפּחה זיינע און אויך אַפילו דאָס ווייב, זעסט דאָך, אַ שטראָף פון גאָט. נאָר צו וואָס דארפסטו ליידן? קאָן דען א פרומער אָפּגעהיטענער ייד בלייבן אָן קינדער? און אַז ס׳האָט געהאַלטן ביים גט,

צו וואָס דער מאַן האָט בשום אופן נישט געוואָלט מסכים זיין, איז דאָס ווייב פּלוצים פאַרשלאָפט געוואָרן און אַלע מאָל ערגער און אַלע טאָג קראַנקער, ביז זי האָט נעבעך אויסגעהויכט איר טייערע נשמה. האָט דער מאַן שטאַרק געליטן, אַליין געשריבן א ספר־תורה איר לזכרון און אַ נייעם פּרוכת האָט ער געלאָזט מאַכן פון איר חופּה־קלייד...

דאָ האָט שוין שלום אַש, וואָס האָט די גאַנצע צייט גערעדט מיט א פאַר־שטיקט קול פון טרערן, נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן און אויסגעבראָכן אין א געוויין...

זענען מיר דאָ נישט אויסן שלום אַשס געוויין און זיין גערירטקייט פון דער דערציילונג. הגם דער עפּיזאָד איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַ־ציונג פון אַשן צו ליטעראַטור. מיר זענען דאָ נאָר אויסן אונטערצושטרייכן די אידעישע, הומאַניטאַרע אָנלאָדונג אין עגנונס ווערק, וואָס איז שטענדיק דער באַגלייט־מאָטיוו פון גרויסער, שיינער שאַפונג.

# יעקב פיכמאַן

יעקב פיכמאַן האָט געהערט צו יענעם דור העברעישע שרייבער, וואָס האָבן געלעבט און אויפגענומען דאָס יידישע לעבן אין זיין אַלוועלטלעכן היקף און געהאַט טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דעם יידישן שאַפן אין ביידע שפּראַכן, אין וועלכע פיכמאַן האָט זיך געפילט פאַרוואָרצלט.

אין זיינע לעצטע יאָרן האָט פיכמאַן נישט געשריבן קיין סך אין יידיש, נאָר דאָס, וואָס ער האָט יאָ געשריבן („פון מיין יידישן לידער־העפט") איז געווען באַחנט און באַהאַרצט מיט פאָלקסטימלעכן קלאַנג און אָטעם. און „עס איז אַ בושה צו זאָגן, — האָט ער געשריבן אין אַן אַרטיקל אין ערשטן נומער ,די גאָלדענע קייט' — מיר דאָ זענען שוין נישט בכוח צו שרייבן יידיש פולקלאַנגיק, פולפאַרביק ווי עס שרייבן די גרויסע פּאָעטן און פּראָזאַיקער פון דער היינטיקער יידישער ליטעראַטור"

די אידעע פון נאָענטער באַהעפטונג פון יידיש און העברעיש איז געווען ביי אים נישט בלויז אַ פּרומער ווונטש, נאָר אַ ממשותדיקע טאַט. ווייל געפילט האָט פיכמאַן און געוווּסט, אַז ביז גאָר נישט לאַנג איז געווען אַזוי, אַז „די גרויסע מייסטער האָבן געקאָנט דעמאָלט זיך אויסלעבן גאַנץ נאָר אין ביידע שפּראַכן צוזאַמען, ווייל זיי זענען ריטמיש און אינהאַלטלעך גע־ווען איינס. אפילו תפילות זענען אויף אַזויפיל געווען העברעיש, אויף וויפל זיי זענען געווען יידיש. און וואָס איז געווען אַ פּסוק פון תנ"ך, אַ מאמר פון חז"ל? העברעיש מיט אַ יידישער באַפאַרבונג — יידיש אָנגע־וואַרעמט, יידיש באַהאַרצט. דעריבער צעבליט זיך העברעיש נאָך היינט אין דער שאַפונג פון יענע העברעישע דיכטער, וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט יידישער פלאָקסטימלעכקייט (עגנון, הזז און אַנדערע). דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער יידישער שאַפונג: וואָס טיפער עס זענען די וואָרצלען פון העברעיש ביי די בעסערע שאַפער פון דער יידישער דיכטונג, אַלץ אייגנטימלעכער יידישער זענען זיי".

אַזוי האָט יעקב פיכמאַן ווי אַ דיכטער און אַ דענקער געשריבן וועגן דעם זיווג־פּענאָמען — יידיש־העברעיש.

יאָרצענדליקער איז פיכמאַן געווען דער באַגלייטער און פּאָרמירער פון דער העברעישער שאַפונג. מיט זיין ליד, מיט זיינע זאַמלונגען ווי מיט זיי־נע כרעסטאָמאַטיעס און לערנביכער האָט ער געשטאַלטיקט און געפור־רעמט די מחשבה און דאָס וויסן פון די יונגע און יוגנטלעכע, וואָס האָבן באַקומען דורך אים דאָס בילד און באַגריף פון נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און נאַציאָנאַלער וויזיע.

דאָס איז געווען אַמאָל, ווען יידיש לעבן איז נאָך אָנגעגאַנגען אין די היימען פון מיזרח־אייראָפּע און פול געווען מיט גלויבן און ביטחון. די בע־סאַראַבער שווארץ־ערד, פונוואַנען פיכמאַן האָט געשטאַמט און וועלכע ער האָט מיט אַזויפיל שיינקייט באַזונגען — האָט דאָך אים אומרויק געמאַכט ווי ברענענדיקע ערד...

דערפאַר האָט ער אויך, ווי זעלטן ווער אין דער העברעישער דיכטונג, אַזוי איבערגעלעבט און אַרויסגעבראַכט אין זיין ליד דעם טיפן צער און ווייטיק אויף דער אומגעבראַכטער אַלטער היים. דערפאַר איז ביי פיכמאַנען דער דאָזיקער מאָטיוו פון צער און געקלאָג שניידיק און אויפטרייסלענדיק.

אַ גאַנץ לעבן האָט פיכמאַן געשטרעבט צו אַנטפּלעקן שיינקייט צו דעם „יופי הגנוז", צו די באַהאַלטענע שיינקייטן און פּראַקטיקייטן, וועלכע ער האָט איינגעזאַפּט אַמאָל אין זיין קינדהייט אין דער דאָרפישער סביבה אין בעסאַראַביע און שפּעטער — פון דער צעהעלטער לאַנדשאַפּט אין ארץ־ישראל.

מיט שטענדיקער דערוואַרטונג פאַר פולער אַנטפּלעקונג פון שיינקייט און דערהייבנקייט איז פול געווען זיין גאַנץ וועזן: „ס'איז ווי אַ קראַנץ פון נעכטנס און מאָרגנס, אַ געוועב פון ליכט און שאָטן, פרייד און טרויער". און פיכמאַן בענטשט זיי אַלעמען. און אויב דער טאָג האָט אַנטוישט, איז געקומען דער אָוונט — „ווי אַ בשורה פאַר אַ נייעם טאָג, וואָרום מען קאָן נישט וויסן אין פאָרויס וועלכער טאָג איז דער געוווּנטשענער, אָבער גרייטן דאַרף מען זיך פאַר אים יעדן אָוונט".

אין פיכמאַנס אינטימע און יחידישע לידער און געזאַנגען זענען פאַראַן סיי אייביקע אוניווערסאַלע מאָטיוון, סיי מאָטיוון פון אַקטועלקייטן. ער

האָט די טאָגטעגלעכע דערשיינונגען אַריינגעפירט אין זיין ליד מיט דעם אָטעם פון זיין צאַרטן לירישן טאָן.

ער איז געווען אַן עסטעט אין לעבן און אין זיין שאַפן. זיין וואָרט איז תמיד אויסגעאיידלט, הגם זיין אויסדרוק און וואָרט איז פשוט און איינפאַך — אַזאַ ווונדערלעך־האַרמאָנישער סינטעז פון בעסאַראַבער יאָדערדיקער פאָלקישקייט און תנכישן געמיט.

אַ וויכטיק קאַפּיטל אין זיין שאַפן זענען די לידער, פּאָעמעס און באַלאַדעס וועגן לאַנד. אין זיי אַנטפּלעקט זיך די קרעפטיקייט און וויזיאָנערישקייט פונעם דיכטער. זיינע פּייזאַזשן און לאַנדשאַפט־שילדערונגען צייכענען זיך אויס מיט דער געטרייער שטילער און קאָנקרעטער פאַרב. עס איז דער אַטמאָספערישער געוועב פון הימל און ערד און פון יענער ארץ־ישראלדיקער אכזריותדיקער שיינקייט, מיט דער אָפּפרישנדיקער גרינקייט, וואָס צערטלט דאָס אויג און די נשמה. אַזעלכע זענען די לידער פון „יהודה“, „ירושלים“, און „שומרון“. פיכמאַן ווערט נישט פאַרכלינעט פון סענטימענט און ראָמאַנטיק, נאָר זינגט אַזוי שטיל און האַרציק און מיט יענעם אייגנטימלעכן אומעט וואָס איז געווען פאַר אים אַזוי כאַראַקטעריסטיש.

אָט זענען צוויי סטראָפן פון פיכמאַנס סאָנעט „ירושלים“ געשריבן אין יידיש:

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס־געזאַנג, טריפט באַלד ווי אָנגעצונדן,
די אַלטע פּראַכט אַראָפּ פון אַלע גראָע שטיינער,
און גלאַנץ וואָס איז אין טאָג, אין רוישיקן פאַרשווונדן
אַנטפּלעקט אין שקיעה־פלאַם זיך געטלעכער און ריינער.

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס געזאַנג און אין דעם ליכט דעם לינדן
בליען חורבות ניי פאַריונגט, ווי אויפגעלעבטע ביינער.
און רייטלען זיך די מויערן ווי רויזן און ווי ווונדן —
איז אייביקער פון דיר, און מער געבענטשט נישט קיינער.

שטאַרק איז געווען יעקב פיכמאַנס השפעה אַלס אויסטייטשער און ליטעראַטור־קריטיקער. אין זיינע עסייען און ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען געפינען מיר אַ שלל פון פּערל, פּערל פון געדאַנק, פון אידעע און מחשבה. אין וועלכע דער גרונט־טאָן איז אַלעמאָל גלויבן, דערהויבנקייט און ביטחון.

# ג. שאָפּמאַן

ס'איז שווער צו גלייבן, אַז די סקיצן און נאָוועלן, וועלכע ג. שאָפּמאַן שרייבט היינט, זענען געשריבן פון אַ מענטש, וועלכער האָט שוין אַריינגעשפּאַנט אין אַכט און זיבעציקסטן לעבנס־יאָר. אַזאַ פרישקייט און יונגאָטעמדיקייט און אזא פאַרליבטקייט אין לעבן ווי ס'איז פאַראַן אין שאָפּמאַנס שאַפונגען איז אַ באַזונדערע ברכה פאַר אַ קינסטלער. מיט איבער אַ יובל יאָרן צוריק איז ער געקומען אין דער העברעישער ליטעראַטור, און תיכף — מיט זיין אייגענעם וואָרט, מיט אַן אייגענעם קאָנדענסירטן סטיל און מיט אזא שניידיק־טרעפלעכן אויסדרוק, וואָס האָט אים באַלד געשאפן דעם באַזונדערן פּלאַץ אין דער העברעישער פּראָזע.

קורצע דערציילונגען זענען נישט קיין נייעס אין דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער אין דער העברעישער שאַפונג, וואָס האָט געהאַט אמאָל די טראַדיציע פון ברייטע שילדערונגען, פון צעברייטעטער דערציילערישקייט, האָבן שאָפּמאַנס קורצע, אויסגעטאָקטע נאָוועלן און בילדלעך געעפנט אַ נייעם וועג, געשאַפן אַ נייע פאָרעם אין דער קינסטלערישער פּראָזע. וועגן יענע ערשטע יאָרן האָט שאָפּמאַן אַ סך דערציילט מיט שטילער פאַרבענקטקייט און מיט פקחותדיקן הומאָר. ער דערציילט וועגן די יונגע, וואָס פלעגן קומען אינעם כרך וואַרשע, כדי אויסצוהערן די מיינונגען פון די גרויסע יידישע שרייבער. ער דערציילט וועגן דער פרץ־שטוב, ווו: „די יונגע שרייבער אין העברעיש און יידיש, אָט די ניינצן־ און צוואַנציק־יעריקע בחורים, וואָס האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעקליבן פון וואָלין און ווייסרוסלאַנד און אַנדערע ערטער, האָבן זיך געצויגן צו פּרצעס וווינונג ווי נאַכט־פלאַטערלעך צום ליכט, און ער, דער פופציקיאָריקער פּרץ, האָט געשפּראָצט מיט לעבן, וואַרעמקייט און צוציונג־קראַפט". דאָרט האָט ער אויך באַגעגנט הערש דוד נאָמבערגן, וועגן וועמען ער זאָגט: „די, וועלכע האָבן בלויז געקענט דעם לעצטן נאָמבערג, האָבן אים נישט געקענט, ווייל דער אמתער נאָמ־

בערג איז געווען דער ערשטער, דער העברעישער. יענער נאָמבערג, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט און פאַרזונקען אין זיך". ס'איז אי אָנגענעם אי באַלערנדיק צו לייענען די־אָ קורצע קאַפּיטלעך שאַפּמאַנס, ווו ער דער־ציילט וועגן יענער צייט און כאַראַקטעריזירט אויף זיין מערקווירדיקן אופן די שרייבער פון יענער שיינער, האָפענונגספולער פרץ־תקופה.

שאַפּמאַן איז דער מייסטער פון דער קורצער נאָוועלע. און אויב עס איז אמת, אַז די נאָוועלע איז דער תמצית פון אַ ראָמאַן, זענען אַ סך פון שאַפּמאַנס סקיצן און נאָוועלן ממש ראָמאַנען בזעיר אַנפּין. ער ברענגט אַרויס דאָס תוכיקע און עיקרדיקע, דאָס גרונטיקע און אַנטשיידנדיקע. נישטאָ אין זיינע זאַכן קיין שטייגערישע אַנטוויקלונגען, נישטאָ אויך קיין שילדערונגען און צופירן, וועלכע דאַרפן העלפן בהדרגהדיק אויפליזן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער פּאַסירונג, וועלכע דאַרפן דערנענטערן צו דעם געדאַנק, צו וועלכן ער צילט, אָדער צו דעם פילאָזאָפיש־מאָראַלישן אויס־פיר, מיט וועלכן ער שליסט־אָפּ זיינע געשליפענע סקיצן און דערציילונגען. אָבער זיינע אויספירן צווינגען תמיד נאָכצוטראַכטן, ווייל זיינע שאַפונגען פאַרמאָגן נישט בלויז די שיינקייט פון וואָרט און פאָרעם, נאָר אויך די מחשבות פון אַן אייגנאַרטיקן פּאָעטישן דענקער. איבער די הונדערטער און הונדערטער דערציילונגען, ווו ער שילדערט פּאַסירונגען פון אונדזער טאָגטעגלעכקייט, עלנט און פרייד פון מענטש, ווייטע, פרעמדע הינטער־שטאָטישע גאַסן און אייגענע, היימישע, זאַמדיקע וועגן, טיפן פון אַמאָליקן יידישן שטעטל, און ווינער קאַפע־באַזוכער און צעשויבערטע קינסטלער — אָט די אַלע געשטאַלטן און פּייזאַזשן פונעם היינט און פון פאַרשווונדענעם נעכטן צילט־אָן שאַפּמאַן אַנטקעגן זיין קינסטלעריש־פילאָזאָפישן באַנעם, קאָנפראָנטירט מיט זיין געדאַנק און אידעע. „אַ דערציילונג מוז האָבן אַן אידעע, אַ פילאָזאָפישע אידעע", זאָגט שאַפּמאַן. און די אידעע איז די הויפּט־אַקס אין זיין שאַפן.

דאַכט זיך, אַז ווייניק־וועער האָט אין דער העברעישער פּראָזע אַריינגע־בראַכט אזא שפע און פאַרשידנאַרטיקייט פון טיפּאזש און מאָטיוו ווי ס'האָט געבראַכט שאַפּמאַן: דעם שטעטלשן שטייגער פון זיין אייגענער יוגנט־סביבה, דערציילונגען און בילדער פון קאַזאַרמע־לעבן, מיט דער טעמפּ־קייט און אכזריות פון די פעלדפעבלס און צאַרישע קאַזאַרמע־לייט. און פון אַ שפּעטערדיקער צייט: פּאָליטישע אַרעסטירטע, לעמבערגער הינטער־

געסלעך, קאַליקעס און זעלבסטמערדער און אונטערוועלט־מענטשן. אין אַ נייער תקופה: ווין אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט דער גאַנצער צעטומלטקייט און אויפגעקומענער ליידנשאַפט צו אַ לייכט לעבן. אָט זעט ער ווי די שיינע, געמיטלעכע שטאָט ווערט אַ יורד, אַ גע־פאַלענע שטאָט. שאַפּמאַן דערשפּירט דעם אָנקום פון כוח, וואָס האָט דאָרט חרוב געמאַכט אונדזער יידיש לעבן. זיינע דערציילונגען פון יענער צייט, ערב דעם היטלעריזם און אין די יאָרן פון דער היטלערישער אָקופּאַציע אין עסטרייך, זענען באַגלייט מיט אויסגעווייטיקטע מחשבות וועגן דער שיינער טויב, וואָס איירָאָפּע האָט געזאָלט אויסהאָדעווען און לסוף אויסגע־האָדעוועט — אַ גיפטיקע שלאַנג.

ער איז פון די ווייניקע העברעישע פּראָזאַיקער, וואָס האָבן געקענט אַזוי נאָענט דעם איירָאָפּעישן מענטש, דעם מענטש פון גרויסשטאָט, זיין ציוויליזאַציע און זיין וועלט־באַנעם, זיין הומאַניטאַרישקייט און זיין רש־עות, זיין פאַרריסנקייט און פּחדנות. ער נעמט אויף דעם מענטש אין זיינע טיפסטע נשמה־וויבראַציעס און באַהאַלטענע שוואַכקייטן. ער זעט אים אין זיינע טאָגטעגלעכע האַנדלונגען, אין זיין געראַנגל מיט דעם אַרום, אין זיין געראַנגל מיט זיך אַליין. אפילו אין דער אגב־אורחדיקער באַטראַכטונג רירט אָן שאַפּמאַן קנייטשן פון מענטשלעכן מהות. אין דער צופעליקער גאַסן־סצענע און גאַסן־פּאַסירונג פּילט ער אַרויס אַ לעבעדיקן רינג פון מענטשלעכן זיין, אַ רינג אין אומאויפהערלעכן קאַמף. ווען אפילו די אַלע פּאַסירונגען צי געמיט־אויסדרוקן, צי די קליינע געשעענישן פון אונדזער וואָרהאַפטיקייט זענען נישט ניי — הגם אין דער לירישער און עמאָצאָ־נעלער שילדערונג שאַפּמאַנס זענען זיי שטענדיק שפּאַנענדיק — ווערן זיי אָבער לויטער און ניי דורך שאַפּמאַנס באַלייכטונג, דורך זיין דורכדרינג־לעכער זעונג.

ער איז אַ רעאַליסט און די טעמאַטיק פון זיינע דערציילונגען זענען גענומען על פּי רוב פון דער נאָענטסטער סביבה, אָבער אויך אין די אויס־געשפּראָכן־רעאַליסטישע שילדערונגען דאָמינירט גאָר אָפט אַ סימבאָליזירנ־דיקער אונטערטאָן, פּונקט ווי זיין אייגנאַרטיק־קרעפטיקן סטיל באַגלייט אַ ליריש־פּאָעטישער אָטעם.

שאַפּמאַן קען די וועלט־ליטעראַטור, באַזונדער איז אים ליב די רוסישע קלאַסישע ליטעראַטור. זיינע אַרויסזאָגונגען און באַמערקונגען וועגן פּראָב־

לעמען פון ליטעראַטור און קונסט זענען ביז־גאָר טשיקאַווע. אויף זייך אָריגינעלן שטייגער ברענגט ער אַרויס זיינע כאַראַקטעריסטיקעס און מיי־נונגען וועגן שרייבער ביי יידן און ביי אַנדערע פעלקער. און הגם ער ווייסט וועגן די אויסווירקונגען, וואָס עס האָבן געהאַט קינסטלער אין דער וועלט־ליטעראַטור, ברענגט ער אַרויס מיט שטאָלץ, און אפילו מיט אַ ביסל טראַציקייט, די ווערטן פון יידישן שרייבער, זיין מאָראַלישע ריינקייט און דערהויבנקייט; ער מאַכט אפילו צונישט די איינגעוואָרצלטע מיינונג, אַז נישט־יידישע שרייבער האָבן אַ טיפערע און נאַטירלעכערע באַציונג צו דער נאַטור, ווי שרייבער ביי יידן: „פילבאַרקייט כלפּי דער נאַטור — זאָגט שאַפּמאַן — אין אַלע אירע דערשיינונגען, איז צו געפינען אין אונדזער ליטעראַטור אַ סך מער ווי ביי שרייבער פון די אומות־העולם — אין קעגנ־זאַץ צו דעם אָנגענומענעם, און זאָל זיין די סיבה, וואָס ס׳זאָל נישט זיין. ווער פון די פרעמדשפּראַכיקע דערציילער האָט געזען דאָס קעלבל אַ שטייגער, ווי ס׳האָט עס געזען אונדזער פייערבערג? גאָנטשאַראָוו אין „אָבלאָמאָוו״ שילדערט אַ שלאָקס־רעגן מיט גרויס קראַפט, אָבער קאָן מען עס דען פאַרגלייכן מיט דער שילדערונג פון מענדעלען? דאָרט איז אוי־סערלעכע שילדערונג, בעת דאָ איז עס אַנטפּלעקונג! ווער קאָן נאָך אַזוי פאַכמעניש שילדערן א פערד ווי ס׳האָט אים געשילדערט טאָל־סטאָי, אָבער אַז די פעל פון זיין פּנים איז גלאַט און לויכטנדיק ווי דאָס פּנים פון אַ מענטש — האָט געשריבן מענדעלע און נישט ער״.

זיינע מיינונגען און באַטראַכטונגען איבער פראַגן פון ליטעראַטור זענען אַ באַזונדער אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין זיין שאַפן, וואָס צוזאַמען מיט זיינע דערציילונגען קאָן מען זיי לייענען איינמאָל און נאָכאַמאָל, ווייל פון זיי שפּירט מען אַרויס אַ טיפע, קינסטלערישע פּערזענלעכקייט.

# יצחק למדן

אין אַ נאַכט אַ האַרבסטיקער, אויף אַ וואַנדער־בעט ווייט פון
היים דער צעבראָכענער.
איז מיין מאַמע מיר געשטאָרבן.
עס גליווערט נאָך אַ לעצטע טרער אין אירע אויגן שענקנדיק
אַ ברכה מיר
בעת איך בין אַוועק אויף פעלדער ווייטע, פרעמדע
מיטן רוקזאַק דעם סאָלדאַטישן אויף זיך.

**ווער געדענקט עס נישט די דאָזיקע רירנדיקע שורות, מיט וועלכע יצחק למדן הייבט אָן זיין וואונדערלעכע פּאָעמע, אָדער ריכטיקער, די עפּאָפּייע פון יידישן גורל „מסדה", און ווי זאָגט ער ווייטער:**

און איך, איך נעם נאָך אַרום מיין נשמה, וואָס צעפּאַלט זיך,
מיט רייפן מיט לעצטע, פון מוט —
און אַנטלאָפן אינמיטן דער נאַכט צו אַ וואָגלערישער שיף,
צו גיין אין מסדה.

מ׳האָט מיר פאַרטרויט:
עס פלאַטערט די לעצטע פון בונט, דאָרט די פאָן,
זי פאָדערט פון הימל און ערד, פון גאָט און פון מענטשן זי
מאָנט:
„באַלוין"!
און אויף פעלדזענע לחות עס קריצן פאַרביסענע נעגל
די בשורה פון טרייסט.
דעם גורל פון דורות, דעם שונא אַנטקעגן.
האָט אַ ברוסט זיך בונטאַריש געשטעלט:

„גענוג!
איך אָדער דו ביי דער מאַכט!
דאָ וועט דאָס לעצטע וואָרט זאָגן די שלאַכט״.

(יידיש: משה באַסאַק)

ער איז אַוועק פון זיין וואָלינער היים־שטעטל אין טעג פון שלאַכט, אין טעג פון רוסלענדישן בירגער־קריג. טעג, וואָס האָבן געררופן צו פריי־הייט און געלאָקט מיט האָפענונגען אויף אַ ניי, אויפגייענדיק לעבן, פאַרן פאַרמאַטערטן מענטש, פאַרן אויסגעפייניקטן ייד. דאָס איז געווען די שטורמישע עפּאָכע פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, אַן עפּאָכע, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט דערוואַרטונג און — אויך מיט רשעות. און אָט אויף יענע פעלדער פון אוקראַינע האָט ער אַזוי קלאָר און דייטלעך דער־פילט, אַז די שלאַכטן וועלן זיינע האָפענונגען און באַגערן נישט דערפילן. זיינע תפילות און ווונטשן וועלן דאָ נישט מקוים ווערן. ער איז דער המשך אין דער קייט פון יענע מסירת־נפשדיקע קעמפער און פּאַרטיידיקער, וועלכע האָבן אויפגעהאַלטן די לעצטע פעסטונג יהודהס — מסדה.

יצחק למדן געהער צו די בויער און פּיאָנערן פון דער דריטער עליה. אויך זיין ארץ־ישראל־ליד טראָגט די וויזיע און דעם פּאַטאָס פון דער נאַ־ציאָנאַלער אויפוואַכונג. ער האָט זיך איינגעשפּאַנט און גענומען אויף זיך דעם עול פון פּיאָנערישן לעבן אין לאַנד. ער איז אַוועק צום ממשותדיקן חלוצישן לעבן. ער האָט וועגן קרבנות־גרייטקייט און פּיאָנערטום נישט נאָר געזונגען אין זיין ליד, נישט נאָר אויפגענומען ווי אַ דיכטערישן מאָ־טיוו, ער האָט דעם רוף צו מענטשלעכער אייגענער פּראַצע, אין אייגע־נעם לאַנד — אַליין מקיים געווען. דאָס איז איינס פון די סאַמע כאַראַק־טעריסטישע און אייגנאַרטיקסטע שטריכן פון יצחק למדן. ווייל נישט נאָר האָט ער גערופן און געמאָנט פון אַנדערע, ער אַליין האָט תמיד דערפילט די פליכטן פון דער צייט און די התחייבותן צום לאַנד. למדן האָט אפשר צום בעסטן און געטרייעסטן סימבאָליזירט דעם חלוצישן דיכטער, וואָס פילט און איז דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין, אַז נאָר דער מסירת־נפש־דיקער אומפשרותדיקער געראַנגל וועט פירן צו אונדזער אומאָפּהענגיק און זעלבשטענדיק לעבן. חלוציזם איז נישט טרוים, חלוציזם איז היסטאָרי־שער גורל פון יידישן פאָלק. למדן האָט זיכער געזען אין חלוציזם די גע־שיכטלעכע נויטווענדיקייט פון אונדזער קיום און המשך.

אַ צייט פאַרן יידישן חורבן אין אייראָפּע האָט ער באַזוכט די דאָרטיקע יידישע מאַסן־ישובים. יצחק למדן איז, אגב, אין יענע יידישע שטעט געווען פון די פּאָפּולערסטע העברעישע דיכטער. זיינע לידער זענען דורך דער נאַציאָנאַלער יוגנט געוואָרן געלערנט און רעציטירט. מ׳האָט רעצי־טירט מיט דבקות די לידער און באַלאַדן פון „ברתמה המשולשת״, מ׳האָט אויף שול־יום־טובים און אין יוגנט־קלובן אויפגעפירט זיין „מסדה״. למדן האָט פון דער נאָענט דערזען נאָכאַמאָל יידיש לעבן אין די תפוצות. געזען די פרייד פון מאַסן־יידישקייט און אויך די זאָרג פאַרן מאָרגן. מיט זיין שאַרפער אינטואיציע האָט ער דערפילט די אומזיכערקייט פון אונדזער זיין, ווי אַ טונקעלע כמאַרע וואָלט געהויערט איפּן יידישן לעבן — און ער האָט גערופן: „בית יעקב קומו מזה ולכו! המלטו יהודים על נפשכם״ — שטיי אויף יידיש פאָלק און אַנטרין.

למדן איז געווען אַ טיף־נאַציאָנאַלער דיכטער, זיין ארץ־ישראל־ליבשאַפט איז דערגאַנגען צו קנאות. ס׳איז אָבער געווען אַ ליבע אַן אויסגעקאָוועטע מיט ווייטיק, וואָס איז געבונדן נישט נאָר מיט פרייד און חדווה, נאָר אויך מיט זאָרג און יסורים. דערפאַר איז צו פאַרשטיין זיינע צענדליקער אויס־געגליטע און עצבותדיקע געזאַנגען צום לאַנד, זיינע פאָדערונגען צום לאַנד און צום מענטש אין לאַנד, און דערפאַר קאָנען מיר אויך באַנעמען זיין „פּה הגבול, מזה והלאה אין גבולות עוד״ — דאָ איז אונדזער לעצטע גרעניץ, דאָ איז אונדזער לעצטע סטאַציע.

ס׳איז אָן ספק כאַראַקטעריסטיש און סימפּטאָמאַטיש, אַז ער, דער רופער און מאָנער צו באַניונג, דער באַגלייטער פון נאַציאָנאַלן אויפקום, ער, וואָס האָט אויסגערופן שטאָלץ און זיכער:

ניִשט צעריסן איז די קייט,
ס׳ציט זיך, ציט זיך נאָך די קייט.
פון די שמחת־תורה־נעכט
צו מסדה׳ס נעכט פון פרייד
ציט זיך, ציט זיך נאָך די קייט.

ער גראָד האָט פאַרמאָגט אַזויפיל עכטן, שטילן מענטשלעכן אומעט. דער אומעט־געפיל דאָמינירט כמעט אין אַלע זיינע שאַפונגען. שטילער צער

איז ווי אַ כסדרדיקער באַגלייט־מאָטיוו אין זיינע לידער און פּאָעמעס. למדן איז געווען דראַמאַטיש און עלעגיש, סימבאָליש און אַקטועל, טיף און זאַכלעך. און טאקע ווי אזא האָט ער נישט פאַרטראָגן קיין פליטערלעך, קיין ראָמאַנטישע פאַרשלייערטקייטן, קיין איינוויגנדיקע סענטימענטאַלקייט. ער האָט אין זיין דורכאויס יחידיש ליד אָנגערירט און אויפגעהויבן פּראָב־לעמען און פראַגן פון כלל, אפילו זיין אינטים ליד רעגט אָן צו אַקטיווקייט. למדן האָט אַלע יאָרן געלעבט מיט די זאָרגן און נויטן פון לאַנד. ער האָט אין דער העברעישער ליטעראַטור געזען אַ מיסיע, אַ שליחות, פאַרשטאַ־נען, אַז די מאָדערנע דיכטונג האָט צו דערפילן אַן אויפגאַבע. אין זיין דיכטערישן מהות איז ער געווען אַ ליריקער, זיין טרויער איז דער טרויער פון דור, אָבער צוזאַמען מיטן טרויער קומט אויף ביי אים די מונטערקייט און די פרייד פון באַשאַף. אין אַלץ איז ער געווען גאַנץ: ס׳האָבן ביי אים באַטירלעך געהויזט פרייד און לייד, עצבות און זאָרג, פּאָעזיע און ניכטערעווירקלעכקייט. און ווי דער מתבונן, ווי דער באַאָבאַכטער האָט ער יאָרן אויף יאָרן באַהאַנדלט אין זיין אייגנאַרטיקן זשורנאַל „גליונות״ — וועלכן ער האָט רעדאַקטירט צוויי צענדליק יאָר — פראַגן און געשעענישן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן, קולטור־פּראָבלעמען און פּאָליטיק.

ער איז געווען אַן אָריגינעלער דיכטער, אַן אייגנאַרטיקער פּובליציסט און ווי אַ רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער האָט ער אויך געהאַט אַ באַזונדערן גאַנג און אַ באַזונדערן באַנעם. אין זיין חודש־זשורנאַל „גליונות״ האָבן תמיד געפונען פּלאַץ די, וועלכע האָבן אויסגעדריקט אַ נייע און אַן אַנדערשדיקע מיינונג.

אַז מיר בלעטערן היינט די צענדליקער און צענדליקער העפטן „גליונות״, טרעפן מיר אָן אויף אַ שפע געדאַנקען, מיינונגען און כאַראַקטעריסטיקעס, וואָס יצחק למדן האָט אַרויסגעבראַכט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן מיט דער וואַרעמקייט און פּאַטאָס פון אַ ישראלדיקן פּיאָנער, קנאידיקן העב־רעישן קולטור־טוער, דעם פּלעגער פון דער העברעישער שפּראַך. מיר געפינען דאָרט לידער, עלעגיעס און באַלאַדעס פון מקונן, זינגער און באַ־זינגער. די דאָזיקע העפטן שטעלן מיט זיך פאָר אַן אוצר פון יידישער מחשבה און קינסטלערישן וואָרט.

ער איז נאָך פול געווען מיט ליטעראַרישע פּלענער, ווען ער איז אַוועק אין סאַמע מ י ט פון זיין שעפערישער טעטיקייט.

# זאב זשאַבאָטינסקי

זאב זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ בן־בית אין אַלע שטחים און פּראָבלעמען, וועלכע ער האָט באַהאַנדלט. און באַהאַנדלט און אַנאַליזירט האָט ער דאָך כמעט אַלע קולטור־צווייגן פון אונדזער היינטיקן לעבן. ער איז געווען אַ מקורב צו לינגוויסטיק, צו שפּראַך־פאָרשונג און אַ גאָר נאָענטער מחותן מיט פּאָעזיע; אַ קענער פון דער געשיכטע פון פעלקער און לענדער און א ידען אין די עקאָנאָמישע פראַגן פון די גאָר עלטסטע צייטן ביז די דאגות־הפּרנסה און דאגות־הקיום פון די שטעטלשע יידן. יוריספּרודענץ איז געווען זיין אָפיציעלע אויסבילדונג און מלחמה־וויסנשאַפט איז אויך בישט געווען פאַר אים קיין זייטיקער, אַבסטראַקטער ענין. און ווען ער איז געווען פאַרוויקלט אין פּאָליטישע ענינים, אין גרעראַנגלען און קאַמפן פאַר זיינע אידעען און שטרעבונגען, פלעגט ער אָפט, מיט דער צעפלאַטערטער און צעשטראַלטער רויקייט פון אַן אמתן קינסטלער, זיך אָפּגעבן זיינע בעלעטריסטישע שאַפונגען — מיט שרייבן לידער און פּאָעמעס און מיט איבערזעצונגען פון זיינע באַליבטע דיכטער. מיט דער וויזיאָנערישקייט פון זיין געמיט האָט ער אַרויסגעבראַכט „שמשון", אַרויסגעזונגען די „ציון־לידער", די „פינף" פון זיין געבוירנן־שטאָט אָדעס. מיט זיין אייגנאַרטיקער קרעפטיקייט האָט ער איבערגעזעצט „די קראָ" פון עדגאַר עלען פּאָ, געטעס „פאַוסט" און ביאַליקס „משא נמירוב", האָט ער אָנגעשריבן צענדליקער און צענדליקער עסייען, באַטראַכטונגען וועגן ליטעראַטור, מוזיק, דראַמע און מאָלעריי.

צווישן ז. זשאַבאָטינסקיס געזאַמלטע שריפטן, וואָס זיין זון האָט אַרויסגעגעבן די לעצטע יאָרן דורך אַ ספּעציעל פאַר דעם געשאַפענעם פאַרלאַג, איז פאַראַן אַ באַזונדערער באַנד „על ספרות ואמנות". אין דעם באַנד קומען אַריין זשאַבאָטינסקיס אָפּהאנדלונגען און באטראַכטונגען איבער פּראָבלעמען פון ליטעראַטור, וועגן שרייבער און ביכער, זיינע איינדרוקן פון טעאַ־

טער־פאָרשטעלונגען און בילדער־אויסשטעלונגען. אין אָט די אָפּהאַנד־לונגען איז פאַראַן אַ שפע פון געדאַנקען און מיינונגען וועגן די שאַפונגען און דערשיינונגען אין דער ליטעראַטור און קונסט במשך פון אַזאַ שטורמישן און אַנטשיידנדיקן צייט־אָפּשניט, די יאָרן 1904—1936.

דאָס זענען נישט קיין שטודיעס. די אַרבעטן האָבן אויך נישט קיין סיס־טעמאַטישע גאַנצקייט. טיילמאָל באַקומט זיך אַפילו דער איינדרוק, אַז די אָפּשאַצונגען און כאַראַקטעריסטיקעס זענען ווי אייליק אויפגעשריבן גע־וואָרן, הגם ס׳איז גוט באַקאַנט מיט וויפל מי און אחריות זשאַבאָטינסקי האָט געאַרבעט איבער דאָס מינדסטע, וואָס איז אַרויס פון אונטער זיין פעדער. אָבער אַפילו אַזוי, אויפן גבול פון זשורנאַליסטיש־עסייאיסטישן נוסח, זעט זיך אַרויס דער ערודיט, דער אָריגינעלער דענקער און איבער אַלץ — זיין געוואַלדיקע ליבע צו ליטעראַטור און צו קינסטלערישער שאַ־פונג.

אפשר מער ווי א סך פובליציסטישע ארבעטן זשאַבאָטינסקיס, לייענען זיך נאָך היינט זיינע אַרויסזאָגונגען איבער ליטעראַטור און קונסט מיט טיפן אינטערעס. אין זיי פילט מען נישט בלויז אַן אייגנאַרטיקן אויסטיי־טשער, אַ קריטיקער פון אַ באַזונדערן פאַרנעם און אופן, נאָר ביז היינט טראָגן נאָך די ארטיקלען און אָפּהאַנדלונגען זשאבאָטינסקיס שאַרפקייט און פרישקייט, דעם גליאיקן אָטעם פון דער דינאַמיש־שטורמישער פערזענ־לעכקייט און צוגלייך דעם ליריזם און די ראָמאַנטישקייט פון אַ בעל־חלומות. ס׳איז נאָך געווען די צייט ווען אינטעלעקטועלע און קינסטלערי־שע כוחות אין איירָאָפּע האָבן פאַרנומען אַן אָנזעעוודיק אָרט, ווען ליטע־ראַטור און קונסט האָט געהאַט אַן איינפלוס און געהאָלפן צו דערקענען און פאַרבינדן פעלקער און ישובים. אויך זשאַבאָטינסקי, אַ דערצויגענער אויף די גוטע טראַדיציעס פון קינסטלערישן וואָרט, האָט געזען אין דער לי־טעראַטור אַ דערהויבנדיקע שליחות צו דערציען דעם יחיד און דעם כלל.

מיט דעם איז אויך לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס ביי זיין גאַנצער גליאי־קער שטרעבונג צו דערציען און צו צוגעוווינען דעם יידישן מענטש צו דער מחשבה וועגן אַ זעלבשטענדיק נאַציאָנאַל לעבן, האָט ער אָבער תמיד אויפ־ריכטיק און אָפן געוואָרנט זיך נישט אָפּצוגרענעצן פון דער גייסטיקער שאַפונג און פון די קולטור־ווערטן אין דער נישט־יידישער סביבה.

ס'איז אָן ספק כאַראַקטעריסטיש, וואָס זשאַבאָטינסקי האָט געשריבן אין שייכות מיט דעם אויפקום פון העברעישן טעאַטער אין לאַנד: „מיר זענען נישט בלויז דערצויגענע אין אייראָפּע, נאָר אויך במשך פון דורות אירע שאַפער. און מוותר זיין אויף דעם קאָנטאַקט מיט איר גייסטיקן פאַרמעגן, אַ פאַרמעגן, וואָס צו זיין אויפקום האָט געהאָלפן דער יידישער גע־ניוס, קאָנען מיר נישט און ווילן נישט... ,העברעישער טעאַטער' הייסט נישט ,העברעישער רעפּערטואַר'... איך וועל נישט מגזם זיין ווען איך וועל זאָגן, אַז נאָר אַ דריטל פון זייער צייט האָבן די טעאַטערס (אין אייראָפּע) געווידמעט פאַר דער נאַציאָנאַלער שאַפונג: צוויי דריטל האָבן זיי געווידמעט פאַר איבסען, בערנסאָן, ד'אַנונציאָ, מעטערלינק, דיומאַ און אפילו פאַר געטע און גאָלדאָני. דאָס האָבן זיי געטאָן טראָץ דעם פאַקט, וואָס אין זייער רשות האָט זיך געפונען אַ נישט קליינער קינסטלערישער נאַציאָנאַלער אומזאַץ, אַן עלטערער און אַ נייער. אָבער טראָץ דעם פרעמדן רע־פּערטואַר איז נישטאָ דער מענטש, וואָס זאָל נישט איינזען דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און דעם ,נאַציאָנאַליזירנדיקן' איינפלוס פון די טעאַטערס".

דאָס איז נאָך ביז היינט אַ פּראָבלעם, וואָס ווערט אָפט באַהאַנדלט אין די טעאַטער־קרייזן. אָבער דערווייל האָט די רעאַליטעט באַוויזן, אַז געזיגט האָט דאָ זשאַבאָטינסקיס צוגאַנג פון מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק, הגם, די נייע אומשטענדן און באַדינגונגען האָבן אפשר די זאַך געדאַרפט ענדערן.

זשאַבאָטינסקי איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער ביכער־לייענער. ער האָט געלייענט אַלץ. ער האָט געלייענט אין אַ סך שפּראַכן. ער האָט נישט בלויז געקענט די פעלקער און לענדער אין וועלכע ער האָט געלעבט און באַזוכט, ער האָט אויך גרינטלעך געקענט זייער ליטעראַטור.

מיט וויפל בענקשאַפט און שניידיקער לאָגיק רעדט ער וועגן דער פאַר־הערלעכונג, וואָס מ'האָט געטראָגן צום בוך אַמאָל, און וועגן דעם, ווי פאַר־פלאַכט ס'איז געוואָרן די באַציונג צום בוך אין דער היינטיקער געזעלשאַפט. מיט זיין פּלאַסטישער און פאַרביקער שפּראַך שילדערט זשאַבאָטינסקי די מערכה פונעם בוך אַמאָל און היינט. „דער מחבר פלעגט דאַן (פאַרצייטנס, איידער ס'איז דערפינדן געוואָרן די דרוק־קונסט) טאָקע לעבן אַ לעבן פון אַ הונט, אָבער קייזערלעכן רום האָט דערוואַרט זיין בוך, וואָס ער פלעגט שרייבן אויף אַ בוידעם־שטיבל". פון זיין טיפער ליבשאַפט צום ערלעכן

שאַפער רעדט אַרויס דער פאַרדרוס אויפן היינטיקן מענטש, וואָס פאַר־וואָלוולט די גייסטיקע און קינסטלערישע יצירה.

קלאָר, אַז נישט מיט אַלע מיינונגען און אַרויסזאָגונגען, וואָס זשאַבאָטינ־סקי האָט געבראַכט אין זיינע אָפּהאַנדלונגען און כאַראַקטעריסטיקעס אי־בער קינסטלער און שרייבער, קאָן מען מסכים זיין. אָבער זיינע בליציקע און אָריגינעלע געדאַנקען זענען שטענדיק מסוגל צו סטימולירן און אָנרעגן.

1956

# יהודה בורלא

יהודה בורלאַ האָט אין דער העברעישער ליטעראַטור אַריינגעפירט אַ נייע טעמאַטיק. ביז נישט לאַנג האָט די היינטצייטיקע העברעישע שאַפונג נאָך ווייניק געוווסט וועגן שטייגער און גאַנג פון גרויסע שיכטן יידיש פאָלק — די אייניקלעך פון גולי ספרד, וועמענס אורעלטערן ס׳האָבן געפונען אַ מקום מקלט אין די לענדער ארום ארץ־ישראל און אין די אַלטע שטעט אין ארץ־ישראל. זיי האָבן געשאַפן אַ באַזונדערן נוסח פון לעבן. ביי זיי איז אויפגעהאַלטן געוואָרן דאָס טראַדיציאָנעלע פון ספרדישן יידנטום: גלויבן און מסורה. אָבער ווילנדיק, נישט ווילנדיק זענען זיי אויך קענטיק באַאיינפלוסט געוואָרן פון שכנישן לעבן, פון די פעלקער פון מיטעלן מזרח, איבערגענומען זייערע פירונגען, זייערע געזאַנגען, זייער התלהבות און גלייכגילט, זייער דינאַמיק ווי זייער געדולדיקן אופן פון טראַכטן און דערציילן. אין די אַלטע ארץ־ישראלדיקע שטעט, ווי אין די שטעט פון טערקיי און סיריע זענען אויפגעקומען באַזונדערע ישובים און אַ באַזונ־דערער טיפּ ייד — מיט אַן אייגענעם נוסח פון לעבן, מיט אַן אייגענעם פאָלקלאָר, מיט אייגנאַרטיקע בענקשאַפטן, שמחות און באַגערן.

יהודה בורלא איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויף אַ מאָדערנעם קינסטלעריש־דערציילערישן אופן אַרויסגעבראַכט שטיקער וואָרהאַפטי־קייט פון ספרדישן יידישן לעבן. אַ גאַלעריע פון געשטאַלטן, פּאַסירונגען און קאָנפליקטן. ער באַקענט אונדז מיט דעם מהות און כאַראַקטער פון אַן עדה, וואָס קומט פון אַ גרויסער יידישער תקופה מיט אַ רייכער ירושה פון פילאָזאָפן, דיכטער און רעליגיעזע פירער.

יסודותדיק און ברייט איז געווען אַמאָל די שאַפונג פון ספרדישן יידנ־טום — „די גאָלדענע עפּאָכע” פון העברעישער שירה, פון פילאָזאָפישן געדאַנק, פון רעליגיעזער דערקענטעניש און אַנטפּלעקונג. אָט די שאַפונ־גען האָבן באַאיינפלוסט און באַהויכט דאָס לעבן פון שפּעטערדיקע צייטן און דורות.

פאַרשידענע אומוואַנדלונגען און פּראָצעסן האָבן איינגעשרומפּן און פאַרדאַרט די גייסטיקע פּראָדוקטיווקייט פון ספרדישן יידנטום. אָבער דאָס ספרדישע יידיש־פאָלק איז דאָך נישט אָפּגעריסן געוואָרן פון זיינע אַלט־יחוסדיקע חיותדיקע שטאַמען. ס׳האָט באַאיינפלוסט דאָס לעבן צווישן שכנים, דאָס לעבן צווישן מזרח־פעלקער. עס האָבן זיך אויסגעמישט טענער און קאָלירן, אויסערלעכע פאָרמען און געוווינהייטן. עס האָט אויך טיף אויסגעאיבט זיין השפעה, קלימאַט און טיפּאַזש.

יהודה בורלאַ האָט אין זיינע ראָמאַנען און נאָוועלן אַנטפּלעקט אַ נייע ספערע פון יידישן לעבן. ער אַליין איז אַ זון פון דעם שטאַם, אַ זון פון אַ משפחה, וואָס האָט זיך באַזעצט אין ירושלים מיט איבער הונדערט פופציק יאָר צוריק. ער איז דורכגעגאַנגען אַ נסיונותפולן וועג פון זיין רבנישער היים, וואָס האָט אים געוואָלט און געזאָלט מאַכן פאַר אַ כלי קודש, פאַר אַ שוחט, ביז זיין אומדערמידלעכן און געטרייען גאַנג אין דער העברעישער ליטעראַטור.

ער האָט באַרייכערט די העברעישע בעלעטריסטיק נישט נאָר מיט דעם אייגנאַרטיקן אינהאַלט פון זיינע שאַפונגען, נאָר אויך מיט זיין באַזונדערער רעאַליסטישער פאָרעם, מיט זיין קאָנקרעטער בילדערישקייט. זיינע דער־ציילונגען און ראָמאַנען פאַרמאָגן די פאַרב און דעם אָטעם פון מיזרח, ער ברענגט אַרויס דעם מענטש פון אָריענט, זיין טעמפּעראַמענט און אומרו, זיין ספּעציפישע פאַרחלומטקייט און די וויזיאָנערישקייט, וואָס איז אַזוי טיפּיש און כאַראַקטעריסטיש פאַרן מיזרח־מענטש און פאַרן ספרדישן ייד.

מענטשן אין געראַנגל מיט זיך, אין געראַנגל מיט דער סביבה. אַ שלל געשטאַלטן, און זייערע איבערלעבונגען וויקלען זיך אויס אין די ראָמאַ־נען. מיוחסדיקע משפחות, נגידים און ראשי־קהל, נעבן די זוכענישן און בענקענישן פון גרויען מענטש. רעליגיעזיטעט, מיסטיק און עראָטיק זענען אויסגעמישט און צוזאַמענגעפלאָכטן, ווי ביי זיין העלד רחמו היב פון זיין דערציילונג „נפתולי אדם”, אָדער אין זיין ראָמאַן „המרננת”, ווו מיר טרעפן אַ מערקווירדיקע מזרח־פרוי, אַן אייניקל פון א חכם אין דמשק, וואָס אירע אויפפירונגען און ליבעס טייטשט זי אויס ווי אַ הייליקע פליכט און דערהויבונג.

אַ סך פון זיינע העלדן מיט וועלכע מיר באַקענען זיך אין די געטאָס פון

די אַראַבישע שטעט, טרעפן מיר שפּעטער ווי זיי גלידערן זיך אין אינעם בייעם לעבן פון ארץ־ישראל. אויך דאָ האָט בורלא אויפגעכאַפּט דאָס באַ־זונדערע און כאַראַקטעריסטישע פון ספרדישן ייד: זיין אויפנעמען דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק, זיין צוזאמענלעבן מיט אשכנזים, דאָס צוזאַמענלעבן פון געמישטע משפחות, — ספרדישע מענער און אשכנזישע פרויען. מיר זעען ווי קלייניקייטן וואַקסן אויס צו גרויסע שטערונגען, און פאַרקערט, מחיצות ווערן פאַנאַנדערגעוואָרפן, מען הייבט זיך אָן דערקענען און דער־נענטערן. אָפּט אימפּאָנירט גאָר און ס׳ציט די אַנדערשקייט פון כאַראַקטער און דערציונג. ס׳איז די דערנענטערונג פון עדות און שבטים.

בורלא הייבט נישט אויף קיין פּראָבלעמען אין זיינע דערציילונגען. אָבער ווי ביי אַן עכטן מאָלערישן דערציילער, קומען זיי אויף נאַטירלעך פון דער ווירקלעכקייט פון וואַנען ער שעפּט זיין אינספּיראַציע. ער איז ווייט צו זיין טענדענציעז אָנגעצילט, אָבער זיינע שאַפונגען אָטעמען מיט אַן אײדעלער מענטשלעכער אידעע. ער איז תמיד מיטן געקריוודעטן, מיטן באַעוולטן און פאַריאָכטן.

איינער פון די עיקר־מאָטיוון אין זיין שאַפונג איז דאָס אייביקע ליבע־פּראָבלעם. ליבע צווישן מאַן און פרוי, שטורמישע, ראַשיקע ליבעס, ליבעס פון אָרעמע יונגען צו רייכע, מיוחסדיקע מיידלעך, ליבעס מיט היציקייט און סכנות־גרייטקייט. בולטע מיסטעריעזע אַנונגען און וויזיעס. ווי די גליאיקע לופט, וואָס טראָגט זיך פון מידבר; פאַראַט, אייפערזוכט, קנאה און שנאה. אָבער אויך דאָ איז בורלא עכט און אָריגינעל. אויך דאָ מאָלט ער ברייט און שלימותדיק, און אויך דאָ וואָלט ער געוואָלט אַז דאָס גוטע און אויפריכטיקע זאָל מנצח זיין דאָס פאַרטייעטע און רשעותדיקע. אָבער ער צילט נישט און קערעוועט נישט דעם גאַנג און גורל פון זיינע העלדן און זייערע פּאַסירונגען. זיינע דערציילונגען פאַרמאָגן תמיד אַ נאַטירלעכע אנטוויקלונג און נאַטירלעכן אויסלאָז.

אויך ביי זיין גאַנצער סימפּאַטיע און וואַרעמקייט צו דעם ירושלימער בחור ניסים בוטאָן, וואָס ליבט זיך אזוי ערלעך אין דער טאָכטער פון סי־ניאָר יוסף חנוך, איז זיין לעבן און סוף אַזאַ אומגליקלעך טראַגישער. עס העלפט אפילו נישט די הילף, וואָס ער האָט געשטרעקט צו דעם אָפּגעקומע־נעם גביר. זיין ליבע צו דער טאָכטער ווערט אינעם הויז פון סיניאָר יוסף

חנוך באטראַכט ווי א ביטערע גזירה. אָט ווי יהודה בורלא שילדערט אין זיין דערציילונג „אַ מעשה נורא" די איבערלעבונגען פון דער משפחה, ווען זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ניסים בוטאָן וויל זיך משדך זיין מיט דער מיוחסדיקער טאָכטער:

„...ווען נישט די שיינע מידות און גוטע מאַנירן פון גבירים, וואָס רעדן נישט הויך אויפן קול, זענען נישט מגלה ברבים זייער חרפה און זענען שטאַרק מקפיד אויף זייער כבוד — ווען נישט דאָס, וואָלטן די ווענט פונעם הויז זיך געשפּאָלטן פון געוויין און געיאָמער, בשעת מען האָט דאָרט גע־רעדט וועגן דער שווערער גזירה, וואָס איז אַראָפּגעפאלן אויף זייער קאָפּ" (די דערציילונג איז איבערזעצט פון א. ספּיוואַק).

יהודה בורלא האָט געעפנט א ברייטן שטח פון יידישן לעבן, אַריינגע־פירט דאָס ספרדישע יידנטום אין דער העברעישער ליטעראטור און דאָס איז זיין גרויסער פאַרדינסט.

# משה סתוי־סטאַווסקי

משה סטאַווסקי שטאַמט פון אַנטאָפּאָל, אַ שטעטל אין גראָדנער געגנט. דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט פעלדער און וועלדער, ווינט־מילן און פערד־מילן, מיט הונדערטער גויאישע דערפער. אינעם שטעטל האָבן געלעבט יידן, גבירים־תקיפים, וואָס פירן דאָס שטעטל פאַר דער נאָז, און בעלי־מלאכות, יידן וואָס גאַרן נאָך אַ שטיקל באַלעבאַטישקייט, אַן אייגן גערטל, אַ קו אין שטאַל, באַלעגאָלעס, מאַרק־הענדלער און אַזעלכע וועמען די נויט פאַרטרייבט אין דער ווייטער וועלט.

מיט העכער צוויי צענדליק יאָר צוריק, זענען דערשינען סטאַווסקיס געקליבענע דערציילונגען, זיין בוך „שטומע פריינד" (שפּעטער איז דער־שינען אין העברעיש — „ידידים אלמים"). די דאָזיקע דערציילונגען זענען אָן ספק אַ זעלטנקייט אין אונדזער ליטעראַטור. אוודאי זענען פאַראַן אין דער יידישער ליטעראַטור דערציילונגען, ווו עס רעדט זיך וועגן די עופות און דער ציג, וועגן באַלעגאָלישע „קאַשטאַנעס" און „גניאַדע". סטאַווסקיס דערציילונגען באַווירקן אָבער נישט נאָר מיט זיין קענען די „שטומע פריינד", וועלכע ער באַשרייבט מיט אַזויפיל בקיאות און געניטשאַפט. צוזאַמען מיט זיין וואַרעמען דערציילערישן נוסח און מיט זיין רייכער שפּראַך, האָט ער אויך מיטגעבראַכט אַ טיפע ליבע צו די שטומע פריינד, אַ ליבע, וואָס ער האָט אַנטפּלעקט ביי די שטעטלשע יידן. אַ צוגעבונדנקייט צו זייערע שטוביקע בעלי־חיים.

משה סטאַווסקי האָט שוין אין זיינע ערשטע דערציילונגען געשילדערט דאָס יידישע שטעטל נישט מיט דער פאַרב פון אידילישער ראָמאַנטיק און גישט פון גרויזן אומעט. ער האָט נישט דערציילט וועגן פאַרשוינען וואָס ווילן צערייסן די פּענטעס און ווילן זיך לאָזן אין דער גרויסער וועלט אַריין. משה סטאַווסקי האָט געשילדערט דאָס שטעטל אין זיין רעאַלער טאָג־טעגלעכקייט. ער האָט עס באַהויכט מיט קינסטלערישן אָטעם און מיט

אַ לויטערן, אייגנאַרטיקן הומאָר. אַזוי איז משה סטאַװסקי אַריין אין דער יידישער בעלעטריסטיק, נאָך אין דער שיינער פּרץ־תקופה.

דערציילנדיק װעגן די שטומע פריינד, װייזט סטאַװסקי די גאַנצע שטעטלשע מיליע, דעם שטייגער און משפחה־לעבן, די קינדער־דערציונג און די באַציונגען מיט שכנים. אין אַן עפּיש־לירישן קרעפטיקן סטיל ברענגט ער אַרויס טיפן, װאָס זענען שוין װייט פון אונדזער קעגנװאָרט אָבער דאָך נאָענט און ביז גאָר היימיש.

סטאַװסקי איז מסוגל אין אַ פּאָר שורות צו כאַראַקטעריזירן א געשטאַלט, אין עטלעכע שטריכן צו שילדערן די סביבה און געבן א טרעפלעך בילד. מיט זיין לייכט־לויטערן הומאָר װייזט ער אין געציילטע שורות איינעם פון המון־עם, יואל בעל־עגלה, אַן ערלעכער האָרעפּאַשניק, אַ בעל־עגלה בירושה פון טאַטן, זיידן און עלטער־זיידן: „אַז ער איז אויף דער װעלט געקומען, איז אים צוקאָפּנס אַ בייטש געשטאַנען. זיין װיג, אַן אויסגעפלאָכטן קוישל פון לאָזע־ריטער, איז אויף אַלטע לייצן־שטריקלעך פון בעליק געהאָנגען, און אין װיגל איז צעמיאַטעט שטרוי פון װאָגן אָנגעבעט".

„אַריינגעגאַנגען אין חדר, איז אַ װאָװ — אַ זאַטיצקע, אַ יוד — אַ קוציק, אַ לאַנגער נון — אַ בייטש־שטעקל, אַ בית — אַ פּאַדקאָװע, אַ לאַנגער צאַדיק — אַ דישל. פון חדר אין װאָגן, אויף װייטע יאַזדעס זיך פאַרשלאָגן, מיט לישייעס אויפן פּנים און אונטערגעשלאָגענע אויגן, ביז ער האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגן געשפּאַן...".

זיינע דערציילונגען זענען אָנגעהויפּט מיט געזונטער יאָדערדיקייט. ער איז באַלד געקומען אַ רייפער, אַן אָנגעזאַפּטער מיט פאָלקסטימלעכער יידישקייט, און שוין די ערשטע דערציילונגען זיינע זענען געשריבן דורכגעטראַכט און מיט אַ זיכערער האַנט.

און אָט אַזאַ יונגער און געװאַגטער, א באַלאָדענער מיט ליבע צום פעלד און בוים און צו אַלע גאָטס באַשעפענישן, קומט משה סטאַװסקי עטלעכע יאָר פאַר דער ערשטער װעלט־מלחמה קיין ארץ־ישראל. קיין העברעישע ליטעראַטור איז נאָך אין לאַנד נישט געװען, אָבער ס׳זענען שוין געװען אין לאַנד באַדייטנדיקע העברעישע שרייבער.

דאָס זענען די אויפבוי־יאָרן פונעם נייעם ארץ־ישראל, פאַראַן בויער

און טרוימער, פיאָנערן און ראָמאַנטיקער, שטיינהאַקער און וועכטער. משה סטאַווסקי נעמט אויך אויף זיך דעם עול פון ממשותדיקער אַרבעט. דאָס איז געווען פאַר אים באַטירלעך. ער גייט אוועק וועכטעווען אין בן־שמן און פתח־תקוה, ער ווערט א לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער, און שפּע־טער אַ קאָלאָניסט אין באר־טוביה. דערנאָך קומט דער צריף, די ברעטער־שטוב ביים ים־ברעג, ווו ער האָדעוועט קי...

סטאַווסקי איז פון די ווייניקע שרייבער אין ארץ־ישראל, וועלכע האָבן זיך איינגעגלידערט אין לאַנד מיט זייער גאַנץ וועזן, ער האָט געטראָגן דעם עול פון ערד־אַרבעט, פון לאַנדווירטשאַפט. זיין שאַפן איז אַ פּראָדוקט פון אייגענעם לעבן, פון אייגענער דערפאַרונג און דערקענטעניש. ער האָט זיך פאַרמאָסטן צו דערגרונטעווען צום מקור פון שפּראַך און פון שטייגער. די צאָל פון זיינע ארץ־ישראל־דערציילונגען איז נישט גרויס, זיי זענען אָבער אָנגעזאַפּט מיט עכטע ארץ־ישראל־זאַפטן.

אָט זענען עטלעכע שורות פון זיין דערציילונג „שפע":

„מיט אָנהייב חשוון האָבן זיך די רעגנס געשטעלט פּריאיקע, צייטיקע און רעגלמעסיקע, וואָך ביי וואָך, וואָך נאָך וואָך, שבת נאָך שבת, שבת און מיטוואָך, אָפּגערוט און געלאָזט דעם באָדן צוטריקענען, פאַרזייען, פאַר־אָקערן און צוריק געהיט די צייט, וואָך ביי וואָך, שבת און מיטוואָך, יעדן שבת און יעדן מיטוואָך, ווי אין אַ דור וואָס כולו זכאי, ווי אין א דור ווען מענטשן טוען גאָטס געבאָט.

צו האַלב טבת זענען די פעלדער שוין פאַראַקערט געווען, פאַראַקערט און פאַרזייט און געבענטשט און באַפּרוכפּערט, באַרעגנט און באַגריבּט.

ווייט אַרום, וויפל דאָס אויג קאָן פאַרכאַפּן, האָט די גרינקייט דאָס אויג געגלעט — בלייך־גרין און געלבלעך־גרין, דין, צאַרט און בלייך איז די ערשטע שפּראָצונג געווען, וואָס האָט נאָר־וואָס דעם באָדן געשפּאָלטן, דאָס קעפּל אויף גאָטס וועלט באַוויזן — מיד, צאַרט און ווייך. טונקל־גרין און זוניק־קלאָר".

פון דער שילדערונג־שפּראַך טראָגט זיך פאַרוואָרצלטקייט און ליבע צום באָדן, צו פעלד און צום בוים.

אין זיין גאַנצן מהות איז סטאַווסקי א דערציילער, ער איז אָבער, ווייזט אויס, אויף די וועגן צו דערקענען און באַנעמען דאָס אייגנטימלעכע און

מקורותדיקע אין ארץ־ישראל דערגאַנגען צו אַנדערע שפּורן און קוואַלן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן די נאַטור־שייכותן אין דער העברעיִשער שפּראַך, ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אויסשפּירן דעם קלימאַט און מיטן אויסגעפינען ווי ס׳ווירקן חמסינען און קאַלטע נעכט אויף די בעל־חי. סטאַווסקי האָט אייפעריק געזוכט אָפּצופרישן ווערטער, אויסדרוקן, אידיאָמען און אריינפּאַסן זיי אין דעם באַנייטן לעבן און באַנייטן לשון.

זיין ליידנשאַפטלעכער באַגער צו דערקענען און דערפילן דאָס עכטע און מזרחדיקע, האָט אים צונויפגעפירט מיטן אַראַבישן מענטש אין ארץ־ישראל. יאָרן אויף יאָרן האָט סטאַווסקי געפאָרשט דאָס אראבישע שטייגער־לעבן. ער האָט זיך אויסגעמישט מיט די אראבער, געוואָרן אַן איינגייער אין זייערע הייזער און דערפער, געקומען אויף זייערע מערק און צו זייערע שמחות. זיין קינסטלערישע אינטואיציע האָט אים געהאָלפן אַריינדרינגען אין דער קאָמפּליצירטער סביבה פון מזרח־מענטש, אויפנעמען די דינ־דינסטע ניואַנסן פון שטייגער און טראַדיציע. אינטים און מיט איבערגעגעבנקייט שילדערט סטאַווסקי דעם אַראַבישן ערד־אַרבעטער, זיין משפחה, זיינע זאָרגן און יום־טובים, הכנסת־אורחים און מצוות. זיין ווערק „הכפר הערבי״ — דאָס אַראַבישע דאָרף — דעקט אויף אַ סך ווייניק־באַקאַנטע מאָמענטן און מאַכט קלאָר פאַרפּלאָנטערטע, מטושטשע מיינונגען, וואָס שייך סביבה־פירונגען און טראַדיציע פון אראבישן פאָלקס־מענטש.

דער בונטער פאָלקלאָר פון מזרח האָט תמיד געלאָקט. סטאַווסקי האָט דערקענט דעם אראבישן פאָלקלאָר ווי אַן אייגענער, ווי איינער, וואָס קען זיין מקור.

סטאַווסקיס לעגענדעס, מעשיות, משלים, וואָס ער האָט צונויפגעזאַמלט און געשאַפן, זענען נישט נאָר טעמאַטיש מזרחדיק; זיי זענען מזרחדיק אינעם סטיל און אופן פון דערציילן. ס׳אָטעמט פון זיי מיט עכט־אַראַבישן נוסח: בונטע מליצה, לאַקאָנישע דיאלאָגן און בליציקע רייד, מוסר־השכל און קליגשאפטן. זיי זענען אראביש־מזרחדיק נישט נאָר אין זייער חכמה און נאַיוויטעט, אין זייער עניוות און איבערגעטריבענער גבורה, נאָר אויך אין דער אייגנאַרטיק געפורעמטער שפּראַך, אין וועלכער סטאַווסקי האָט זיי אַרויסגעבראַכט סיי אין יידיש, סיי אין העברעיש. די מעשיות זענען אַ קוואַל פון לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־חכמה, פון פאָלקס־פּשטות,

און גלייכצייטיק — דער ראַפינירטקייט פונעם מזרח־מענטש. סטאַווסקי האָט די משלים און לעגענדעס איבערגעשאַפן און זיי האָבן נישט נאָר נישט פאַרלוירן פון זייער אָריגינעלער פאַרב און פון זייער מזרחדיקער דופּטי־קייט, נאָר זענען געוואָרן לויטערער, אמתדיקער:

„אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ שותפות — אַלע צרות קומען אַרויס פון די שותפותן. אייזל, פוקס און טויב האָבן פאַרקלערט אַביסל גערשטן צו פאַרזייען. האָט מען זיך פאַנאַנדערגערעדט, צונויפגערעדט, אָפּגערעדט און באַשטימט עס זאָל זיין שותפות חלק כחלק. גערעדט און געטאָן. אָפּ־געזוכט אַ שטיקל באָדן — אַ גלייכס, אַ ריינס, אַ פעטס און אָן אויסגערוטס — אַזוי צופוסנס פון אַ בערגל, ווי עס פּאַסט פאַר דעם, וואָס זיי גייען זייען, און גלייך מיט דעם ערשטן רעגן איז מען אַרויס צו דער אַרבעט — די ברכה איז אין דעם פריאיקן...".

די דאָזיקע עטלעכע שורות זענען טיפּיש און כאַראַקטעריסטיש פאַרן מיט לעבנס־נסיון אויסגעפּרוּווטן ערד־אַרבעטער.

ארץ־ישראל־דערציילונגען האָט סטאַווסקי געשאַפן נישט קיין סך, זאָל עס טאַקע זיין דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אָפּגעגעבן אויף אַנדערע געביטן פון שרייבערישן שאַפן? ער, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם וועג פון די ערשטע, וואָס האָט, ווי ווייניק ווער, זיך באַהאָפטן מיטן לאַנד — האָט נישט געבראַכט די ארץ־ישראל־דערציילונג פון דעם כאַראַקטער, ווי עס איז געווען פון אים צו דערוואַרטן.

„שפע", „בנגב" און דער „יתום" זענען געצייכנט מיט וואַרעמקייט און ברענגען בילדער פון ארץ־ישראלדיקע ערד־אַרבעטער. „שפע", די זאַט־קייט פון יידישן דאָרף נאָכן רעגן און גערעטעניש אויפן פעלד, די געמיט־לעכקייט און רויקייט ווען דער שפּייכלער איז פול. און פּונקט דער היפּך די שטימונג אין אַראַבישן אויסגעהונגערטן דאָרף (נאָך אַ טריקעניש), פּיין און שרעק און צאַפּלעניש אין דערוואַרטונג פון די רעגירונגס־מענטשן, די שאַצער, וואָס וועלן צונעמען דאָס לעצטע.

די דערציילונגען און בילדער ווי „לאחותי באר־טוביה", „היתום" — זענען באַגלייט מיט אַ זיס־סענטימענטאַלן טאָן, וואָס מינערט פון סטאַוו־סקיס לירישער חנעוודיקייט און קרעפטיקייט.

מיט אַ שטיקל צייט צוריק איז דערשינען זיינס אַ זאַמלונג דער־

ציילונגען „בערוב יום" („ווען טאָג פאַרגייט"), דערציילונגען פון אַמאָליקן ייִדישן שטעטל: ישובניקעס, פאָלקס־מענטשן, בעלי־מלאכות; דערציילונגען פון ייִדישן מענטש אין זיין פאַרגיין, דורות פאַרגייען און דורות קומען אויף. אָט קומט ר׳ משה שמואל אין זיין אַמאָליק גוט און דערזעט אין זיין זון אפרים זיין אַמאָליקן איך, דער זעלבער אויפטוער און איינרייסער. און אָט כאַפּט זיך אַרויף דאָס אייניקל רייטן אויפן פערד, ווי לאַנג איז עס געווען ווי ער, משה שמואל, האָט זיך אַזוי אַרויפגעכאַפּט? ס׳איז דער אַלטער „דור הולך ודור בא".

און איצט ברענגט ער פאַר אונדז זיין נײַ בוך דערציילונגען און אראבישע לעגענדעס — אַ פּראָדוקט פון דריי צענדליק יאָר שאַפן — „בדרך לארץ האושר". אין פלוג אזעלכע ווייטע איינע פון די אַנדערע טעמעס און מאָטיוון, אָבער ביי סטאַווסקין קומען זיי אויף אַזוי נאַטירלעך און אייגן, אַזוי אָרגאַניש און אייגנאַרטיק וועבט ער זיי אַריין אין דער ליטעראַטור.

1958

# ג

יצחק קאַצענעלסאָן
ז. סעגאַלאָוויטש
ישיעהו שפּיגל
ק. צעטניק
רחל אויערבאַך
לייב ראָכמאַן
יאָנאַס טורקאָוו
חיה עלבוים-דאָרעמבוס
משה זאָנשיין
ד״ר מ. דוואָרזשעצקי
יחיאל גראַנאַטשטיין
מ. קאַהאַנאָוויטש
אפרים דקל

# יצחק קאַצענעלסאָן

ס׳איז אַזוי געשען, אַז דווקא ער, דער חנעוודיקער, שפּילעווודיקער און האַרציק־טרוימערישער דיכטער, זאָל זאָגן דאָס קרעפּטיקע און געוויסן־מאָנענדיקע וואָרט אויפן אומקום פון זיין פאָלק.

מעגלעך, אַז גראָד יצחק קאַצענעלסאָן, וועמענס נוסח איז שטענדיק אַזאַ נאַציאָנאַל־פאָלקסטימלעכער, אַזאַ ליריש־היימישער, זאָל שאַרפער דערשפירן די האַק פון הענקער. נאָך מער: דאַכט זיך, אז זיין גאַנצער דיכ־טערישער אויפברויז, זיין פּאָעטישע דינאַמיק איז געקומען צום אויסדרוק אין זיינע שאַפונגען פון די אומקום־יאָרן. אפשר טאַקע אויך דערפאַר, ווייל זיין פּאַרבענקטקייט, זיין פּאָעטיש געמיט האָט באַקומען אזא שניט און אזא יסורימדיקן צאַפּל. ער, וואָס האָט אזוי נאָענט געקענט דאָס יידישע לעבן, האָט אויך אַזוי אייגן און אין פולן מהות תופס געווען דעם פּאַרנעם פון חורבן. ס׳איז קאַצענעלסאָנס טראַגישער, אין בלוט־אויסגעוויקטער דיכ־טערישער המשך.

*

ער האָט געשאַפן אין העברעיש און אין יידיש, און כמעט אין אַלע לי־טעראַטור זשאַנערן. ער האָט געשריבן פּאָעמעס און קינדער־לידער, דער־ציילונגען און פעליעטאָנען, רעפּאָרטאַזשן און דראַמעס. קאַצענעלסאָן איז בכלל געווען טעטיק אויף אַ סך קולטור־געביטן. פּעדאַגאָגיק און טעאַטער איז אים אַזוי נאָענט געווען, ווי ליטעראַטור, און מיט זיינע צייכענונגען האָט ער נישט איין מאָל אַליין אילוסטרירט זיינס אַ זאַמלונג. אַרבעטן אויף עטלעכע קונסט־ און קולטור־שטחים איז כאַראַקטעריסטיש פאַר פאַרביקע און שפּרודלדיקע טאַלאַנטן. אמאָל איז עס אַ מעלה, אַמאָל אָבער שטערט עס און נעמט אַוועק דעם שעפער פון יענעם געביט, צו וועלכן ער איז מער

באַרופֿן, און מינערט דערפֿאַר די ווערטן, וועלכע ער וואָלט געקאָנט אַרויסברענגען.

ביי יצחק קאַצענעלסאָן האָט איין געביט זיך איבערגערופֿן מיט דעם אַנדערן און אים דערגאַנצט. דער פּאָעט אין אים האָט אָנגעשטימט דעם אָריגינעלן לערער און דערציער.

זיינע שאַפֿונגען זענען כמעט קיינמאָל נישט געווען צוגעשפּיצט און אָנ־געצילט צו פּראָבלעמען. ער האָט געמאָלן און אַרויסגעבראַכט שטייגער און פּייזאַזש דורך דער פּריזמע פֿון זיין אויסגעשפּראָכן־דיכטערישן באַנעם. דאָס נאַציאָנאַלע געפֿיל האָט אָבער תמיד דאָמינירט אין אַ סך פֿון זיינע שאַפֿונגען — אין זיינע געזונגענע העברעישע לידער.

די מלחמה האָט אים געטראָפֿן אין לאָדזש, דאָס איז געווען זיין שטאָט זינט אַ סך יאָרן, די משפּחה קאַצענעלסאָן איז געווען אַ שם־דבר אין לאָדזש, אַ משפּחה פֿון לערער, מדריכים און שרייבער. זיין טאַטע, אַ מחנך און אַ העברעישער שרייבער, האָט אויף דער עלטער, אין יאָר 1930, אַרויסגעגעבן אַ ביכל יידישע לידער א. נ. „מיינע לידער״. אַ משכיל און אַ שטענדיק דורשטיקער נאָך וויסן, האָט ער איינגעפּלאַנצט אין זיינע קינדער זיין התמדה.

די דייטשן, וועלכע האָבן קודם כל געוואָלט אומברענגען די יידישע אינ־טעליגענץ, די אינטעלעקטועלע און קינסטלער, האָבן יצחק קאַצענעלסאָ־נען אַרומגעזוכט. ער איז באַצייטנס אַריבער קיין וואַרשע. מ׳האָט שוין אַ סך געשריבן וועגן קאַצענעלסאָנס אַקטיוויטעט אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט געוועקט און געמאָנט, באַאיינפֿלוסט און אַגיטירט. ער האָט אַליין געטאָן און גערופֿן אַנדערע צו מעשים. ער האָט אָנגעפֿירט מיט קרייזן, געווען דער לייטער פֿון אַ דראַמאַטישער סטודיע, אַ לערער אין דער אונ־טערערדישער גימנאַזיע, וואָס די חלוצישע באַוועגונג האָט געשאַפֿן. דער קנופּ איז אָבער אַלץ ענגער געוואָרן. מ׳פֿירט אַרויס די נאָענטסטע, מ׳פֿירט אַרויס זיין פֿרוי מיט צווויי פֿון זיינע דריי קינדער.

ער האָט אין געטאָ אַ סך געשריבן, געשריבן לידער און פּאָעמעס, קינ־דער־לידער, איבערזעצט קאַפּיטלעך תנ״ך, אָנגעשריבן אַ דראַמע אין יידיש „על נהרות בבל״. ער האָט פֿאַרפֿאַסט קינדער־פּיעסן. ער האָט גע־שאַפֿן אין אימה־צאַפּלעניש, אין טויט־קאָשמאַר. ער האָט דערציילט פֿון

יידישן עבר און ער האָט געשילדערט מיט דער שניידיקער פּשטות זיין איבערלעבונג ערב דעם אומקום פון יידישן פאָלק אין איירּאָפּע.

פון יענער צייט אין וואַרשעווער געטאָ שטאַמען די לידער: „לידער פון קעלט” און „לידער פון הונגער”, וואָס זענען נאָך דער באַפרייונג אויסגע־גראָבן געוואָרן צוזאַמען מיט אַנדערע שריפטן פון אונטער די חורבות אין וואַרשעווער געטאָ. אָט די לידער, געשריבענע מיט אַזאַ איינפאַכקייט און אויפשוידערנדיקער שטילקייט, ברענגען אויף פאַר אונדז דעם דיכטערס געמיט. אין דעם הונגער נאָך אַ שטיקל ברויט, נאָך אַ וואַרעמען צימער, גייט אויף קאַצענעלסאָנס וועלט פון נעכטן, זיין היים פון נעכטן, זיין בענ־קעניש, וואָס ווערט צעמאָלן אין דעם טראַגישן עלנט און אין דער מאוימ־דיקייט פון די געטאָ־טעג.

די „לידער פון הונגער” און די זאָרג נאָך אַ ביסל קוילן, וואָס קאַצע־נעלסאָן ברענגט אַרויס, זענען אַזעלכע גרויליק־אָפענע, אַז זייער בילד און שטימונג איז מסוגל אויף אייביק אונדז נאָכצוגיין:

קום, טייערער, אין גאַס אַרויס, קום שטאַרבן
אין די גאַסן,
אויף די טראָטוואַרן אויף די האַרטע, אויף די האַרבע,
נעם מיט די קינדער אונדזערע, די בלאַסע.

— — — — — — — —

קום אַרויס אָ, קום אַרויס פון שטוב —
אַ ליידיקע שטוב — איך שעם פאַר זיך אַליין זיך
ליגן דאָרט אַ לעבעדיקער אין דער גרוב,
אַ הונגעריקער טאָר אין שטוב נישט שטאַרבן איינזאַם.

און אַזוי זעט אויס די געטאָ־גאַס אין זיין ליד געשריבן דעם 10.11.1942:

אין שטוב איז קאַלט. עס איז אַ מורא מיר
אַ פחד מיך באַפאַלן אין מיין היים מיר.
און כ׳בין אַרויס אין גאַסן וויסטע,
איך בין געגאַנגען איבער מענטשן שוין פאַרפרוירענע
ווי אָפּגעהאַקטע ביימער,

די הענט פאַרוואָרפן מיט אַ שטומער אימה,
ווי אַ גוואַלד־געשריי ווי אַן אומזיסטער,
ווי אַ ווייסטער,
צי באַגריסט איר
גאָר מיר, שטייף אַזוי באַגריסט איר ?

ער האָט דורכגעמאַכט די גאַנצע פּיין פון געטאָ, דורכגעגאַנגען אַלע אַקציעס, וואָס די נאַציס האָבן דורכגעפירט, געווען ביי די צוגרייטונגען פון יידישן ווידערשטאַנד אין געטאָ. קאַצענעלסאָן, אַ צעווייטיקטער, אַ צעריסענער פון יסורים, האָט איינגעזאַמלט דעם גרויל און וויי־געשריי פון זיין פאָלק, כדי צו מאַכן ווי ער זאָגט „דעם שרעקלעכן חשבון".

„פּנקס ויטל" זיין טאָגבוך פון לאַגער אין דעם פראַנצויזישן שטעטל וויטעל, ווי אלץ, וואָס ער האָט געשאַפן פאַר די צען חדשים פון זיין געפי־נען זיך אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, געהערט צו די טיפסטע און שטאַרקסטע אין דער ליטעראַטור פון אונדזער מאַרטיראָלאָגיע. מיר קאָנען נישט צוגיין צו דער חורבן־ליטעראַטור מיט אָנגענומענע מאָסן און כללים פון ליטעראַטור־שאַפונג. און אוודאי איז נישט מעגלעך מיט זיי צוצוגיין צו די שאַפונגען פון יצחק קאַצענעלסאָן.

קאַצענעלסאָן איז געווען געוואַלדיק אַקטיוו אין לאַגער, ווי ער וואָלט געשפּירט, אַז נאָך אַלע זיינע דורכגעגאַנגענע ערב־טויטן, דערגייט ער איצט צום סוף. ער האָט אומאויפהערלעך געשריבן זיין „פּנקס ויטל" אין העב־רעיש, ווו ער פאַרפיקסירט זיינע מחשבות, זיינע איבערלעבונגען און די איבערלעבונגען פון זיינע נאָענטע. די מחשבות זיינע רעגן אונדז אָן צו זען דראַמאַטיש און גורלדיק ייד און מענטש, וועלט און פאָלק...

דאָרט אין וויטעל האָט ער אויך געשאַפן זיינע פּאָעטישע דראַמעס „חני־בעל" און „במצבאה הראשית". דאָרט האָט ער אויך מיט דיכטערישער גבורה פאַרפאַסט זיין גרויס — און דאַכט זיך אין דער חורבן־ליטעראַטור דאָס געוואַגטסטע און שטורמישסטע ווערק „דאָס ליד פונעם אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק".

און ווידעראַמאָל : ס'איז נישט מעגלעך און נישט נייטיק צו באַהאַנדלען דאָס ווערק פון ליטעראַרישן אַספּעקט. די קאַפּיטלען פון אָט דער פּאָעמע זענען מער ווי ליטעראַטור, און ווי פּיינלעך און נישט נאַטירלעך וואָלט

**געווען, ווען אָט די מאָנענדיקע, בלוטיק־שרייענדיקע שורות וואָלטן באַ־טראַכט געוואָרן ווי גאָרע ליטעראַטור־שאַפונג.**

**אין די קאַפּיטלען רעדט אַרויס די נשמה פון אומגעקומענעם פאָלק. זי טענהט זיך אויס און פאָדערט. דערציילט און פאַרצייכנט, שילדערט און מאָלט דאָס בלוטיקע בילד. ברענגט די אַנטוישונג פון מיליאָנען דורך דעם מויל פון דרייסטן און אַמאָל אַזוי מילדן, טרוימערישן און ליבן דיכטער. היינט גלייבט ער נישט מער און ס׳גלייבט אויך נישט מער זיין פאָלק. פאַרלוירן דעם ביטחון, פאַרלוירן די אמונה, נישטאָ קיין ערד, נישטאָ קיין הימלען, נישטאָ קיין שיינקייט מער.**

**עס גייט פאַרביי די גאַנצע עפּאָפּייע פון יידישן לעבן אין פוילן: יידי־שער שטייגער, גערעַנגל, דערגרייכונגען, חברים, פריינד, משפּחה; ווידער־שטאַנד און אומקום. און אין דעם פּשוטן יידישן וואָרט, וואָס איז גרויס געוואָרן, ווייל פון אַלץ איז דאָס וואָרט נאָר געבליבן — שרייט ער אויס:**

אָ, הימלען אויסגעליידיקטע און וויסטע, הימלען ווי אַ מדבר
ווייט און וויסט, איך האָב
מיין איינציקן מיין גאָט אין אייך פאַרלוירן, און זיי איז ווייניק
האָבן אין אייך דריי —
דער יידישער דער גאָט, זיין גייסט און דער גליל־ייד פון זיי
געהאָנגען איז זיי קנאַפּ,
זיי האָבן אַלע אונדז אין הימל אָפּגעשיקט — אָ, עקלדיקע
און געמיינע געטערדינעריי!

פרייט זיך, הימלען, פרייט זיך! איר זענט געווען אָרים, יעצט
זענט איר רייך,
אַ געבעטשטער אַזאַ שניט — גאַנץ, גאַנץ אַ פאָלק, אַזא גליק
איז, הימלען, אייך באַשערט!
פרייט זיך, הימלען אויבן, מיט די דייטשן, און די דייטשן
אונטן זאָלן פרייען זיך מיט אייך,
און זאָל אַ פייער פון דער ערד אויף אייך אַרויסגיין און אַ
פייער זאָל צעפלאַקערן פון אייך זיך אויף דער ערד.

אָט די שאַפונגען דאַרפן מיר תמיד האָבן פאַר זיך. זיי לערנען אונדז נישט נאָר האַסן די רשעים און די אכזריותן פון דער וועלט, נאָר דורך זיי דערקענען מיר די טיפקייט פון דער יידישער נשמה, דעם מאַרטירער־וועג פון אונדזער פאָלק ווי ס׳האָט עס צוגעזען און באַנומען דער צאַרטער און גלייכצייטיק מעכטיקער דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן.

1954

## ז. סעגאַלאָוויטש

זיי קומען איצט — די לעצטע פון דער שריפה
געראַטעוועט פון לאַגער און פון סם...
מען זעט זיי שוין אין קיבוץ און אין חיפה,
אין תל־אביב אויף גאַסן און ביים ים.

זיי קומען און מיר דריקן זיי מיט נייגער,
די נומערירטע בוכענוואַלדער הענט;
געראַטעוועט פון לאַגער פון די שטייגן
און פון די הייסע קרעמאַטאָריע־ווענט.

מיין חלק זון וועל איך מיט זיי זיך טיילן,
מיין טרייסט מיט שטיקער האַרץ... וואָס האָב איך נאָך? —
און דאָס, וואָס די פאַרמוטשעטע דערציילן,
וועט ווערן מיינס, ווי אַלץ פון אונדזער בראָך...

**אָט מיט די שורות הייבט־אָן סעגאַלאָוויטש איינע פון זיינע אויפטרייס־לענדיקע קינה־פּאָעמעס, די פּאָעמע פון יאָמער־טאָל. ער האָט מיטגעלעבט און מיטגעבלוטיקט און ווי צוזאַמען פאַרפּייניקט געוואָרן אין „איצטער", „דאָרטן", „פאַרשווונדענע לאַנדשאַפטן", „ערב מאַידאַנעק" און „נישטאָ".**

**איך געדענק ווי די דאָזיקע פּאָעמעס זענען געשריבן געוואָרן, מיט וויפל ציטער און צעבראָכנקייט דער אַמאָליקער שטאָלצער און עלעגאַנטער סעגאַלאָוויטש פלעגט זיי פאָרלייענען פאַר נאָענטע פריינד און חברים. מיטאַמאָל האָבן מיר אים דערזען און דערפילט אַן אַנדערן, — מיט אַזויפיל פּאָעטישער גבורה, — האָט ער דאָך דער ערשטער געגעבן אויסדרוק דעם טראַגיש־פאַרלאָפענעם. האָט ער דאָך דער ערשטער אויפגעשטעלט די דיכטערישע מצבה אויפן פאַרשניטענעם יידישן לעבן אין פוילן, אויפן אומקום פון פוילישן יידנטום.**

קיין ארץ־ישׂראל איז ער שוין געקומען אַ מידער, אַ צעבראָכענער, גע־קומען ווי אַ פּליט, ווי אַן איינגעבויגענער בוים — האָט וועגן אים. הגם אויסערלעך האָט ער זיך געהאַלטן מיט ווירדע, איז עס געווען דער אמת, ווען ער האָט געזאָגט: „איך בין שוין מיד, אַ מידער מייסטער און איינגעבראָכן פון דעם טרויער".

פריינד פון אַמאָל האָבן אים דאָ אויפגענומען מיט ליבשאַפט און פאַר־ערונג, געזאָרגט פאַר אים. אָבער אינעם האַרץ האָט געפּיקט דער צער און ווייטיק. ער האָט מער נישט געלעבט מיט דעם לעבן פון דער „ניי־געבוי־רענער שטאָט" — ווי ער האָט אָנגערופן תל־אביב. ער האָט געלעבט מיט דעם אומקום פון „דאָרטן", מיט די יידן פון „דאָרטן", מיט דער אימה, וואָס האָט אַזוי געריסן און געצונדן.

„פאַרשטייט — האָט ער איינמאָל אין אַ מידן ארץ־ישׂראלדיקן אָוונט געטענהט צו מיר — פאַרשטייט, ווי טראַגיש, משונהדיק דאָס איז: אַמאָל ווען אַ בחור פלעגט צוליב אַ נישט־געראָטענער ליבע באַגיין זעלבסטמאָרד, פלעגן מיר זאָגן: אַ טראַגעדיע. אַ געוויינלעכן אומגליקפאַל פלעגן מיר אָנרופן אַ קאַטאַסטראָפע. היינט אויפן אומקום פון אַ גאַנץ פאָלק באַנוצן מיר זיך מיט די זעלבע ווערטער, די זעלבע באַצייכענונגען. טאָ ווו נעמט מען דאָס גרויסע יסורימדיקע וואָרט? אַז אַזאַ וואָרט איז דאָך גאָרנישט בנמצא אין אונדזער מענטשלעך לשון".

און דאָך האָט סעגאַלאָוויטש געפונען דאָס וואָרט, געשאַפן דאָס וואָרט, פון דער היינטצייטיקער קינה, וואָס שניידט זיך איין אַזוי פשוט, שאַרף און בולט:

מען האָט מיר געשאָכטן מיין וועלט און נישטאָ...  
איז פול מיין נשמה מיט צער פון נישטאָ...  
די טויטע וואָס ווערן אַלץ קנאַפּער דערמאָנט  
זיי זענען מיר נענטער ווי די פון דער נאָנט...

אין מיין אַמאָליקער היימשטאָט, סעגאַלאָוויטשעס געבוירן־שטאָט — ביאַליסטאָק, וווּ ער האָט שטורמיש־ראָמאַנטיש דורכגעמאַכט זיין יוגנט, וווּ ער האָט זיין ערשט, ציטעריק ליד אָפּגעדרוקט — פלעגט ער זיין אַן אָפטער גאַסט. אויף די יידישע גאַסן האָט מען נאָך געזונגען יידישע לידער.

מיט אייפער פלעגט מען זינגען זיין „רופסט מיך יהודית און שולמית״ און „רייזעלע דעם שוחטס״. פלעגט ער קומען אויף אָט די יידישע גאַסן און מיט זיין גרויסשטאָטישן שטאָלץ און עקסטראַוואַגאַנטישער עלעגאַנץ איז ער אַרומגעגאַנגען איבער די ביאַליסטאָקער „פּיאַסקעס״ און „כאַנאַיקעס״, איבער דער סוראַזער־גאַס און געזוכט די שפּורן פון אַמאָל. געוואָלט ווידער אָטעמען מיט דער סביבה פון זשאַמע דער גאַרבער, יודל דער דרוקער, באַשע די אַקושערקע, עטל, דעם וועבערס טאָכטער, און דער קאַטערינ־שטשיק פון שמואל שמידס געסל זענען אים ווידער פריש און אייגן גע־וואָרן. ס׳איז שוין טאַקע נישט געווען די זעלבע היימישקייט און נאָענט־קייט פון אַמאָל, בעת ער איז געגאַנגען אויף די „סכאָדקעס״ אין ביאַליס־טאָקער וואַלד. אויף יענע יונגע, שטורמישע, האָפענונגפולע יאָרן האָט ער שוין געקוקט מיט צווייפל און אומגלויבן.

עפּעס האָבן די רעוואָלוציעס פון אונדזער צייט נישט געקערעוועט און נישט געמאַכט דאָס לעבן אַזוי ווי ער האָט געמיינט, ווי אַ סך טרוימער און קעמפער האָבן געמיינט... איצט האָט ער די סוראַזער־גאַס, די אַמאָליקע אַרבעטער־בערזע און זיינע אַמאָליקע קאַמף־חברים געדאַרפט אָפּפרישן אין דמיון, אַרויסרופן זיי מיט זייער גלויבן און התלהבות. ווייל טאַקע מיט זייער געטריישאַפט און גרייטקייט האָט ער זיי אַריינגעפירט און אויפגע־לעבט אין זיינע צענדליקער דערציילונגען און ראָמאַנען. אויף אַ באַזונדערן אופן — סענטימענטאַל און ראָמאַנטיש — האָט ער מיטגעהאָלפן פאַרפיק־סירן אין דער יידישער ליטעראַטור די שטילע און געטרייע העלדן פון יענער הערױישער רעוואָלוציאָנערער תקופה.

סעגאַלאָוויטש האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דער יידישער דיכטונג אין פוילן. זעלטן ווער האָט פאַר יענער צייט באַזונגען אַזוי אומ־מיטלבאַר און צאַרט אַ מאָרגן־אויפגאַנג און אַ זון־פאַרגאַנג, דעם פוילישן האַרבסט און דעם סלאַווישן ווינטער. סעגאַלאָוויטש האָט אין זיין ריטמישן און קלאָרן ליד נישט אַריינגעפירט קיין חידושים און אויפטועך, אָבער זיין ליד איז ווי אַריינגעוואַקסן אין דער איינגעפונדעוועטער טראַדיציאָנעלער יידישער פּאָעזיע. זיין אומעט און טרוימערישקייט האָט צוגעגעבן זיין דיכ־טונג אַן אייגנדיקע חנעוודיקייט.

זיינע לידער און פּאָעמעס ביזן צווייטן וועלט־קריג זענען אינעם רוב געווען געווידמעט נאַטור־שיינקייט, עפּעס ווי אין דעם וואָלט ער געפונען זיין טרייסט און באַפרידיקונג נאָך די פּעליעטאָנען, וואָס ער האָט מיט בריהשקייט געשריבן פאַר דער דעמאָלטיקער גרויסער יידישער פּרעסע. צו דעם קומען נאָך צו זיינע מעלאָדישע ליבע־לידער, ראָמאַנסן און צייט־לידער, וואָס אַ סך פון זיי זענען געזונגען געוואָרן ווי האַרציק־רירנדיקע פאָלקס־לידער.

סעגאַלאָוויטש האָט געטראָגן אַ טיפן פאַרדראָס אויף דער יידישער ליטעראַטור־קריטיק, און אַוודאי — אויף די היינטצייטיקע ליטעראַטור־קריטיקער. הגם ער איז געווען צו־שטאָלץ עס אַרויסצוווייזן — האָט ער אין שטילע מינוטן זיך געקלאָגט, אַז מען שאַצט אים נישט אָפּ ווי גע־העריק, מעגלעך, אַז ביי זיך האָט ער געוווסט און געפילט, אַז עס פעלט אים פאַרטיפטקייט און אפשר טאָקע — גלויבן, גלויבן אין אַן אידעע, וואָס ער האָט אויף זיינע שרייבערישע וועגן משמעות פאַרלוירן. ווי אַ רמז פון זיין אייגענער דערקענטעניש, פון זיין אייגענעם זען זיך, געפינען מיר אין זיין בוך „מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב״, ווו ער זאָגט : „צוויי מלחמות האָבן מיך אויסגעלערנט צו פאַרלירן. איך ווער היינט נישט נתפּעל פון קיין מאַטעריעלן פאַרלוסט... עס נאָגט אַ ביסל מער ווען אַ מאַנוסקריפּט ווערט אויף אייביק פאַרלוירן. איך האָב פאַר צוויי צענדליק יאָר געאַרבעט אויף אַ פּאָעמע „ווען די קאַשטאַנעס בליען״. די נשמה אַריינגעלייגט אין דעם. געוואָלט אַמאָל איבערראַשן מיט אַ ט י פ ע ר ע ר זאַך, וואָס האָט געזאָלט אויסדריקן דעם זין פון יידישן פאַנטעיזם״.

סעגאַלאָוויטש איז געווען פון די אַממערסטן געלייענטע שרייבער אין פּוילן. זיין „ווילדע צילקע״ זיינע „קרימער נעכט״, די נאָוועלן „רויך פון אַ ליולקע״, האָבן בשעתם געהאַט אַ ריזן־דערפאָלג. ער איז געווען דער ראָמאַניסט און נאָוועליסט, וואָס איז צוטריטלעך געווען פאַר אַלע לייענער. ער האָט נישט געוויזן דיווירקלעכקייט אַזאַ ווי זי איז אין איר טאָג־טעגלעכקייט, ער האָט תמיד געגעבן אַ ביסעלע יום־טוב, עפּעס אַ חול־המועדיקייט איז אויסגעשפּרייט איבער זיינע נאָוועלן און ראָמאַנען. מיט דעם האָט ער אויסגעברייטערט דעם קרייז פון יידישן לייענער און דער־גאַנגען צו די בירגערלעכע האַלב־בורזשואַזע משפּחות, ווו אַ יידיש בוך

איז אַמאָל געווען טריף־פּסול. ער איז געקומען צו זיי מיט אַ נאָענטער פּאַר־זיי טעמאַטיק; ער האָט געבראַכט דערציילונגען און נאָוועלן, וואָס האָבן געלאָקט און צוגלייך ראָמאַנטיש־סענטימענטאַל פאַרוויגט.

אַ געוויסע השפּעה האָבן אָן ספק געהאַט אויף אים די רוסישע און פראַנצויזישע ראָמאַנען. זיינע דערציילונגען „איך, זי און ער", „אַנטאָשאַ און אַנדערע" און אַפילו זיין גרויסער אַרומנעמענדיקער ראָמאַן פון דער מאָדערנער יידישער משפחה „די ברידער נעמזאָר", זענען באַהויכט מיט די טענער און פאַרבן פון דער אייראָפּעישער ראָמאַנען־ליטעראַטור.

סעגאַלאָוויטשעס פּראָזע איז לייכט. פאַראַן אָבער אין איר צאַרטקייט און איידלקייט פון טאָן און געמיט.

ז. סעגאַלאָוויטש וואָס איז אין די חורבן־יאָרן געוואָרן דער באַזינגער און שילדערער פון יידישן מענטש אין זיין דורותדיקער פאַרוואָרצלטקייט אויף פוילישער ערד, האָט שוין אין קיין נייער סביבה נישט געקאָנט אַריין. זיין נשמה האָט געבלוטיקט אויפן אומקום פון זיין פאָלק. ער איז מיטגע־גאַנגען פונדערווייטנס מיט דעם גרויל פון זיינע נאָענטע. און נאָענט, אייגן־נאָענט, איז אים געווען דאָס גאַנצע ייִדיש־פאָלק אין פוילן:

די צווייַ, וואָס איז טייער צו ליבן אַ צווילינג;
דאָס אייגענע פאָלק און נאַטור מיט דעם פרילינג —
די צוויי האָבן וועג מיינס געבלומט און געמוטיקט
און איצט זענען ביידע אינגאַנצן פאַרבלוטיקט.

אפילו די נייע שיינקייטן האָבן מיט גאָרנישט געקאָנט אים טרייסטן. ער האָט עטלעכע יאָר פאַרן קריג זיך געגרייט צו קומען קיין ארץ־ישראל. ער האָט געגאַרט צו זען דאָס לאַנד פון יידישן אויפקום. אָבער געקומען איז ער ווי אַ פּליט, ווי אַן אָפּגעראַטעוועטער. און דאָ האָבן אים אָנגעיאָגט די פינצטערע בשורות. ער האָט זיך געקאָרטשעט פון פּיין. די העלע ארץ־ישראל־זון איז טונקל אויפגעגאַנגען פאַר אים. רעדט ער זיך אַראָפּ פון האַרצן און פאַרענטפערט זיך פאַרן ים כנרת:

איך זע דיך אין אַלע באַזונדערע שעה'ן,
און שטענדיק אין נייע קאָלירן, אין בלויע,

איך זע און איך זע נישט, איך קען זיך נישט פרייען...
און ווייסט ווער, וווּהין מיינע בליקן פֿאַרגייען?
קיין ים נישט, קיין טייך נישט — כנרת איז שפּיגל.
כנרת איז שיינקייט, דאָך שוואַרץ איז מיין זיגל.

אין זיין בוך „מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב" זאָגט ער: „...אפשר האָסטו, ביי־געבוירענע שטאָט, מיר געגעבן דעם כוח איבערצוטראָגן די שאַנד פון בלוטדורשטיקן צווייפיסיקן; כוח פאַר אַזויפיל שלאָפלאָזע נעכט, ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז איך האָב שוין נישט קיין קרוב, קיין לייענער? דו ביסט מיר טייער, תל־אביב, ווי אַ טעמפּל, ווּ מען ברענגט ווייטיק אָן אַ שיעור, דעם זעלבן ווייטיק נעמט מען מיט ווען מען גייט אַרויס צוריק, נאָר מען פילט דערביי, אַז די יסורים זענען געהייליקט געוואָרן".

און בפירוש מיט אָט די געהייליקטע יסורים האָט סעגאַלאָוויטש אויפֿ־געשריבן די צענדליקער חורבן־לידער און קינה־פּאָעמעס, ער איז געוואָרן דער דיכטערישער מקונן פון אונדזער אומקום. און פאַראייביקט האָט ער דאָס יידישע לעבן אין פוילן נישט נאָר מיט געוויין און יסורים, נאָר פאַר־אייבקט האָט ער דעם פוילישן ייד מיט אַלדאָס געוועזענע:

די יידישע וויצן, דאָס גלויבן, דעם ביטול,
דעם ספר ווּ איך בין אַליין אַ קאַפּיטל, —
און איז ער דער ספר צעריסן אין אימה,
דאָך בין איך ניט מער ווי אַן עלנטע שימה.
די קנייטשן פון באָבעס, די בערד פון די זיידעס,
אַ פעטער צוזאַם פון משפחות און זיידעס...
אַן יחוס, מיט יחוס, מיט זכות פון רבנים
און גיי איצט און זוך אין די אַשן אַ פּנים.

# ישעיהו שפּיגל

מ׳האָט שוין נישט איינמאָל אַרויסגעבראַכט די מיינונג, אַז דער כּוח פון קינסטלערישן וואָרט, איז אָן אַן ערך ווירקנדיקער און אפשר אויך דויער־האַפטיקער, ווי די געניויסטע און געטרייסטע דאָקומענטאַרע באַשרייבונג. און וויפל ספיקות ס׳זאָלן נישט זיין, צי אַ ליטעראַריש־קינסטלעריש ווערק קאָן אויך אויפהאַלטן און טראָגן דעם היסטאָרישן אמת פאַר דער צוקונפט, פאַר די קומענדיקע דורות — הגם ס׳איז גוט באַוווּסט, וואָס פאַר אַ גרויסע ראָל עס שפּילט גאָר אָפט אַ ליטעראַריש ווערק ביים פאָרשן און אויפ־שטעלן אַ פאַרגאַנגענע עפּאָכע, — איז אָבער נישט מוטל־בספק, אַז די תקופה פון אונדזער אייראָפּעישן אומקום, די תקופה פון יידישן לעבן בימי היטלער, האָט געפונען און געפינט אַ טיפע און ברייטע אָפּשפּיגלונג אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

איינער פון די אייגנאַרטיקסטע און מקורותדיקע דערציילער פון אונ־דזער אָקערשטיקער יידישער מאַרטיראָלאָגיע איז ישעיהו שפּיגל. ער האָט אין די עצבותדיקע און אין די מיט טרויער־אָנגעלאָדענע טעג פון נאָך דער באַפרייונג אונדז געגעבן אַזעלכע נייע שילדערונגען און בילדער פון יידישער פּיין און פון יידישער קדושה, אַז מ׳איז באַלד געבליבן פאַרבליפט פון זיין שרייבערישער קראַפט, פון זיין קינסטלערישער שילדערונג, פון זיין שטילער און אינטימער שפּראַך און פון דעם אין יסורים און בראַנד אויסגעטובלטן ליכט — „ליכט פון אָפּגרונט״, וואָס האָט געהעלט און גע־צאַנקט אין געטאָ.

ישעיהו שפּיגל איז אויסגעוואַקסן אין דער לאָדזשער יידישער געדיכטע־ניש, און די אַלע געטאָ־יידן קען ער נאָך פון יענער צייט, ווען באַלוט האָט געלעבט אַ האָרעפּאַשנעם יידישן לעבן, מיט היימישע זאָרגן און שמחות, פון יידן באַלמעלאָכעס און מאַרק־הענדלער, וועבער, און אויך אַזעלכע, וואָס זענען שוין אַוועק אין די רייכע גאַסן, געוואָרן סוחרים און

פאַבריקאַנטלעך פון מאַנופאַקטור. שפּיגל קען נישט נאָר זייער לעבן, שטייגער און סביבה, ער איז אויך אַ מייסטער ביים אויפנעמען און אַרויס־ברענגען זייערע דינסטע כאַראַקטער־שטריכן, ער דערגרונטעוועט זיך צו זייער אומרו, זייער נשמה־פּלאָטערניש, זייערע טראַכטענישן און רעאַגי־רונגען הן אין די ערשטע טעג, אין די אָנהייבן פון פּיין, אין דעם בראשית פון געטאָ („די משפּחה ליפּשיץ גייט אין געטאָ״), און אַזוי דורכן גאַנצן טראַגישן וועג פון „מלכות געטאָ״.

אינעם בוך געטאָ־נאָוועלן „ליכט פון אָפּגרונט״ זענען אַריין די דערציי־לונגען און נאָוועלן, וואָס ישעיהו שפּיגל האָט געשאַפן וועגן יענע און אין יענע פינצטערע יאָרן. און צוזאַמען מיט דעם ווי ס׳רודערט דיך אויף די טראַגישע בילדערישקייט פון אויסגייענדיקן יידישן לעבן — הונגער און קעלט, טויט און נויט — באַהויכט זי דיך אויך מיט געפילן פון באַוווּנ־דערונג און חידוש אויף דעם כוח און וויטאַליטעט פונעם קינסטלער, וואָס האָט אָט די רייף־געפאָרעמטע און פון טיפסטן געמיט אויסגעגליטע דער־ציילונגען געשריבן אין די מאַוימדיקסטע טעג, אויפן שוועל פון אומקום.

אַ סך פון די דערציילונגען טראָגן די דאַטע ווען דאָס געטאָ האָט זיך געצאַפּלט אין גסיסה, אין קעלט, הונגער, עלנט, אומבאַהאָלפנקייט און פּלאַנירטער דערנידערונג און צעטומלטקייט. פאַר אַ סך איז דער טויט געווען אַ דערלייזער. אָבער שפּיגל, ביי זיין גאַנצן פאַרהיימישן דעם טויט אין זיינע געטאָ־שאַפונגען, לאָזט זיינע געשטאַלטן זיך אָנהאַלטן אין לעבן, טויט איז אומפאַרמיידלעך; דער פאַמעלעכדיקער טויט פון הונגער, שווינדזוכט, טיפוס צי פון אַ נאַצישער קויל. אָבער דער געטאָ־מענטש טוט אַלץ בכדי זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן. ער דערנערט זיך מיט מיסט, מיט אָפּפאַל, און ער דערנערט זיך מיט גלויבן, אין וועלכן ער האָט שוין כמעט אויפגעהערט גלייבן. אָט דער גלויבן אין אַ נייער וועלט האָט דאָך אויפגעהאַלטן דעם געטאָ־ייד לענגער ווי ער וואָלט אָן דעם ביכולת געווען זיך אויפצוהאַלטן און ער האָט געגעבן מסתמא אויך שפּיגלען מוט און ווילן צו שאַפן זיינע איינציק־אַרטיקע געטאָ־נאָוועלן.

הונגער איז אַ גרונט־מאָטיוו אין זיינע נאָוועלן. מיט הונגער זענען פול די טרויעריקע פינצטערע הייזער און די לופט אין געטאָ; הונגער צעדרייט און פירט אַראָפּ פון וועג די מיושבדיקסטע געטאָ־באַוווינער. ס׳איז מיר

אויסגעקומען אַנומלט צו הערן פון שפּיגלען וועגן איינער פון זיינע איבער־געלעבטע הונגער־האַלוצינאַציעס, וואָס וואַרפט אויף אַ ליכט אויף די באַדינגונגען, אין וועלכע שפּיגל האָט געשריבן זיינע דערציילונגען: „דער טיש, אויף וועלכן איך האָב געשריבן, איז געווען אַ פאַרמלחמהדיקער, אַ טיש פון יענע יאָרן, ווען מ׳פלעגט עסן צו דער זעט. אַן אויסגעהונגערטער זיבנט טעג און וואָכן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָ, אויף דעם טיש, פלעגט ליגן די שבתדיקע חלה, דאָס קימלדיקע ברויט. בין איך צוגעפאַלן צו דעם אָרט אויפן טיש, אים אויסגעשמעקט און פול געמאַכט דעם אָטעם מיטן ריח פון אַמאָליקער זאַנפטער חלה, שפּעטער האָב איך אָפּגעשניטן עטלעכע שפּענדלעך פונעם טיש, זיי געגנאָגט און געפילט ממש דעם טעם פון אַמאָליקן ווייסן ברויט...".

שפּיגל ברענגט פאַר אונדז די אינערלעכע וועלט פון געטאָ, דאָס געמיט פון געטאָ, וואָס האָט אומאויפהערלעך זיך געצאַפּלט און געפלאַטערט, איינגעשרומפּן און געצאַנקט. מיט די רוצחים וואָס האָבן געוועלטיקט איבערן געטאָ האָט ער ווייניק צו טאָן. ער ברענגט זיי אַרויס און פירט זיי צונויף מיט זייערע קרבנות גאַנץ זעלטן. ער טוט עס וואַרשיינלעך באַוווּסטזיניק און מסתּמא צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל זיי דאַרפן אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד, והשנית, דאַרפן מיר זיי נאָך טרעפן אויג אויף אויג? זייערע מעשים און דעם רעזולטאַט פון זייערע מעשים פילן מיר דאָך אַזוי נאָענט, אַזוי בלוטיק. אפילו אין זיין איינציקער דערציילונג פון טויטן־לאַגער („מאָנע”), וואָס איז זיכער איינע פון די אייגנאַרטיקסטע דערציילונגען אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור (און ווו גראָד אין דעם אַרט דערציילונגען טרעפן מיר אָפט אָן ברייטערע שילדערונגען פון די דייטשישע תּליינים און לאַגער־מושלים), מיידט אויס שפּיגל, ווי מען מיידט אויס אַ שרץ, צו דערציילן מער ווי מיט אַ שטריך, מיט אַ ווונק וועגן דעם בלוטדורשטיקן נאַצי „דעם קליינעם ביסמאַרק”.

און דאָ ווי יידן טרעפן זיך יאָ מיט נאַציס, זענען עס זעלטענע יידן, גע־וואַגטע יידן, וואָס ווילן כאָטש אַוועק מיט אַ שפּיי אין פּנים דעם תּליון אַזאַ איז דער פעטער כיל (אין דער דערציילונג „אַ ייד פון בית־עולם”) וואָס גיט זיך נישט אונטער אַזוי לייכט, בעת די „ראָל־וועגענער” זאַמלען צונויף די צום טויט־דערשלאָגענע געטאָ־יידן: „ער איז געשטאַנען נעבן אויס־

געצויגענעם דייטש מיט יידישער געבראָכנקייט און הכנעה, אָבער מיט אַ געצוימטער שטילקייט און רו, וואָס קומען פון דורותדיקער געפּרוווט־קייט און מיט ביטחון אין ענדגילטיקן נצחון פון גאָט אויף דער ערד. די ביידנס בליקן האָבן זיך געקרייצט, איינגעהאַלטן זיך אויף אַ ווייל און אין זייער צוזאַמענטרעף איז געלעגן דער צוזאַמענשטויס פון צוויי באַזונדערע געטער. בעת דער דייטש האָט געקוקט צום ייד פון אויבן אַראָפּ און שוין געווען זיכער אין זיין נצחון איבער דעם ווילד־באַוואַקסענעם באַשעפעניש וואָס וועט באַלד זיך קראַמפן ביי זיינע פיס, — האָט דער ייד נאָר אַ הייב געטאָן זיין שטערן און אויף אַזאַ אופן ברייטער פאַנאַנדערגעעפנט זיינע פאַרוואַקסענע אויגן, וווּהין דער דייטש האָט אַריינגעקוקט, ווי אין אַ פינצ־טערן, פייער־שפייענדיקן תהום. דערנאָך איז שוין אַלץ געשען אַזוי בליצ־ציק, אַז דער דייטש האָט אַפילו זיך נישט באַוויזן אַ באַוועג צו טאָן. דעם יידנס ביידע, שוואַרצע, אַלטע הענט זענען געלעגן ווי שטאָלענע רייפן אויפן גליטשקין, חלבדיקן האַלדז פונעם דייטש״.

און אַפילו אינעם יינגל מאָנע, וואָס צאַפּלט זיך אינעם שאָטן פון זיין אומגעקומענעם טאַטן, פון וועמען מ׳האָט אים אָפּגעריסן אויפן שוועל פון קרעמאַטאָריע, לויכט אויף זיין נשמה, בעת ער געפינט אַ בלאַנקענדיק מע־סער, „יעטווועדער ליכט־שפּליטער האָט זיך געזעצט אויף מאָנעס פּנים און אין אים אויפגעגליט אַלע פייערן פון מסירת־נפש״. און מיטן באַגער אויפצומאָנען די עוולה, פאַלט ער צו אַ וואַנזיניקער, אַ צעצאַפּלטער: „מאָנע האָט זיך פּלוצים אַ לאָז געטאָן מיטן מעסער צו די אָפּגעווענדטע פּלייצעס פון ,קליינעם ביסמאַרק׳. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן מיט אַזאַ יינגלשער פלינקייט, אַז מען האָט קוים געזען, ווי זיין שמאָלע האַנט האָט זיך אויפגעהויבן און ווי אַ ווינט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן איינגעבויגענעם קאַרק פון האַלב־דרימלענדיקן „ביסמאַרק״.

אין דער טראַגיק פון געטאָ־לעבן, אין דער תהומיקער פינצטערניש פון געטאָ און לאַגער, זענען עס די איינציקע ליכט־שטראַלן, „ליכט פון אָפּ־גרונט״. אָבער אינעם אָפּגרונט, אין וועלכן דאָס יידישע פאָלק איז אַריינ־געשטויסן געוואָרן, קייטלען זיך טראַגישע פאַסירונגען טיפער אין תהום, יאָגן צום אָפּגרונט. אָט וויל ביילע (אין דער דערציילונג „גאָלדענע יויד״) אָפּראַטעווען איר טעכטערל פון הונגער־טויט און באַפריינדעט זיך מיט פיי־

וויש דעם אונטערוועלטניק און געסטאַפּאָ־מענטש, אָבער דער אויסוווּרף באַגנוגנט זיך נישט מיט דער איינגעהאַנדלטער ליבע, ער ליפערט אויס די דייטשןביילעס געליבט טעכטערל. בלייבט נישט איבער ביילען מער ווי צו דערשטעכן דעם אויסוווּרף און אַליין, אַליין לויפט זי אַוועק צו די דראָטן, צום דייטשן וואַך־פּאָסטן, וועלכער שיקט זי אָפּ „צום הימל... צו די שטערן...״.

שפּיגל ברענגט ארויס נישט נאָר די פּאַסירונגען און די גרויל־געשעע־נישן פונעם אַפּגרונט. דורך זיי פילן מיר אויך אַזוי נאָענט דעם אָטעם פון געטאָ, די עצבות און די געטאָ־לופט. מיט זיין אייגנאַרטיקן צוגעקליבע־נעם סטיל און מיט זיין באַזונדערער מאָלערישער שפּראַך, פירט ער אונדז אַריין אין די טרויעריקע געסלעך פון געטאָ, אין די פאַראָבלטע שטובן, אין קעלערן און באַהעלטענישן, אין די לאַבירינטן, וואָס אָטעמען אויף אונדז מיט טיפסטער מענטשלעכער טראַגיק. פון זיין שילדערונג גייט תמיד אויף אַ דינער רירנדיקער אומעט. אָט שילדערט ער איינע פון די געטאָ־דירות: „די אָפענע פענצטער־לעכער — אָן פענצטער־ווענטלעך, אַרויס־געריסענע טירן, אַוועקגעריסענע דילן מיט טיפע, אָפענע קעלערס, פון וואַנען ס׳האָט זיך געטראָגן אַ שימלדיקער ווינט, וואָס איז ווי אַ שד אַרומגעלאָפן מיט אַ קראַנק, בייז וואָיען. די מויערן — צעריסן און איינ־געפאַלן. די שטיגן האַלב־צענומענע און וואַקלדיקע, זענען געהאָנגען אין דער לופט, און דאָס גאַנצע הייזל האָט ווי אַ הקדש געסטאַרטשעט מיט טויט און אומקום״.

אין עטלעכע שורות קומט אויף נישט נאָר אַ בילד, נאָר די גאַנצע דער־דריקנדיקע שטימונג פון געטאָ. „ערגעץ מחוץ דעם געטאָ מוזן אוודאי די ביימער שוין שטיין נאַקעטע און דאָס טויטע בלעטער־גאָלד וואַלגערט זיך איבער די וועגן. אָבער דאָ אויפן הויף, ווו איטשע בער קומט איצט אַראָפּ, איז דער פוילישער טרויעריקער יעשיען געקומען אַזוי אלולדיק און זיך אַוועקגעלייגט אָן טויטע בלעטער, אָן פאַרוועלקט גראָז, נאָר נאַסער יעשיען־ווינט פאַטשט דעם רעגן אָן אויפהער שוין אַ פּאָר טעג אין די שויבן פון די הילצערנע געטאָ־הייזלעך״.

אָדער די שילדערונג פון דעם פאַראומגליקלעכטן ווינער מיידל, ליזל, וועלכע קומט מיט איר מאַמען אין געטאָ און דערזעט דאָרט אַזאַ נייע אומ־

באַקאַנטע יידישקייט: „ליזל האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פון יעקבלס געקרייזלטע שיטערע האָר, וואָס האָבן געלויכטן אינעם שווייס מיט אַזאַ פרעמדער יידישער וואַרעמקייט".

די יונגע ליזל איז איינע פון די פאַרפרעמדטע יידישע טעכטער פון יידישע משפחות, וואָס דער גורל האָט זיי אַריינגעשליידערט אין די געטאָס פון די מזרח־אייראָפּעישע יידן. אין אַ ריי דערציילונגען שילדערט שפּיגל דעם באַזונדערן פּיין פון די עסטרייכישע און דייטשישע יידן, זייער אַרט באַנעם פון אומגליק און זייער צוזאַמענלעבן מיט די געטאָ־באַוווינער. אויך דאָ ווייזט שפּיגל אַרויס אַ טיפע קיסנטלערישע פילבאַרקייט, אַ וווּנדער־באַרן חוש פון קענען אַרויסשיילן דאָס טיפּישע און כאַראַקטעריסטישע. אַזעלכע געשטאַלטן ווי אָנקל טעאָדאָר, ווי דער מוזיקער היינץ פרידריך לעווי, גייען אויף מיט זייערע באַזונדערע ליידן, מיט זייער טראַגישער רויקייט און מיט זייער מסירת־נפש.

אַ גרויס אָרט פאַרנעמען אין שפּיגלס דערציילונגען די קינדער און יוגנטלעכע. שפּיגלען איז ביז גאָר נאָענט די קינדערשע נשמה. די איבער־לעבונגען פון די קינדער טרייסלען דיך אויף מיט זייער תמימותדיק באַ־גרייפן דאָס אומבאַגרייפלעכע. אַזאַ דערציילונג ווי „ברויט און אומריינ־קייט" וואָלט געמעגט אַריין אין דער ליטעראַטור פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער. זי וואָלט אַמבולטסטן כאַראַקטעריזירט דאָס לעבן פון יידישע קינדער און פון יידישן מענטש אין דער היטלער־צייט.

שפּיגלס דערציילונגען, לידער און נאָוועלן טראָגן אין זיך די טראַגישע וואָרהאַפטיקייט פון אונדזער פאַרשניטן לעבן אין מזרח־אייראָפּע. אָבער אינעם לעצטן בוך „ווינט און וואָרצלען" פילן מיר שוין ווי די וואָרצלען ראַנגלען זיך און שלאָגן זיך אַדורך אינעם נייעם, היימישן באָדן.

1956

## ק. צעטניק

ווי זעלטן — בפרט אין די לעצטע יאָרן — האָט ק. צעטניקס „דאָס הויז פון די ליאַלקעס" זוכה געווען איבערזעצט צו ווערן אין אַלע קולטור־שפּראַכן און געלייענט צו ווערן דורך מיליאָנען נישט־יידן, וועלכע האָבן דורך אָט דעם טראַגיש־קינסטלערישן ווערק דערזען דאָס פייער און תהום, וואָס עס האָט געשפּריט די נאַצישע חיה־רעה איבער אייראָפּע.

דאָס ווערק האָט באַאיינפלוסט מיט דער קראַפט פון פייערדיקן וואָרט און צוזאַמען דערמיט מיט דעם שטיל געמאָלענעם בילד. עס באַווירקט ווי תפילות, וואָס זענען ווי געבעט און וואָרענונג, פּראָטעסט און אויסגעשריי און ווי דער פּיוט פון פאַרשניטענעם, פאַרפייניקטן פאָלק. בלויז מיט אזא בילדערישער און בעלעטריסטישער שילדערונג, געפורעמט אין דער פורעם פון אייגענער איבערלעבונג האָט מען געקאָנט אונדז לאָזן אַזוי דערקענען דאָס טיף־טראַגישע, דאָס סאַמע אומגלויבלעכע אין דער וואָר פון צעשונדענעם לעבן: די ברוטאַליטעט, רשעות און רציחה פון נאַציזם און די דערהייבנקייט פון יידישן מענטש, זיין גלויבן, זיין נשמה־געראַנגל אויפן פאָן פון דער אכזריותדיקערווירקלעכקייט.

„דאָס הויז פון די ליאַלקעס" מיט זיינע איבערזעצונגען אין צוועלף שפּראַכן האָט דורכגעפירט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע — און נישט נאָר אַ קינסטלעריש־ליטעראַרישע — שליחות. נישט אומזיסט שרייבט אין דער הקדמה צו דער יאַפּאַנישער אויסגאַבע פונעם בוך, דער טאָקיאָער אוני־ווערסיטעט־פּראָפעסאָר קיאָשי אינוע: „נאָכן איבערלייענען דאָס בוך וועט אונדזער לעבן מער נישט האָבן קיין זין, אויב מיר וועלן נישט שווערן מיט א פייערלעכער הייליקער שבועה מער נישט צו דערלאָזן אַז אַזעלכע גע־שעענישן זאָלן זיך קאָנען איבערחזרן אויף דער מענטשלעכער ערד. בלויז דאָס דאָזיקע בוך פאַרמאָגט דעם אויסערגעוויינלעכן כוח אונדז צו ברענגען צו דער דאָזיקער שבועה".

צי האָט דאָ באַווירקט ק. צעטניקס אַרויסברענגען און אַרויסשיילן די אינערלעכע וועלט פונעם יחיד? די שילדערונג פון די שטילע און פאַרכ־טיקע יידן אין געטאָ? די יידישע טעכטער אינעם „הויז פון די ליאַלקעס"? צי דאָס, ווי דער מחבר האָט אַנטפּלעקט די טייוולאַנישע געשטאַלט פונעם דייטש? ק. צעטניק האָט אויסגעברייטערט די „דערקענטעניש" פון זיין אכזריות, פון דעם סאַדיזם און רציחה, וואָס האָט יאָרנלאַנג געהויערט אין דעם דייטשישן מענטש, אין דעם „הערן־פאָלק".

אָט איז דער דייטשישער אויפזעער הענטשל אינעם לאַגער „אַרבייט דורך פרוידע": „אַז הענטשל האָט געשלאָגן — און הענטשל האָט גע־שלאָגן ביז טויט — האָט מען קיינמאָל נישט געקאָנט דערקענען אויף זיין „לבנה"־קאָפּ, צי ער איז אויפגערעגט צי ער טוט דאָס פון שנאה, אָדער פון סאַדיסטישער הנאה. ער איז געווען ווי אַ מאַשין, וועלכע מען האָט אַריינ־געשיקט אינעם לאַגער כדי צו הרגענען. און ער פירט אויס זיין מיסיע מיט דייטשישער פּינקטלעכקייט.

מעגלעך, אַז אין דער היים האָט הענטשל אַ פרוי און קינדער; מעגלעך, אַז יעדן זונטיק היט ער אָפּ דאָס גיין אין דער קירכע; מעגלעך, אַז אין קרייז פון משפחה, קרובים אָדער שכנים, איז הענטשל באַקאַנט אַלס עניו; שטעלט זיך אויף אינעם טראַמוויי און טרעט אָפּ זיין פּלאַץ פאַר א פרוי; מעגלעך... נאָר דאָ אינעם לאַגער „אַרבייט דורך פרוידע", שווימט הענטשל יעדן טאָג אין א ים פון בלוט אין גיהנום פון יסורים... מיט די זעלבע הענט, מיט וועלכע הענטשל פּאַקט אויף יעדן פרימאָרגן, פּינקטלעך צען אַזייגער, דאָס זאָרגפעליק איינגעפּאַקטע „בוטערבראָט" — וואָס מען זעט, אַז א פרויס האַנט האָט דאָס צוגעגרייט — מיט אָט די זעלבע הענט מאָרדעט ער טאָג־טעגלעך יונגע, צאַפּלדיקע, מיידלשע לעבנס.

מעגלעך, אַז נאָך אַזאַ טאָג קומט הענטשל אַ היים ווי אַמאָל פון זיין אַרבעט אין ביוראָ, מאַכט זיך א פוס־באָד, שכנים קומען אַריין, מען שמועסט, מען שפּילט צוזאַמען דאָמינאָ, א קאַנאַרעק זינגט אינעם שטייגל, קינדער שפּילן פוטבאָל אויפן הויף. הענטשל שטעלט זיך אויף, גיסט אָן וואַסער אין די בלומען־טעפּ אויף זיין פענצטער; בלומען זענען ווי מענטשן, זיי לעבן. און אַזוי ווי עס ציט מענטשן צום עסן, אַזוי ציט עס בלומען צו וואַסער. אויב נישט — וועלקן זיי. און דאָס איז א גרויסער צער. הענטשל פילט דעם צער".

איז אפשר די דאָזיקע שילדערונג פון אזא גרויען, געמיטלעכן דייטשישן תליון נישט ניי פאַרן יידישן לייענער, פאַרן יידישן מענטש. אָבער פאַר די פעלקער און אומות צו וועלכע דאָס בוך איז ערשט דערגאַנגען — אין זייער שפּראַך — איז עס געווען ווי אַן אויפשווידערנדיקע אַנטפּלעקונג. אַזוי און נאָך גרויזאַמער זענען די דייטשישע פּרויען, די פּאַרוואַלטערינס און וועכטערינס פון די אַרבעטס־לאַגערן, פון די הייזער... פון "דאָס הויז פון די ליאַלקעס".

אַנטקעגן אָט דעם שדים־טאַנץ, אַנטקעגן דער דייטשישער מערדעריי און ווילטער הנאה פון מענטשלעכע יסורים, וויקלט זיך אויס דאָס שמאַכטנדיקע און אונטערגייענדיקע יידישע לעבן. אַזוי שטיל און האַרציק שילדערט ק. צעטניק דאָס געטאָ, דעם ייד אין געטאָ: „דער ווינטער איז אַוועק, דער זומער איז אָנגעקומען. קיינער האָט דאָס אפילו נישט באַמערקט. אינעם געטאָ האָט מען שוין לאַנג פאַרגעסן צו באַמערקן אַזעלכע זאַכן. די זון טריקנט נישט אויס קיין טרערן, ווי עס שרייבן די פּאָעטן. והאָ־ראיה, זיי זענען געבליבן שטענדיק פריש ווי פון אַ קוואַל, וואָס דאַכט זיך, אַז ער וועט זיך קיינמאָל נישט אויסשעפּן. אויף די געטאָ־גאַסן האָבן זיך נישט געשפּילט קיין קינדער. אינעם געטאָ זענען איבערהויפּט נישט געווען קיין קינדער. עס זענען געווען קליינע יידן און גרויסע יידן. אַלע האָבן אויסגעזען גלייך".

און פון די קליינע און גרויסע יידן, וואָס אַלע האָבן אויסגעזען גלייך, און וואָס אַלע האָבן זיי געליטן פון דערזעלבער נויט און דעמזעלבן הונגער און שרעק, קומען אויף יחידים, קומען אויף געשטאַלטן, מיט מסירת־נפשדיקייט, מיט גרייטקייט צו העלפן, מיט דער ערלעכקייט און כאַראַקטער.

אַזאַ איז וועווקע, דער פּראַטאָטיפּ פון אַמאָליקן האָרעפּאַשנעם יידישן בעל־מלאכה, אַזאַ איז דאַניעלאַ די הויפּט־העלדין פון דער דערציילונג, אין וועמענס צאַרטן פּנים און אין די טיפע בלויע אויגן איז געלעגן די גליאיקע פאַרווונדערונג, דאָס נישט באַגרייפן די רשעות און געפּאַלנקייט, די בלוטיקע טונקעלע נעץ...

ק. צעטניק האָט גענומען אויף זיך ווי אַ הייליקע אויפגאַבע אַרויסצוברענגען פאַר אונדז, און פאַר דער וועלט, יענע חדשים און יאָרן, ווען דאָס

יידישע פֿאָלק האָט זיך געראַנגלט פֿאַר קיום, פֿאַרן צלם מענטש, געשטאַנען צעטומלט, צעפּייניקט, אָבער אויך געלייטערט און ריין.

איז עס אונדזער אָקערשטיקע טראַגישע ווירקלעכקייט, וואָס מאָנט און דערמאָנט אָן אויפֿהער. אין אָט דער שילדערונג האָט זי באַקומען נאָך מער אויסדרוק ; דער שטילער שנײדיקער וויטיק האָט זיך באַהאַפֿטן מיטן אויסגעגליטן וואָרט און מיט טיפֿסטער איבערלעבונג.

עס איז די דערציילונג און שילדערונג פֿון יענע פֿאַרבאָרגענע, יסורים־דיקע אָפּשניטן, ווו די טייערסטע פֿון אונדזערע שוועסטער זענען פֿאַר־טיליקט געוואָרן, זענען אומגעקומען אין אימה און שאַנד... און ווו אַ סך פֿון זיי האָבן זיך אַליין אומגעבראַכט — מיט אַ וויי־געשריי און מיט אַ פֿייערדיקער באַשולדיקונג קעגן דער וועלט, וועלכע האָט אַזוינס געקאָנט מעגלעך מאַכן.

אָט די אַטמאָספֿער פֿון יענער גרויליקער וואָר שפּירן מיר אַזוי אומ־מיטלבאַר און נאָענט אין ק. צעטניקס „דאָס הויז פֿון די ליאַלקעס״.

# רחל אויערבאַך

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען רחל אויערבאַך איז געקומען אין לאַנד, איז מיר אויסגעקומען צו זען יענע באַשריבענע בלעטלעך, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין געהאַט געהערט און געוווּסט דעם וועג, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט. איך האָב געזען מיט וואָסער מאָדנער צערטלעכקייט און מיט וויפל ציטער זי האָט זיי אַרויסגענומען פון קעסטלעך, אַרויסגעצויגן פון פּאַפּקעס און געגלעט די בלעטער מיט די גרוי־געלע פלעקן, מיט טונקע־לע נישט־דאָיקע פינטעלעך, ווי גרוסן פון יענע מקומות, ווו די טראַגיש־באַשריבענע בלעטלעך זענען געווען באַהאַלטן...

אָט פון יענע הונדערטער בלעטלעך, וואָס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן פון זייער באַהעלטעניש און וועלכע טראָגן דעם אוממיטלבאַרן אָטעם פון די מלחמה־יאָרן און פון די ערשטע יאָרן פון נאָך דער באַפרייונג — באַ־שטייט דאָס ווערק „בחוצות ורשה".

שווער צו דעפינירן דעם ליטעראַרישן זשאַנער פון אָט דעם ווערק. איז עס שילדערונג, רעפּאָרטאַזש, באַשרייבונג? איז עס געמיט־אויסדרוק? זענען עס פאַרצייכענונגען, אַרויסגעבראַכטע איבערלעבונגען? אָדער גאָר אַ פרווו אויך פון דערקענען און אָפּשאַצן די הענקער, די רוצחים פון אונ־דזער פאָלק אין זייער פּלאַנירטן, גוט־דורכגעטראַכטן אויסראָטונגס־סיסטעם אין דער גרעסטער יידישער קהילה פון פוילן?

רחל אויערבאַך האָט, ביים צונויפשטעלן דאָס ווערק, זיכער זיך גע־ראַנגלט מיט דעם פאַרשידנאַרטיקן און פאַרשידנמאָטיוויקן שטאָף, וועגן וועלכן זי האָט אין משך פון צען יאָר כסדר געשריבן און נישט אויסגע־שריבן זיך — ווי זי זאָגט עס אָפּט. אין דעם בוך זענען פאַראַן קאַפּיטלען פון פאַרשידענע צייטן און עטאַפּן, פון יעדן אַרט שטימונג און געמיט־אויס־דרוק. רחל אויערבאַך האָט אַלץ געבראַכט אינעם ווערק אַזוי ווי עס איז

אין דער געגעבענער צייט געשריבן געוואָרן. דווקא דאָס גיט צו דעם בוך די וואָג פון היסטאָריש־דאָקומענטאַרן ווערט.

ס'איז נאָך פאַראַן ביז היינט אַ פּראָבלעם פון געפינען די פאָרעם, און נישט נאָר די פאָרעם, נאָר אפילו דעם סטיל און די שפּראַך, אַרויסצוברענגען און שילדערן די עפּאָפּייע פון יידיש פאָלק אין אייראָפּע, אַרויסצוברענגען און שילדערן דעם אומקום אין זיין פאַרנעם אַזוי, אַז דורות שפּעטער זאָלן דערפילן די גרייס און די טיפקייט פון יסורים און גבורה.

נישט מיר קאָנען און נישט מיר זענען מסוגל צו באַשטימען, וועלכע איז די פּאַסיקע און אייגנטלעכע פאָרעם פאַר דער חורבן־שאַפונג, ס'איז בכלל, דאַכט זיך שווער אַזוינס צו באַשטימען. אָבער נישט ווייניק יידישע און נישט־יידישע שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן געשאַפן אויף דער חורבן־טעמע, האָבן זיך געראַנגלט צו געפינען אַ נייע פאָרעם, אַ נייעם אופן און סטיל פון דערציילן און שילדערן.

רחל אויערבאַך איז איינע פון די געציילטע שרייבער, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם יסורים־וועג פון אָקופּאַציע, געטאָ, ווידערשטאַנד. ראַטעווענדיק זיך אויף דער אַרישער זייט, האָט זי פון דער נאָענט געזען און מיטגעלעבט מיטן לעבן פון די לעצטע קעמפער אין געטאָ. די פּיין פון יידישן יחיד אין געטאָ און פון יידישן כלל, איז אויף אייביק אַריין אין איר געמיט און נשמה. דאָס איז איר וועלט. דאָס איז די צענטראַלע טעמע פון אַלע אירע לעצטע שאַפונגען. אפשר דערפאַר אויך, וואָס זי האָט אַזוי דירעקט איינגעזאַפּט דעם ווײַ־געשריי פון די לעצטע יידן, האָט זי געפונען די געהעריקע אויסדרוק־פאָרמען צו דערציילן וועגן לעבן און אומקום פון יידישן וואַרשע בימי היטלער.

נישט בלויז די טעמאַטיק מאַכט דאָס ווערק אַזוי באַווירקנדיק, נאָר טאַקע דאָס, וואָס איר איז געלונגען צו שאַפן אַ באַזונדערן סטיל און גאָר אַן אנדערע שפּראַך־פאַקטור פאַר אירע באַשרייבונגען און שילדערונגען. יעדער פון די בקרוב הונדערט קאַפּיטלען אין בוך, ברענגט פאַר אונדז נישט נאָר אַ פאַסירונג און פאַרלויפעניש אין געטאָ, אין טויטן־לאַגער, צי נאָך אַ פּרט פון יידישער טראַגיק, פון יידישן גרויל און אָפּהענטיקייט. יעדער קאַפּיטל ברענגט פאַר אונדז אויך די אַטמאָספער, די שטימונג, דעם אָטעם פון געטאָ, דאָס כמו־לעבן אין געטאָ, דעם גרויל און פּחד פון

טרעבלינקע. „טרעבלינקע — זאָגט ערגעץ רחל אויערבאַך — דאַרף מען נישט בלויז באַשרייבן, טרעבלינקע מוז מען אויך דעפינירן". זי האָט דע־פינירט טרעבלינקע. זי האָט דעפינירט די וועגן, וועלכע האָבן געפירט קיין טרעבלינקע און די רוצחים, וואָס האָבן טרעבלינקע באַשאַפן.

וועגן וואַרשעווער געטאָ האָבן מיר שוין אַ באַדייטנדיקע ליטעראַטור: טאָגביכער און זכרונות, אַ דאָקומענטאַציע־ליטעראַטור און קינסטלערישע ווערק. מיר נעמען, פאַרשטייט זיך, נישט אַריין אין חשבון יענע ווערק, ווו די מחברים האָבן ביודעים אויסגעקרימט פאַקטן און געשעענישן און זיי צו־געפּאַסט צו זייערע פּאָליטישע אָנשויונגען, בפרט, ווען דאָס האָט אַ שייכות צו די געוואַגטע טאַטן פון וואַרשעווער אויפשטאַנד. רחל אויערבאַכס באַ־שרייבן און שילדערן די געשעענישן אין געטאָ־וואַרשע, זענען אָנגעזאַפּט מיט טיף־מענטשלעכן אמת, מיט אחריות און אויפריכטיקייט פון אַ טיף־פילנדיקער דיכטערין.

איך זאָג בכוונה דיכטערין, הגם רחל אויערבאַך האָט כּלל נישט אַזעלכע פּרעטענזיעס אין איר שאַפן. די קאַפּיטלען, ווו זי ברענגט אַרויס דאָס געטאָ־לעבן, דעם אומעט, דעם פּחד, די תמימותדיקע האָפענונגען, אפילו דעם טויט, וואָס קומט אַזוי פּלוצים נאָכן לאַנגן און גרינטלעכן הונגער — אָט די קאַפּיטלען פון אומגעווייינלעכער טראַגיק, ווי „אלה שהתנפחו", „גרו־טסקה של יום אביב", „אמא, מה זה לילך" און „שירת העיר הסגורה" — פאַרמאָגן חוץ זייער מאַקאַברישער בילדערישקייט אַזאַ טיפן ליריזם, אַזאַ עצבות, וואָס איז אפילו זעלטן אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

פון רחל אויערבאַכס באַשרייבונגען ווערן פאַר אונדז קלאָר אַ סך אומ־פאַרשטענדלעכקייטן. גראָד מיט איר פּשטות, קלערט זי אויף פאַר אונדז אַ סך זאַכן, און קודם־כל — די אָטהענטיקייט פון יידישן כלל. אַזוי בהדר־גהדיק, פּרט נאָך פּרט, געשעעניש נאָך געשעעניש, און גזירה נאָך גזירה, וואַקסט אויס אַ פול בילד פון דער פּיין, וואָס האָט אָנמעכטיק געמאַכט און אויסגעצויגן דאָס חיות פון גרויסן יידישן קיבוץ אין וואַרשע, דערשלאָגן דעם יחיד און אָפּגעטעמפּט די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויקייט. זי באַווייזט אונדז ווי אידעאַליסטן זענען געוואָרן עגאָיסטיש, קליינלעך, צעבראָכן. אַמאָל אויך פאַרקערט — גראָד זייטיקע יידן פון אַ גאַנץ יאָר האָבן זיך דערהויבן, זיך מוסר נפש געווען. זי באַשולדיקט נישט. זי שטעלט נישט אַרויס קיין

העלדן און װיקלט זיי נישט אין קיין אָרעאָלן. זי שילדערט דעם יחיד אויפן פאָן פונעם טראַגישן לעבן אין װאַרשעװער געטאָ, אינעם פּלאָנטער: הונ־גער, טויט און צעטומלטקייט.

די קאַרגע הונדערט קאַפּיטלען פונעם װערק זענען גרופּירט אין זיבן טיילן, „געטאָ", „דער גירוש", „מיטן פאָלק", „טרעבלינקע", „װידערשטאַנד", „דער אויפשטאַנד" און "מיר, די איבערגעליבענע". די קאַפּיטלען זענען געשריבן נישט נאָר אין פאַרשידענע צייטן, נאָר אויך אונטער פאַרשידענע באַדינגונגען, אין געטאָ און אויסערן געטאָ (בייטאָג בין איך געװוען אַניעלאַ דאָברוצקאָ און ביינאַכט — רחל אויערבאַך). אין דער פאָלקס־קיך, װוּ זי איז געװוען די לייטערין (אַן אויסערגעװוינלעכן איינדרוק מאַכט די דערציי־לונג „אח ואחות"), פירט עס זי צונויף מיט הונדערטער מענטשן און זי דערזעט פון דער נאָענט צענדליקער און צענדליקער גרויל־סצענעס אין דער אַלגעמיינער טראַגעדיע פון אומקום אין װאַרשע.

אָט די איבערלעבונגען פון געטאָ, אַקציעס, טרעבלינקע (װוּ זי איז גע־שיקט געװאָרן אויף אַ לאָקאַלער װיזיע נאָך דער באַפרייונג), װידערשטאַנד און אויפשטאַנד, און דער טרייער און אויסדרוקספולער טייל „מיטן פאָלק", װוּ זי באַשרייבט דאָס לעבן און אומקום פון די לערער, שרייבער, מאָלער און קינסטלער, — באַגלייט רחל אויערבאַך מיט שילדערונגען, מיט אירע מחשבות, װאָס זענען אויפגעקומען אין יענע פינצטערע טעג. די פּשוטע, אויפריכטיקע און אָפּטמאָל תמימותדיקע געדאַנקען און באַטראַכטונגען װעגן פאָלק און מענטש, װעגן רשעות און מענטשלעכע אינסטינקטן, איר װעלן דערגיין צו דעם יסוד און סוד פון די דייטשישע מערדער; גראָד דאָס צעגלידערן דערשיינונגען בעת די עצם־דערשיינונגען זענען אויפגעקומען — מאַכן די רעפּאָרטאַזשן און באַשרייבונגען אוממיטלבאַרער, נענטער און װערטפולער.

אַ באַזונדערע אויסווירקונג האָבן די אַריינפירן צו יעדן אָפּטייל פונעם בוך. דאָס זענען לירישע מעדיטאַציעס, טראַכטונגען און שטימונגען אין אָנבליק פון אונדזער גרעסטן חורבן. אַזוי קלאָר און פּשוט, אָבער דורכגע־נומען מיטן טיפסטן װייטיק אויפן אומקום פון פאָלק.

זי האָט נישט לאַנג אין אַן אַרטיקל (שוין נאָכן דערשיינען פון בוך) געשריבן: „אָט האַלט איך אין האַנט די פאָטאָקאָפּיע פון דעם מאַנוסקריפּט,

וואָס מען האָט מיר אין יאָר 1951 צוגעשיקט פון פּוילן. איך לייען מיינע שורות פון דעמאָלט — אַ פּאָר שורות פון דעם אַריינפיר צו מיין געשפּרעך מיט אַן אַנטלאָפענעם פון טרעבלינקע: „איך גיי מיך נאָכאַמאָל איינטונקען אין יענע פאַרסמטע מערדערישע נעפּלען, אין וועלכע עס זענען דערשטיקט געוואָרן אַזויפיל פון מיינע נאָענטע און ליבע, אַזויפיל ליבסטע און נאָ־ענטסטע פון אַנדערע יידישע מענטשן".

אַז „אפילו אויף דעם מינדעסטן גנב פון קראָכמאַלנע־גאַס און אויף דעם ערגסטן מעסער־שטעכער פון שמאָלער־מילע וויינט אין מיר דאָס גאַנצע האַרץ. וואָרום אפילו זיי זענען געוואָרן אומגעבראַכט פאַר זייער יידישקייט, געזאַלבטע און געהייליקטע אין ברידער־קבר. וואָרום אויך זיי זענען געווען אַן אבר מן החי...

און ווו זענען די ווערטפולע ביים לעבן? ווו זענען די, וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט צום גוטן? ערשט איצט, ווען מיר האָבן שוין אַלץ פאַרלוירן, זעען מיר ווי רייך מיר זענען געווען" — —

„בחוצות ורשה" איז אַ בוך, וואָס טאָטעס דאַרפן עס איבערגעבן צו קינדער, ווייל פון דעם ווערק לערנען מיר און דערקענען, ווי ס'האָט גע־לעבט, זיך געראַנגלט און אומגעקומען יידיש פאָלק אין דער גרעסטער קהילה אין אייראָפּע.

1957

# לייב ראָכמאַן

לייב ראָכמאַנס טאָגבוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן אין יענע טעג, אָט טאַקע אין די מינוטן, ווען די שרעק פאַרן אומקום האָט נישט אָפּגעלאָזט, געקלאַפּט כסדר אין די טראַגיש־אומבאַהאָלפענע באַהעלטע־נישן, אָנגעזאָגט דאָס שוידערלעכע: מיר וועלן אייך געפינען, אויסבאַ־האַלטענע, מאַכט די געשעענישן נאָך באַזונדער צאַפּלדיק און אוממיטל־באַר. אינטים אויסגעבונדן ווערט מען מיט די אַלע פינף באַהאַלטענע, מיט דעם טראַגישן פאַסיוון געראַנגל פון די, וועלכע האָבן בשום־אופן נישט געוואָלט אָננעמען דעם מוראדיקן גזר.

לייב ראָכמאַן, אַ זון פון פרומע טאַטע־מאַמע, דערצויגן אין גייסט פון רעליגיעז־טראַדיציאָנעלער יידישקייט, ווערט נישט אויפגעטרייסלט, ווערט נישט צערודערט, בונטעוועט זיך נישט קעגן דעם הימלישן כוח, ווי דאָס איז געשען מיט אַנדערע גלייביקע. להיפך, ער נעמט מיט זיך מיט דעם ביטחון אין די גיהנום־באַהעלטענישן, צווישן די ענגע טאָפּלווענט, אין די גריבער, אויפן בוידעם, וווּ מע ווערט ווינטער שיער נישט פאַרפרוירן און זומערצייט ממש דערשטיקט פון היץ. אין אָט די אַלע לעכער נעמט ער מיט זיין גלויבן און ביטחון און דאָס העלפט אים טאַקע אַרויס. עס דער־וואַרעמט אַ תפילה, עס קוויקט אַ פיוט וואָס מע קאָן פון אויסנווייניק, עס לינדערט און טרייסט אַ פסוק, וואָס טאַטעס און זיידעס האָבן געזאָגט... אָט דערנענטערן זיך די נאַצישע שטיוואַלעס, טרעטן אויפן דאַך פון דער באַהעלטעניש, דערקריכן שוין צום טירל פון דער טאָפּלוואַנט... בייסט מען זיך איין מיט ציין און נעגל אין דעם אייגענעם לייב, אין חברס לייב (ס'איז דאָך געוואָרן איין גוף און איין נשמה) און מ'שעפּטשעט דעם אַלטן, גאָר אַלטן „שמע ישראל". אַוודאי זענען זיי שוין נישט אַזוי נאַיוו־תמימותדיק, כדי צו וואַרטן בלויז אויף נסים; זיי פאַרשטעקן זיך כהרף־עין, פאַררוקן זיך אין גרוב אָדער פויזען אַריין אין זייער באַהעלטעניש צווישן די טאָפּל־

ווענט און לעבן איבער איינע פון די גרויליקסטע שוידער־סצענעס, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר איבערלעבן. און דאָך איז די אייגענע גייסטיק־מאָראַלישע וועלט געבליבן גאַנץ, אַ ירושה פון דער אַמאָליקער גייסטיקער שלימותדיקייט. ס׳איז נישט איינגעבראָכן געוואָרן דאָס געפיל, און עס איז נישט צעהפקרט געוואָרן; די איבערלעבונגען האָבן אָבער דערפירט ראָכמאַנען צו אַנדערע מחשבות און מסקנות הן סאָציאַלע, הן נאַציאָנאַלע. אמת, אויך אין דער רויקער פאַרמלחמה־צייט איז ער שוין געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלער בענקעניש צו ארץ־ישראל — און אַצינד האָט דער בלוטיקער אַרום נאָך פאַרטיפט דאָס געפיל און געדאַנק וועגן ארץ־ישראל און נישט ווינציק אויך געהאָלפן אין די לאַנגע, פיינלעכע טעג און נעכט; נאָר אַז ביים אַלט־באַקאַנטן קריסטלעכן שכן, ביים גאָספּאָדאַזש צי ביים פּויער, וועט ער קיין טראָפּן יושר, קיין ביסל מענטשלעכע רחמנות נישט געפינען — דאָס האָט ער זיך טאַקע ערשט דערוווּסט, אויף דעם האָט ער זיך נאָר איצט דערקענט. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די לאַנגיאָריקע באַקאַנטשאַפטן, די פאַרבינדונגען, ווער פון זיי ס׳האָט מורא געהאַט צו ריזיקירן, און ווער ס׳האָט זיך קוים דערוואַרט: ענדלעך מאַכן אַ סוף מיט די זשידעס. שטשעפּאַניאַק, קאָנטראַקטאָוויטש, ברעקער — אַלטע פריינד — לאָזן קוים איבערשלאָפן אַ נאַכט אין זייער גאָרטן, פאַרגעסן נישט דערביי אַרויסצוקריגן פון זייערע באַקאַנטע יידן דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע האָב־און־גוטס, מכלומרשט אויף אונטערצוקויפן דעם דייטש. גראָד דער ווילד־פרעמדער דאָרפישער פעלעק און זיין שוועסטער, די „טשאָטקע", דווקא זיי שטעלן נישט איין מאָל איין זייער אייגן לעבן. אויך דאָס פּשוטע דאָרפישע פאָרפאָלק, די שובעס. ער, שובע, פאַרשטייט נישט בשום אופן פאַר וואָס הרגעט מען יידן, און אין דער גרעסטער סכנה, בעת עס בושעוועט דער ווילדסטער טעראָר, זאָגט ער נישט אָפּ צו לאָזן גראָבן אין זיין סטאָדאָלע אַ גרוב, אַ באַהעלטעניש.

פעלעק, אַ גנב, אַ באַנדיט (און געבליבן אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס), פאַר וועמען פריער האָבן געציטערט אַלע אַרומיקע דערפער, און זיין שוועסטער, די טשאָטקע, וואָס איז באַקאַנט אין שטאָט מיט אירע נישט גאָר ריינע געשעפטן — גראָד זיי זענען די ערשטע, וואָס ראַטעווען אָפּ פון טויט די גאַנצע גרופּע — ראָכמאַנען, אסתרן, צפּורהן. שפּעטער קריגט

אַרויס די טשאָטקע מיט אמתער מסירת־נפש נאָך אַ פּאָר יידן פונעם אַר־בעט־לאַגער, געציילטע שעהן איידער מ׳פירט זיי אַוועק קיין טרעבלינקע. מיט וואָס פאַר אַ רירנדיקע מענטשלעכע געפילן אָט דער רויער, פּרימי־טיווער פעלעק באַציט זיך צו דער גרופּע באַהאַלטענע יידן, וויפל האַרצי־קייט זיי האָבן אָפּטמאָל געפונען ביי די טעמפּע, איבערגעשראָקענע פּויער־טעס.

ראָכמאַן פאַרשטייט גוט און זעט טיף די מענטשן, זייערע כאַראַקטערן און נאַטורן. ער באַנעמט דאָס דאָרף און זיין לעבנס־שטייגער, ער זעט ווי ס׳רופט זיך אָפּ די מלחמה אויפן דאָרף, ווי דער פּויער שאַצט אָפּ דעם דייטש, און זיין מלחמה קעגן יידן... ער פאַרנאָטירט אַלץ אין זיין טאָגבוך. דאָס זענען ווייט נישט קיין כראָניקאַלע פאַרצייכענונגען. דאָס זענען קינ־סטלעריש אַרויסגעבראַכטע בלעטלעך פון דער חורבן־צייט. פאַראַן אינעם בוך שילדערונגען, וואָס זענען שוין ווייטיקדיק באַקאַנט; דאָס זענען די קאַפּיטלעך פון דעפּאָרטאַציע, רויב און רציחה, מיט וועלכע אונדזער כראָניק־ליטעראַטור איז אַזוי אָנגעזאַפּט. אָבער די טראַגעדיע פון אַ גרופּע יידן אין אַ באַהעלטעניש אונטער דער ערד, אין אַ פינצטערער, נאַסער גרוב במשך פון אַנדערטהאַלבן יאָר, בעת אַרום ווילדעוועט אַ וויסטע שנאה מצד די פּויערים, דער מאַכט, דער באַפעלקערונג, מצד די „פּאַטריאָטישע" פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער און אָפּטמאָל אפילו, אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם, מצד די מענטשן וואָס האָבן זיי געראַטעוועט — איז אַ יסורימדיקע און צוגלייך אַ העראָישע עפּאָפּייע פון אַ מין היינטצייטיקן ממעמקים קראתיך יה.

ראָכמאַן ברענגט עס אַרויס אויף אַן עכטן שרייבעריש־דערציילערישן אופן. די געשעענישן און עפּיזאָדן וואַלטן בלי שום ספק פאַרמאַטערט און מיד געמאַכט דעם לייענער; ווידער אַמאָל און נאָכאַמאָל די טויטשרעק אויפגעדעקט צו ווערן, דער פּחד פאַר רעוויזיעס, פאַר פּאַטרולן. אָט איז מען שוין פון דאָס ניי אויף די שפּורן, אָט זענען ווידער נאַצישע סאָלדאַטן האַרט ביים וואַנט, האַרט ביים צודעק פון בונקער... פאַרמאָגט אָבער ראָכ־מאַן אַ בפירוש דערציילערישע פעיקייט, אַן אויסערגעוויינלעך אינטערע־סאַנטן סטיל, און די פאָרעם פון זיין דערציילן (הגם אָן אַ כוונה צו שאַפן ליטעראַטור) איז אַזוי אָריגינעל, לעבעדיק און קינסטלעריש אמתדיק, אַז

דאָס גאַנצע ווערק האַלט דיך געשפּאַנט פון אָנהייב ביזן סוף, ציט דיך אַריין אין דעם תהום פון גרויל, אימה און יסורים.

און אָט אין דעם פינצטערן טראַגישן לעבן שטראַלן אויך אויף מאָמענטן פון שיינקייט און דערהויבנקייט, אַמאָל פון די פּאָר מענטשן, די דאָרפליַיט, אין וועמענס הענט ס׳ליגט זייער גורל, נאָר דער עיקר — פון דער אייגענער דערהאַלטענער גאַנצקייט, פון נישט פארלירן דעם צלם אלהים, אין שמוץ און ענגשאַפט ליגן די פינף באַהאַלטענע, אויסגעהונגערטע, דערשלאָגענע, צעפּייניקטע קראַנקע. אָבער ווען ס׳דערגייט צו זיי די ידיעה, אַז איבער די דערפער פון דער געגנט וואָגלט אַרום אַ יידיש יינגל, קוניאַק, דער זון פון חנא דעם אַמאָליקן דאָרפשניידער, טוען זיי אַלץ בכדי דאָס יינגל אַריינצו־קריגן צו זיך און זיי טיילן מיט אים דעם אָרעמען ביסן. וועט מען זיך ראַטעווען, זאָל זיך אַפּראַטעווען נאָך אַ ייד.

דאָס געפיל פון העלפן אַרויסראַטעווען אַ נאָענטן איז אַזוי שטאַרק, אַז מ׳פאַרזעט די סכנה פאַרן אייגענעם לעבן. זייענדיק נאָך אין אַרבעטלאַגער, פּאַרט ראָכמאַן אין אַן אויטאָ פון אַן איבערגעקויפטן נאַצי־זעלנער אַרויס־צונעמען אַ משפּחה פון געטאָ און ברענגען זי אין לאַגער (דאָרט אין לאַגער דאַרפט מען נאָך מכלומרשט אַרבעטער). ער פאַלט טאַקע אַריין אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ און נאָר דורך אַ צופאַל בלייבט ער לעבן. סכנות לויערן אַן אויפהער פון אומעטום. און ס׳ווילט זיך אַזוי וויסן ווו לעבן נאָך יידן? באַהאַלטן זיך אויס אייגענע און נאָענטע? ווי אַזוי דערלאַנגט מען צו זיי? פאַראַן אַ קליינע יידישע משפּחה אין וואַלד — דערציילט קוניאַק, וואָס פלעגט זיך פון צייט צו צייט טרעפן מיט זיי ביינאַכט, — זיי בייטן אָפּט זייער באַהעלטעניש, לעצטנס האָבן זיי אפילו אים, קוניאַקן, שוין מורא געהאַט אויסצוזאָגן ווו זיי פאַרגראָבן זיך. פלעגט אָדער אַן אַנדערער פון די באַשיצערס ברענגט אַמאָל אַן אַלט שטיקל צייטונג, מ׳לייענט נייעס, ווער ווייסט ווען די ישועה וועט קומען? יאָ, פאַר זיי, פאַר פעלעקן, פאַר זיין ברודער יאַנעק און פאַר די אַנדערע, לייענט ראָכמאַן די צייטונג גאָר אין אַן אַנדערן נוסח: אָט גאָר נאָענט איז שוין די באַפרייונג, יעדער פויער וואָס האַלט אויס און העלפט יידן וועט באַלוינט ווערן פון דער נייער מאַכט, מ׳דאַרף זיך נישט צוהערן נישט צו די שכנים און אפילו נישט צום גלח. דער גלח וויל טאָן גוטס יידן, נאָר ער טאָר דאָס נישט זאָגן אָפן.

מחוץ זיין כראָניקאַלן און ליטעראַרישן ווערט האָט דאָס בוך אויך אַ גרויסן פּאָרשעריש־פּסיכאָלאָגישן באַדייט. לייב ראָכמאַן דעקט אויף און באַלייכט עטלעכע פּראָבלעמען, וואָס קומען אויף אין דער גרויליקער אַטמאָספער פון יידן־פאַרטיליקונג. באַזונדער שטאַרק און איינדרוקפול איז אַרויסגע־בראַכט דער באַגער, דער אימפּעט צום לעבן. צו דערלעבן אַ נייע וועלט. און צו דעם האָט מען געדאַרפט גרויס אויסדויער, געדאַרפט שפּאַנען כסדר דעם אייגענעם ווילן און אויפהאַלטן דעם מוט ביי אַנדערע.

קורץ פאַר דער באַפרייונג, ווען סאָוויעטיש מיליטער איז שוין געווען אין דעם דערבייאיקן שטעטל, אַ מרחק פון געציילטע קילאָמעטערס, קומט פאָר אין זייער באַהעלטעניש אַזאַ אויפטרייסלענדיקע סצענע: „פון דרויסן האָט ווער צוריק אויפגעהאָנגען די טירן. מען האָט מיט באַרוועסע טריט זיך געדראַפּעט אַרום די בינטן שטרוי. ווי אין אַ חלום האָב איך דערקענט, אַז ס'איז די שובאָווע. זי איז פאָרזיכטיק געקראָכן אַרום באַהעלטעניש און עס אַרומגעלייגט מיט שטרוי, זי האָט פאַרשטעלט אונדזער טירל און אַרויס.

מיר האָבן פאַרבראָכן די הענט:

— זיכער אַ פּאָזיציע, אַ דייטשישע פּאָזיציע אויפן הויף. מיר זענען אַריינגעפאַלן! אַלץ איז אין אונדז אָפּגעשטאָרבן: — שוין, ס'האָט זיך געענדיקט. דאָס וואָסער האָט אונדז געשלאָגן ביז צו די העלדזער. מיר וועלן זיך דערטרינקען, אָדער אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט.

אפרים האָט געזאָגט, אַז די פיס זענען אים שוין שטייף־אָפּגעשטאָרבן, ער פילט, אַז דאָס בלוט אין אַלע אברים גליווערן אים. אסתרל האָט גע־קעמפט מיטן אָטעם: — ס'איז מיר פינצטער און אַזוי נישט גוט, ר אַ ט ע־ו ע ט! מאַכט אויף, כ'וויל אַרויס! — זי האָט שוין נישט געקאָנט רעדן.

ס'איז מיר אַדורך אַ געדאַנק: אַרויס און איבערגעבן זיך!

כ'האָב געפילט, אַז ס'וועט מיר אויך זיין לייכטער, כאָטש איין מינוט פריער כאַפּן דעם אָטעם, אָנטרינקען זיך מיט לופט און זאָל שוין דערנאָך אַלץ געשען! כ'גיי אויס! אַ שוויס שלאָגט פון מיר. ס'איז מיר פינצטער פאַר די אויגן. פרוימאַן און איטשע האָבן געסאָפּעט און געקרעכצט. צפורהלעס קאָפּ איז אויף מיר שווער געלעגן, זי האָט כסדר אויפגע־צאַפּלט, כ'האָב שוין נישט געקאָנט אָטעמען.

כ'גיי עפענען!! — איך שטרעק קוים אויס די הענט.

— ניין, כ׳וועל נישט עפענען!...״.

דער דאָזיקער פאַל איז אגב דער איינציקער — אין דער לאַנגער קייט פון ביטערע נסיונות — ווו דער אויסדריקלעכער „באו מים עד נפש״ האָט זיך שיער נישט איינגעבראָכן.

מיט פּיקחותדיקער דערציילערישקייט זענען געשריבן די קאַפּיטלעך פונעם טאָגבוך. מען פילט די זאָרג פאַר אַ פּינקטלעכן אויסדרוק און פאַר אַ גוט און שיין געבויטן זאַץ. איז דאָס ווערק נישט נאָר וויכטיק און אינ־טערעסאַנט מיט זיין טעמאַטיק, נאָר ס׳איז בפירוש אויך אַ ליטעראַריש־קינסטלערישע שאַפונג.

ס׳האָט אָפטמאָל אונדז אויסגעזען קשהדיק די געדולדיקייט, די רויקייט פון שרייבער. ס׳האָט אונדז, למשל געוווּנדערט ביז גאָר, ווען דער מידער ז. סעגאַלאָוויטש האָט אַזוי פּעדאַנטיש אויסגעמאָסטן די שורות, געזוכט דעם גראַם, געבונדן דעם פּערז פון זיינע קינה־פּאָעמעס וועגן פאַרשניטענעם פוילן, וואָס ער האָט געשריבן אין ארץ־ישראל. אברהם סוצקעווערס פּרעכטיקע פּאָעמע ג ע ה ײ מ ש ט אָ ט האָט אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג מיט איר מייסטעריש אויסגעשליפענעם וואָרט, — און סוצקעווער איז דאָך דער דיכטער, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט די גרוילן און שרעקן. און לאָמיר נאָך דערמאָנען יצחק קאַצענעלסאָן, וואָס האָט אין זיין גסיסה־צאַפּל, אין זיין אויסגעשריי צו די הימלישע וועלטן נאָך פאַרטיפט אין וואָרט, אין אויסגעטאָקטן וואָרט, זיין דיכטערישן מהות. ווייל ס׳איז גראָד קיין ספק נישט, אַז נאָר מיטן עכטן און גוט צוגעקליבענעם וואָרט קאָן ליטעראַטור־שאַפונג דערגרייכן צו דער קינסטלערישער הייך צו וועלכער זי איז באַ־רופן. לייב ראָכמאַנס „און אין דיין בלוט זאָלסטו לעבן״ איז איינע פון אָט די עכטע ליטעראַטור־שאַפונגען.

1952

# יאָנאַס טורקאָוו

דאָס זענען געווען אַמאָל די „בלאָנדזשענדיקע שטערן", וואָס האָבן גע־לויכטן מיט פרייד און מיט אומעט, מיט חדווה און מיט מענטשלעכער עצבות. זיי האָבן געבראַכט הייטערקייט, געזאַנג און אַ שיינעם חלום אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, געמאַכט יום־טוב אין פשוטע וואָכן־טעג. פון זיי, פון די אַמאָליקע בלאָנדזשענדיקע, לויכטנדיקע שטערן, וואָס די האַנט פון רוצח האָט זיי אויסגעלאָשן, בעט עס מיט אַזויפיל האַרץ מחילה — יאָנאַס טורקאָוו: „...עס איז דאָך געווען בלויז אַ צופאַל, וואָס איך און מיין פרוי זענען געבליבן לעבן. אַ לאַנגע קייט פון וווּנדערלעכע צופאַלן, וועלכע זענען, ליידער, איך, מיינע אומפאַרגעסלעכע חברים, קרובים, פריינד און אומצאָליקע מיינע צושויער און פאַרערער נישט געווען באַשערט. און פאַר דעם דאָזיקן גליקלעכן צופאַל — זייט מיר מוחל!"

די „לאַנגע קייט פון וווּנדערלעכע צופאַלן" — אַ דאַנק זיי זענען יאָנאַס טורקאָוו און זיין פרוי, דיאַנאַ בלומענפעלד געבליבן די אָפּגעראַטעוועטע פון די קרוב צוויי הונדערט יידישע טעאַטער־מענטשן, וועלכע האָבן זיך געראַנגלט, געהאָפּט און זענען פאַרפּייניקט געוואָרן אין וואַרשעווער געטאָ. וועגן אָט די גורלדיקע צופאַלן דערוויסן מיר זיך פון יאָנאַס טורקאָווס צוויי פריערדיקע ביכער: פון זיין בוך וועגן חורבן וואַרשע „אַזוי איז עס געווען" און פון זיין טראַגיש רירנדיקער באַשרייבונג „אין קאַמף פאַרן לעבן". דאָס זענען די איבערלעבונגען און שטימונגען פון יענע טעג, וועלכע וועלן אייביק באַגלייטן דעם מחבר מיט דעם אָטעם פון די אומ־געקומענע. דער ווייטיקדיקער צאַפּל פון די נאָענטע, דער לעצטער בליק פון חברים. מיט וויפל שניידיקן צער זאָגט טורקאָוו: „צי וועל איך ביזן סוף פון מיין לעבן קאָנען פאַרגעסן די איבערגעשראָקענע אייגעלעך פון אונדזערע אַקטיאָרישע קינדער?".

יאָנאַס טורקאָוו איז געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק אין געטאָ. ער האָט געאַרבעט אין דער „אַליינהילף". אַ באַדייטנדיקע צאָל שרייבער, קינסטלער און אַקטיאָרן האָבן אין די פינצטערע היטלער־טעג אַרויסגעוויזן — אין די געהיימע און אין די לעגאַלע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס אין געטאָ, — אַ שטאַרקן חוש פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זיי האָבן גיך אויפגעכאַפּט די געזעלשאַפטלעכע שליחות, וועלכע די צייט האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. טורקאָוו, ווי אַ סך אַנדערע פון דער טעאַטער־ און שרייבער־וועלט, האָט זיך געווידמעט דער פאַרצווייגטער טעטיקייט פון „אַליינהילף", דער זאָרג צו לינדערן דעם הונגער און נויט ביי דער באַפעלקערונג פון וואַרשעווער געטאָ. ער איז אויך געווען פון די אָרגאַניזאַטאָרן און שעפער פון דער יידישער קולטור־אַרבעט אין געטאָ און פון געטאָ־טעאַטער. אַ גרויס אָרט אין דער טעטיקייט פאַרנעמט די אָנשטרענגונג אויפצוהאַלטן דאָס יידישע וואָרט אין דער תקופה פון אונדזער לעצטן חורבן. ס'איז זיכער איינס פון די פענאָמענאַלסטע דערשיינונגען אין דער גרויל־צייט. דאָ האָבן זיך אַנטפּלעקט גרויסע, וויטאַלע כוחות, וואָס מיט זייער שעפערישקייט און גייסטיקן ווידערשטאַנד האָבן זיי באַווירקט דאָס לעבן פון געטאָ. יידישע אַקטיאָרן האָבן געטראָגן דערמוטיקונג, האָפענונג און אמונה אין דער באַפרייונג, וואָס מוז קומען. אָבער ביים לעבן זענען געבליבן נאָר געציילטע. געציילטע פון אַ שיינער, קאָנסטרוקטיווער, שעפערישער מחנה.

יאָנאַס טורקאָוו דערציילט וועגן יעדן איינעם באַזונדער, וועגן זייער לעבן און אויפקום אין יידישן טעאַטער. ער דערציילט וועגן דער מחנה בלאָנדזשענדיקע שטערן, וועגן זייערע וואַנדערונגען, זייער צוזאַמענלעבן און זייערע טרוימען. אוודאי איז פאַראַן אַ סך בשותפותדיקס אין זייער גאַנג: איז דאָך טעאַטער די קונסט פון קאָלעקטיווער שאַפונג, ווו איינער פירט אַריין דעם אַנדערן, ווו איינער דערגאַנצט דעם צווייטן. און דאָך שיילט זיך דאָ אויך אַרויס דער יחיד מיט זיין כאַראַקטער, מיט זיין מענטאַליטעט און דינאַמיק, מיט זיין חוש און געשמאַק. אַזוי האָט זיי געבראַכט יאָנאַס טורקאָוו אין זיין צווייבענדיקן ווערק „פאַרלאָשענע שטערן".

דער דיכטער מלך ראַוויטש האָט געגעבן אין זיין „לעקסיקאָן" (דריי בענדער) הונדערטער אינטערעסאַנטע פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער, דיכטער, דראַמאַטורגן און קולטור־טוער, וועלכע האָבן געלעבט און גע־

שאַפן אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות. ווי אין פּאָרטרעטן, האָט טאַקע ראַוויטש געצייכנט דאָס וויכטיקע און טשיקאַווע פון זייער מהות און התנהגות, נישט באַרירנדיק און נישט טייטשנדיק זייער שאַפונג. און דאָס גראָד מאַכט ראַוויטשעס אַרבעט אָריגינעל און אינטערעסאַנט. פון צייט צו צייט ווערן געשריבן כאַראַקטעריסטיקעס און שטודיעס איבער די שאַ־פונגען פון שרייבער־קדושים ; ס׳ווערן איבערגעדרוקט זייערע ווערק. אָבער מיט וואָס קאָן מען אויפלעבן און דערהאַלטן די קרעאַציעס און ראָלן, די שטרעבונגען און דעם מסירת־נפש פון די הונדערטער יידישע אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אונטער אלע באדינגונגען דערפרייט דאָס הארץ און דער־הויבן דאָס געמיט פון יידישן מאַסן־מענטש ? פון די בינע־מענטשן, וועלכע האָבן געהאָלפן אויסצוטרעטן דעם וועג פאַר דער מאָדערנער יידישער קולטור ?

מיט ציטער און אָפּשיי, אָבער מיט דער זיכערקייט פון אַן אייגענעם, שילדערט יאָנאַס טורקאָוו דורות יידישע אַקטיאָרן, שוישפּילער, טעאַטער־מוזיקער, רעזשיסאָרן. מיר זעען זיי אין די גלאַנץ־יאָרן פון יידישן טעאַ־טער ; אין רייך־אויסגעשטאַטע ספּעקטאַקלען און אין אָרעמלעכע פאַר־שטעלונגען אין פאַרוואָרפענע שטעטלעך ; אין גרויסע זאַלן און אין פייער־לעשער־שאָפּעס. מיר פילן זייער התלהבות און זייערע דורכפאַלן, זייער בענקעניש און זייער פאַרדרוס. טורקאָוו דערציילט אונדז וועגן זייער פיבער אויף דער בינע און זייער לעבן אין דער היים ; ער דערציילט וועגן זייערע אַספּיראַציעס, דערגרייכונגען, אויפטוען און ער באַהאַלט נישט אויס אויך זייערע מענטשלעכע שוואכקייטן. מיר באַקענען זיך מיט זייערע ערשטע שריט אויף דער בינע, זייער אָפּשטאַם און סביבה, זייער באַגאַבונג און אנטוויקלונג. שפּעטער זעען מיר זיי אין אומרויקן טעאַטער־לעבן. אַ סך פון זיי — מיט אַן אייביקער שטילער טענה, מיט נישט־באַפרידיקטע פאָ־דערונגען. דאָס זענען די איבערלעבונגען און די געשיכטעס פון יחידים, אָבער אומדירעקט איז עס דאָך אויך די געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין פּוילן, אין אַמאָליקן רוסלאַנד און ליטע : אַנסאמבלען, אויפפירונגען, עקס־פּערימענטן, טעאַטער־קולטור — — .

אויף אַן איינפאַכן אופן, אָבער בילדעריש און וואַרעם, מאָלט טורקאָוו טיפּן און געשטאַלטן, וואָס האָבן געשאַפן און געפורעמט דאָס יידישע

טעאַטער. צו דער גאַנצקייט און צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יעדן געשיל־דערטן גיבן צו זייער א סך די קוים־באַמערקבאַרע שטריכן, די בייגונגען און קליינע פּאַסירונגען, וועלכע טורקאָוו האָט אזוי' סענסיטיוו אויפגעכאַפּט און זיי איינגעגלידערט אין זיינע באַשרייבונגען מיט טאַקט און מאָס, און דער עיקר — מיט פאַרשטענדעניש און באַציונג.

איבער די ניינציק קאַפּיטלען פון די צוויי ביכער גלימערט אַ טיפע ליבע צום טעאַטער־מענטש, צום טעאַטער־שאַפער, ליבשאַפט און יסורים־מדיקער צער אויף זיין גרויליקן אומקום, אויף זיין טראַגישן פאַרשניטן ווערן. אָט זעען מיר אַ סך פון זיי צערודערטע, אויסגעהונגערטע, פאַרפּייניקטע; אָט שילדערט טורקאָוו דעם באַליבטן פאָלקס־אַקטיאָר אייזיק סאַמבערג, וואָס האָט נישט אנדערש געהייסן אַמאָל ווי דער „קייזער", דער קייזער פון די אַקטיאָרן. א סך אויפרעגונג און א סך אַנעקדאָטן האָט פארשאפט דער דאָ־זיקער טיטל אין די אַמאָליקע גוטע צייטן. נאָר וויפל עכטע תמימות פון אַ קינסטלער עס שטעקט אין דעם אַראָפּרעדן זיך, אין אַנבליק פון דעם חורבן אַרום: „יאָנאַסל, — טענהט סאַמבערג, — די צייטן פון די „קייזערס" האָבן זיך געענדיקט. איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז מיין אַמאָליקע האַנדלונג איז נישט געווען קיין ריכטיקע. איך האָב געזינדיקט, פאַרשאפט זיך און אַנדערע א סך בייז בלוט. די צייט האָט מיך אָבער גע־לערנט און אויסגעהיילט. איך בין געוואָרן אַן אַנדערער סאַמבערג".

יאָ, די צייט האָט אַ סך געענדערט. סאַמבערג איז נאָך געווען פול מיט גלויבן. נאָך אַלע קלעפּ האָט ער נישט פאַרלוירן די האָפענונג, אַנדערע זענען איינגעבראָכן געוואָרן שוין אין די ערשטע טעג. טורקאָוו שילדערט מיט דער מעגלעכסטער גענויקייט דאָס לעבן פון די טעאַטער־מענטשן אין די יאָרן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע: זייער גראַנגל און נויט, זייער אַרבעט אין די „שאָפּן", די טעאַטער־טעטיקייט אין געטאָ. אפילו אונטער יענע גרויל־אומשטענדן זענען אויפגעקומען נייע טאלאַנטן, נייע יונגע כוחות, אָבער זייער בלי־צייט איז געווען אזוי קורץ און טראַגיש.

מען וויל זיך נישט אונטערגעבן די שווארצע טעג. מען שפּילט טעאַטער אין געטאָ, מ'אָרדנט איין אָוונטן, געזאַנג־אָוונטן, רעציטאַציעס. קלאַראַ סעגאַלאָוויטש האָט פּלאַנירט עפּעס נייעס און אייגנאַרטיקס — אַ קליין „קונסט־ווינקל", אַ ווינקל פאַר לויטערער טעאַטער־שפּיל. אלץ איז אויס־

געמישט: חלומות, קאָנפליקטן, האָפענונגען און טרויעריקעווירקלעכקייט, און אין אָט דער טרויעריקער ווירקלעכקייט קומען אויף מאָדנע, אויסטער־לישע דערשיינונגען.

אויך אין געטאָ זענען געווען סורפּריזן פונעם גורל. אײנעם אַזאַ, וועגן דער באַקאַנטער, הויך־טאַלענטירטער אַקטריסע מרים אָרלעסקאַ, וועלן מיר ברענגען, ווי ס׳דערציילט אים יאָנאַס טורקאָוו: „אָרלעסקאַ, וואָס האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו שפּילן אויף דער פּוילישער בינע און דאָך איבערגעריסן מיט איר אַלע פּעדים, אַריינוואַרפנדיק זיך מיט לייב און לעבן אין יידישן טעאַטער אריין, איז אויסגעקומען צו ענדיקן איר בינע־קאַריערע אין אַ טעאַטער אויף דער פּוילישער שפּראַך, ווו עס איז געגעבן געוואָרן אַ בעסערער, ריינערער רעפּערטואַר. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דאָס זאָל געשען ביים סוף פון איר לעבן, אין געטאָ, אין אַ טעאַטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער לעשנאָ־גאַס, קעגנאיבער אַ פּוילישן קאָש־טשאָל, ווו יידן־משומדים פלעגן מיטן מגן־דוד אויף די אָרעמבענדער גיין מתפּלל זיין און ווו עס פלעגט זיי זאָגן אַ טרייסט־וואָרט דער גלח, דער משומד פּודער. דער זעלביקער עולם האָט אויך באַזוכט דאָס יידישע טעאַ־טער אין דער פּוילישער שפּראַך, ווו אָרלעסקאַ האָט געשפּילט „אַננאַ מאַטעי״ אין פּאָדאָרס „מאַטורע״. — אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט פאַר דער צייט און פאַר דעם קלימאַט פון די געשעענישן.

צווישן די „פאַרלאָשענע שטערן״ לויכטן־אויף צוזאַמען מיט די אַלטע, פאַרוואָרצלטע טעאַטער־משפחות, וווּנדערלעכע טיפּן: טעאַטער־מענטשן, מאָלער, מוזיקער, טעאַטער־אונטערנעמער, יידישע קולטור־טוער, פּייערדיקע חסידים פון יידישן טעאַטער, דער באַרימטער אדוואָקאַט פון גאַליציע לייב לאַנדוי, און דער סוחר און קולטור־מענטש אברהם זיינפעלד, ד״ר יעקב וויגאָדסקי פון ווילנע, און דער באַקאַנטער אימפּרעסאַריאָ משה קאַרפּינאָ־וויטש, מרדכי מאַזאָ, דער אָנפירער פון „ווילנער טרופּע״ און די קינסט־לער־פּלאַסטיקער וואָל. ווײנטרויב און א. אָסטזשעגא.

זייער שעפערישע לעבן און זייער טראַגיש פאַרגיין האָט פאַראייביקט יאָנאַס טורקאָוו.

1955

# חיה עלבוים־דאָרעמבוס

נישט מעגלעך אָנצורופן חיה עלבוים־דאָרעמבוס באַשרייבונגען מיטן געוויינלעכן נאָמען — בוך, ווי מ׳קאָן עס נישט אָנרופן ווערק אָדער ספר. גיכער פּאַסט זיך צו באַטיטלען זיי מיט דעם אַלט־יידישן נאָמען מגילה. דאָס איז די מגילה פון יידישן פּיין און יסורים, דאָס איז די מגילה פון געראַנגל פאַר יעדן טאָג, פאַר יעדער שעה — געראַנגל פאַר דערהאַלטן זיך ביים לעבן.

דאָס דערציילט אַ יחיד, דאָס דערציילט אונדז חיה עלבוים־דאָרעמבוס וועגן אירע איבערלעבונגען בימי היטלער. אָבער ווי אַלע טיפע, טראַגישע איבערלעבונגען איז עס די דערציילונג און, שילדערונג פונעם כלל, און פון דער תקופה פון אונדזער אומקום.

אָט די אומקום־דראַמע האָט נישט נאָר אירע אָפּשניטן, פאַזן און אַקטן — זי פאַרמאָגט אָן אַ שיער פּראָבלעמען, צו וועלכע שפּעטערדיקע דורות וועלן זיך פּרווון דערגרונטעוועז, געלערנטע און פאָרשער, שרייבער און וויסנשאַפטלער וועלן פּרווון דערגיין: וואָס איז געווען די שפּירונג פון מענטש אין אָט דעם בלוט־געווירבל, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אייראָפּע?

און אַז ס׳וועט זיין אַזוי, אויב מען וועט זיך וועלן פאַרטראַכטן און לערנען וועגן דעם, וועט די באַשרייבונג „אויף דער אַרישער זייט" דינען ווי דער געטרייעסטער מקור פאַר יענעם טיפסטן געראַנגל פון מענטשלעכע ליידן און פון נשמהדיקער דערהויבונג, פון ווילן צו לעבן און איבערלעבן.

ס׳איז נישט מוטל בספק, אַז דאָ איז נישט געווען בלויז דער נאַטירלעכער אינסטינקט פון קעמפן פאַרן לעבן, בלייבן לעבן, בכדי ווייטער לעבן אין בלוט־צאַפּלעניש און גרויליקער אימה. דאָ האָט דער געדאַנק פון איבערלעבן געהאַט אַ טיפערן זין: דערלעבן יענע גרויסע באַפרייונג, וואָס מוז דאָך קומען. ס׳האָט באַדייט: שפּאַנען די כוחות, די בלוטן, די נערוון, נישט פאַרלירן זיך, נישט אַריינפאַלן אין יענעם צעפרעסנדיקן יאוש, וואָס

דערנענטערט דעם סוף. און ווי זאָגט טאַקע חיה דאָרעמבוס אין אירע נישט צו אָפטע, אָבער טרעפלעכע באַטראַכטונגען, אין יענע טעג: „ביך, דעם טויט מיידט מען דאָ סיי ווי נישט אויס, ער מוז דאָך קומען פריער אָדער שפּעטער. זאָל ער נאָך אַ ביסל וואַרטן און איך וועל זיך אויסברענען ביזן סוף ווי אַ ליכט, אויספּרעסן אין פלאַם דאָס אייגענע לעבן און לייכטן ביז צום לעצטן צאַנק, ביז צום לעצטן צאַפּל...".

אָט דאָס געפיל איז זיכער געווען יענער מישטיינסגעזאָגט גליקלעכער באַגלייטער, וואָס האָט געהאָלפן אויסטראָגן דעם צער פון פאַרלירן נאָענטע, די יסורים און צאַפּלענישן פון אַ ייד „אויף דער אַרישער זייט".

וויפל אָפּשניטן זענען געווען אין דער יידישער אומקום־דראַמע: געטאָ, קאַצעט און טויטן־לאַגער; הונגער, עלנט און דערנידערונג; אימה און דערוואַרטונג פון טויט. און אָט קומט אַ נייער אָפּשניט, אַ נייער אַקט אין דער דראַמע — „די אַרישע זייט".

ס'איז נישטאָ קיין גענויער ציפער וועגן דער צאָל וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט „אויף דער אַרישער זייט", אָבער קלאָר איז, זיי אַלע זענען דורכגעגאַנגען אויף דעם זעלבן פייער־ראַנד צווישן לעבן און פאַרלענדונג, דורכגעלעבט דעם זעלבן אימת־מוותדיקן ציטער פאַר שאַנטאַזשיסטן און טונקעלע פאַרשוינען, וואָס די פּוילישע געזעלשאַפט האָט צוגעשטעלט מיט אַזאַ ברייטער האַנט. צום וויפלטן מאָל פרעגט זיך מסתמא יעדער פון אונדז: איז דאָס טאַקע אַזוי געווען? האָט אַזוי לגבי אונדז געהאַנדלט דאָס פאָלק, מיט וועלכן מיר האָבן יאָרהונדערטער געלעבט צוזאַמען? — לייענען מיר חיה דאָרעמבוס קאַפּיטל „אַפּריל ניינצן דריי און פערציק — פון דער זייט מויער", דאָס קאַפּיטל, וואָס שילדערט די אויסוווירקונג פון געטאָ־אויפשטאַנד אויף דער אַרישער זייט, זעען מיר וואָס פאַר אַ חיהשע מחשבות און אינסטינקטן ס'האָבן פאַרמאָגט יענע, די פּויערים־זין און די גרויע אַרבעטס־מענטשן, ווען זיי איז אויסגעקומען צו שטיין פאַר אַ מענטשלעכן נסיון. אפילו די בעסערע פון זיי, די סאָלידערע, זענען צופרידן פון אָט דער זעלטענער „געלעגנהייט", וואָס איז זיי צוגעשיקט געוואָרן. „אָ, יאָ, קאָמענטירט דער שכן לוטשאַק, ביי יעדן גאָלדשמיד ליגן בערג גאָלדענע ציין, ס'איז כדאי צו ריזיקירן, איין מאָל אין לעבן האָט מען אַזאַ געלעגנהייט...".

די איבערלעבונגען פון חיה דאָרעמבוס זענען איין קייט פון גראַנגלען

מיט די־אָ פינצטערע כוחות און מיט די אינסטינקטן וואָס האָבן געהויערט און אויפגעטויכט ביי יענער מאַסע. ווען זיי וואָלטן נישט געווען, וואָלט דער פאַרנעם פון אונדזער פאַרלענדונג זיכער נישט געווען אַזוי גרויס, אַזוי טאָטאַל...

אפשר טאַקע דערפאַר שיילן זיך אַרויס אויף אָט דעם פינצטערן פאָן מיט אַ באַזונדערער העלקייט און גבורהדיקייט די שטילע העלדן, די עט־לעכע פשוטע, האָרעפאַשנע נישט־יידן, וואָס האָבן נישט איינמאָל איינגע־שטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען די פאַרפייניקטע, גערודפטע. צי איז עס געווען בלויז דער ווילן צו העלפן די עטלעכע אויסבאַהאַלטענע יידישע משפחות? אָדער איז עס געווען אויך דיקטירט פון דער טיפער בושה, וואָס האָט באַווירקט פראַנעקן און סטאַכן (דעם גאַסן־קערער און שוואַרץ־אַרבעטער) און דעם אינזשיניער לענסקי ביים דערזען די פינצטערע וואַק־כאַנאַליע, וואָס האָט זיך צעשפּילט ביי זייער פאָלק? נישט דאָס איז וויכטיק. אָט די ליכטיקע עפּיזאָדן מאַכן נאָך בולטער די ווירקלעכקייט, ווי זי איז געווען און ווי זי וואָלט געקאָנט זיין, ווען אָט די זעלטענע און איבערגע־געבענע וואָלטן געווען מערער אין צאָל.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף איין טעזע פון דער דאָזיקער טיף מענטשלעכער באַשרייבונג. אפשר איז עס טאַקע דער עיקר־פּראָבלעם, ווייל אין אָט דעם בוך דערפילן מיר און דערזען אין דער פולער גרייס און טיף דאָס לעבן פון יידן צווישן נעכטיקע שכנים און פריינד.

און פון דער דאָזיקער באַשרייבונג — בין איך זיך מודה — ווייס איך נישט, וואָס פריער צו באַוואונדערן: דעם וויטאַלן כוח פון דער העלדין, איר פקחות און מוט, וואָס איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען אין די סאַמע שווערסטע נסיונות? די קראַפט פון זען און באַנעמען? איר פרויאישער אינסטינקט פון זעלבסטפאַרטיידיקונג?

נאָר איבער אַלץ רירט און באַווירקט אין דעם ווערק דאָס פּלאַסטישע שילדערן, דער וואַרעמער מענטשלעכער טאָן, די קרעפטיקייט פון אויס־דרוק, דאָס דערציילן, און אָפט מיט אַ ווונק, מיט אַ רמז — דאָרט טאַקע, ווו נאָר אָנוווּנק און רמז איז בכוח צו לאָזן דעם טיפסטן איינדרוק און צווינגט צו טראַכטן און דערטראַכטן זיך. — —

ס׳איז אַ בוך וואָס דאַרף געבראַכט ווערן נישט נאָר פאַר אונדזער פאָלק, נאָר בפירוש צו די פעלקער פון גאָר דער וועלט. ווייל דאָס בוך איז באַ־שאָנקען מיט אַ שליחות צו לערנען און נישט לאָזן פאַרגעסן.

# משה זאַנשיין

דאַכט זיך, אַז ווער ס׳האָט דעם פּענאָמען יידיש־וואַרשע נישט געזען פון דער נאָענט, איז גאָרנישט מסוגל צו באַנעמען וואָס יידיש־וואַרשע איז געווען, וואָס יידיש־וואַרשע האָט געשאַפן. וואַרשע פון אַמאָל, וואַרשע צווישן ביידע וועלט־מלחמות — וויפל שטייגער און פאָלקסטימלעכקייט, וויפל אידעען און מאָטיוון האָבן פון איר אַרויסגעזונגען.

דער פאַרשטאָרבענער אַמעריקאַניש־יידישער אַקטיאָר לודוויק זאַץ האָט אַמאָל כאַראַקטעריזירט וואַרשע אַזוי: „זי פאַרמאָגט דעם גרויסשטאָטישן אָטעם פון ניו־יאָרק, די עלעגאַנץ פון ווין, דעם שווונג פון לאָנדאָן און די שיינקייט און דעם טעמפּעראַמענט פון פּוילישן ייד״. דאָס איז געווען אַ באַזונדערער טיפּ ייד — דער וואַרשעווער ייד.

„פּרוווּ איך די אויגן אויף האַלב צו פאַרמאַכן, / דאָס ליכט זאָל נישט שטערן צו זען, נאָר איך זע נישט, / צו שוואַך איז דער כוח־הדמיון, און וואַרשע / אָן יידן זיך פאָרשטעלן — קאָן איך נישט, קאָן נישט״ — אַזוי האָט געקלאָגט אין די ערשטע יאָרן פון קריג, דער ארץ־ישראלדיקער דיכטער י. פּאַפּיערניקאָוו אויף זיין אין בלוט און פייער געטובלטער געבוירן־שטאָט.

אָפּטמאָל קומט אויף, נעבן דעם טיפן ווייטיק אויף דעם חרובן לעבן דאָרט, אַזאַ שטילער פאַרדרוס — וועלן דורות שפּעטער דערפילן און זיין ביכולת צו באַנעמען, וואָס יידיש־פּוילן איז געווען? וואָס יידיש־וואַרשע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט?

אין דער לעצטער צייט הייבן אַלץ מער אָן צו דערשיינען ביכער, באַשרייבונגען און שילדערונגען, וועלכע ברענגען אַרויס און דערציילן דאָס לעבן פון יידישע ישובים, פון שטעט און שטעטלעך, ערב דעם צווייטן וועלט־קריג. צוזאַמען מיט דער דאָקומענטאַציע־ליטעראַטור פון חורבן, כראָניקעס, גבית־עדות, טאָגביכער און איבערלעבונגען פון יחידים, שאַפט

זיך אַ ליטעראַטור וואָס שילדערט און פאַרפיקסירט די לעצטע תקופה פון יידישן לעבן אין אייראָפּע. און ס׳מוז געזאָגט ווערן, אז אפילו די באַשריי־בונגען פון יענע, רויקע יאָרן פאַרן מבול ווערן מיט מער אייפער און לעבע־דיקן אָטעם אַרויסגעבראַכט דורך די, וועלכע זענען דורכגעגאַנגען דעם יסורים־ און גרויל־וועג אין די יאָרן פון קריג. עפּעס אַ באַזונדערע עמאָ־ציאָנעלע קראַפט און נאַגנדיקער אומעט באַגלייט זייערע באַשרייבונגען און דערציילונגען אין דער בענקעניש נאָכן פאַרשווונדענעם נעכטן, נאָך דער פאַרוויסטער היים, נאָך דער אָפּגעמעקטער גאַס...

יידישע גאַסן האָבן דאָך געהאַט נישט נאָר זייער אייגענעם אויסזען, יידי־שע גאַסן האָבן געהאַט זייער אייגענעם ריטעם, זייער אייגענעם נוסח און כאַראַקטער, זייער אייגענע מאָראַל און עטיק. משה זאַנשיין אין זיין בוך „יידיש־וואַרשע״ דערציילט נישט וועגן זיינע אייגענע טרויעריקע מלחמה־איבערלעבונגען, ער דערציילט נישט וועגן די וואַגל־יאָרן אין וויטן רוס־לאַנד. ער דערציילט וועגן וואַרשע, וואַרשעווער שטייגער, וועגן וואַרשעווער יידישע גאַסן וואָס זענען שוין איצט: „הויפנס שטיינער און ציגל, וואָס אונטער זיי זענען באַגראָבן צעשטערטע לעבנס פון וואַרשעווער יידן. — יידן־חסידים, למדנים און סתם־יידן. יידן סוחרים, בעלי־מלאכות און אָר־בעטער, יידן וואָס האָבן געפירט גרויסע געשעפטן, און יידן וואָס האָבן געלעבט פון יגיע כפיהם, יידן בעלי־צדקה — פונדאַטאָרן פון ריזיקע הילף־אינסטיטוציעס און יידן אָרעמע, וואָס האָבן זייער אָרעמקייט באַהאַלטן פאַר אַ פרעמד אויג און געהאָלפן אַנדערע, אָרעמערע פון זיי״.

און אָט מיט דעם שניידיקן וויטיק אין געמיט האָט משה זאַנשיין דערזען אַזוי קלאָר זיין אָקערשט פאַרשווונדענע וועלט. זיין גאַס, זיין היים און זיינע נאָענטע, יידן פון די הויפן און הייזער, די אינסטיטוציעס, פלעצער און גערטנער, די „שמאָלע מילע״ און די באַזוכער אין „סמאָטשער טעאַ־טער״, די איינגייער אין „ברעסלערס ביבליאָטעק״, אינטעליגענטן און האָרעפּאַשניקעס, די פייערדיקע חסידים ביים דאַוונען „אויף נאַלעווקעס אין גערער שטיבל״ ווו: „מען האַלט נישט פון קיין מזרח־וואַנט״ און, להבדיל, די באַוווינער פון אָסטראָווסקע־געסל מיט זייערע טריפהנע פּרנ־סות, מיט זייערע אייגענע מנהגים און פירעכצער. ווי האָט רחל אויער־באַך, דער געטרייעסטער עדות פון וואַרשעווער געטאָ און וואַרשעווער אומ־

קום אַנומלט געזאָגט: „אפילו אויף דעם מינדסטן גנב פון קראָכמאַלנע־גאַס און אויף דעם ערגסטן מעסער־שטעכער פון דער שמאָלע־מילע ווײנט אין מיר דאָס גאַנצע האַרץ, ווײל אפילו זיי זענען געוואָרן אומגעבראַכט פאַר זייער ײדישקייט".

אַזוי פילט אויך משה זאַנשײן. זײן ײדיש־וואַרשע איז גאַנץ און ברייט און היימיש. זײן ײדיש־וואַרשע איז דער היכל התורה, „די מסיבתא" און די יוגנט־לאָקאַלן, דאָס זענען די אייגנאַרטיקע „גוט־שבת ײדעלעך" און די בייע ײדישע שולן. דאָס זענען די אַרבעטסלאָזע, אַנטוישטע יונגעלייט און דער פרומער ײד, וואָס אַנטלויפט פון זיי מיט אַ הויכן „טפו, זאָלט איר ווערן", דאָס איז ר׳ שלמה יצחק דער שיינער ײד און גבאי און חיים שאַכער דער אַלטוואַרג־הענדלער, דער נגיד ר׳ אהרן בצלאל און יאָסעלע פּלייצע־טרעגער מיט זיינע חברים, דאָס איז דער טיפּאַזש און פּייזאַזש פון וועלכע זאַנשיינס דערציילונגען און בילדער וואַקסן אַרויס. מיט גאַטירלע־כער פאַרביקייט וויקלען זיי זיך אויס סיי פון די אָרעמע קעלער־שטובן און סיי פון די באַלעבאַטישע סאַליעס. זיי אָטעמען מיט דער שטימונג און מיט דער ספערע פון זייער סאָציאַלן מעמד.

עכט און קאַלירפול זענען נישט בלויז די געשטאַלטן און סצענעס פון דער וואַרשעווער ײדישער ווירקלעכקייט, נאָר שיין איז אויך דער באָדן אויף וועלכן זיינע ײדן גייען אַרום הן מיט זייער וואָכעדיקער גרויער זאָרג, הן מיט דער קדושה פון שבת־ און יום־טוב־טעג. קומט נישט איינמאָל אויף אַזאַ בענקעניש און אַפילו אַ קנאה צו דעם טיפן גלויבן, וואָס די ײדן האָבן געטראָגן אין זיך, צו זייער מערקווירדיק לעבן, וואָס האָט געזונגען מיט חדווה און הייטערקייט, אפילו ביי דעם גרעסטן דחקות.

בילדער פון ײדישער נויט און בילדער פון ײדישן ביטחון. זאָרג פאַר ברויט און פרייד פון תורה־לערנען. אַרויסגעוואָרפענע פון דירות פאַר נישט באַצאָלן דירה־געלט צו דער צייט, אויסגעמאַטערטע, געטרודפטע הענדלער און טראַדיציאָנעל ײדישע ברידערלעכע הילף. עס קרייצן זיך און שימע־רירן סצענעס, געשטאַלטן און פּאַסירונגען, וואָס דערמאָנען מיט זייער האַרציקייט און וואַרעמקייט אַ פאַרגאַנגענע ײדישע וועלט.

זאַנשיין איז אַ גוטער קענער פונעם שטייגער־לעבן וועגן וועלכן ער דערציילט, אַ גרינטלעכער קענער פון דעם טייל ײדיש־וואַרשע, מיט די

באַלעווקעס, דעם דרך־המלך: — „אָנגעהויבן האָבן זיך די באַלעווקעס ביי דער דלוגע — אָט דער גאַס, וואָס האָט געשמעקט מיט גויאישן געקאָכטן זויערקרויט, פאַררייזשט אויף חזיר־פעטס. ביי דער גאַס, וואָס האָט געפירט צום „פאָווישעלדיקן" פאָדוואַל — די ווייסל־געגנט אין וואַרשע האָט זיך געקאָנט רעכענען פאַר אַ ראַנד פון יידישן צענטער".

„הייף אויף די באַלעווקעס. אין די הייף ריזיקע הייזער. אין יעדן הויז הונדערט צימערן. אין יעדן צימער פיר ווינקלען. אין יעדן ווינקל עטלעכע סוחרים. נישט געבליבן קיין צימער, זענען טרעפּ גוט. נישטאָ קיין אָרט אויף די טרעפּ, „בינדט מען זיך צו צו אַ שטיין" און מ'האַלט זיך ביי באַלעווקעס. ווייסטו נישט מיט וואָס פאַר אַ נס האַלטן זיך די שטויסן סחורה. אָנגעלייגט אויף גאָרנישט — דער אמתער „תולה ארץ על בלימה".

אָבער פון די דאָזיקע שילדערונגען פון גאַסן, הייף און הייזער וויקלען זיך אַרויס, נישט נאָר שטיקער וואַרשעווער ווירקלעכקייט, טיפּן פון סוחרים, הענדלער און באַלמעלאָכעס — נאָר אויך מענטשן מיט זייערע באַזונדערע ברייגונגען און כאַראַקטערן, מיט זייערע באַנעמונגען און אויפפירונגען, מענטשן פון פאַרשידענע שטאַנדן און גרופּעס. זאָנשיין שילדערט זייער אויסערלעכן גאַנג און אַרט, באַקענט אונדז מיט זייערע השגות, מיט זייער געפיל און געמיט.

די דערציילונגען — אויב מיר זאָלן זיי אַזוי אָנרופן — זענען געשריבן אין אַ ספּעציפישן נוסח, אַ נוסח וואָס איז כולל און סינטעטיזירט אין זיך דערציילערישע ווייכקייט, שאַרפקייט און געטריישאַפט פון רעפּאָרטאַזש, לירישע מעדיטאַציע און אַמאָל אויך דאָס אָפענע וואָרט פון פובליציסטיק. דאָס איז אַ נוסח, וואָס האָט זיך אויפגעקעמפט זיין אָרט אין דער נאָכחורבנדיקער פּראָזע־שאַפונג. אָבער ביי זאָנשיינען באַקומט אָט די פאָרעם אַ באַזונדערן תיקון, הן מיט זיין שווונג און טעמפּעראַמענט, הן מיט זיין איינערלעך־דערציילערישן הומאָר. הומאָר איז, כידוע, אַ גאָר וויכטיקער עלעמענט אין דער דערצייל־קונסט, נאַטירלעך ווען ער איז אַזוי אָרגאַניש פאַראייגנט, ווי ביי זאָנשיינס העלדן.

אַז משה זאָנשיין פאַרמאָגט דערציילערישע באַגאַבונג און דערציילערישן אימפּעט איז צו זען פון אַ סך קאַפּיטלען אינעם בוך. מיט פלאַסטישקייט זענען געשריבן די דערציילונגען „חיים שאַכער ווערט גבאי", „לאַטוטני־

קעס", „יאָסעלע פּלייצע־טרעגער" און בפרט די לעצטע און גרעסטע דער־ציילונג אין בוך „מען פירט יאכטעלען צו דער חופה". די דערציילונג איז טשיקאַווע נישט בלויז מיט דעם מערקווירדיקן סיפור־המעשה, נאָר אויך מיט דער זאַפטיק־בונטער פאָלקס־שפּראַך אין וועלכער זי איז געשריבן. דאָ קומט צום אויסדרוק אַזאַ אידיאָמאַטיק און שטייגער־שפּראַך, וואָס זענען ממש פּערל פון יידישן פאָלקלאָר. זאַנשיין האָט אַ שטאַרקע שפּראַך־אינטואיציע. ער טרעט אָבער נישט איבער דעם גבול און לאָזט זיך נישט וואָלגערן מיט וואָלגערישע רייד, מיט וועלכע סמאָטשע־גאַס און וואָלינסקע קאָן אָנשטעקן. סמאָטשע־גאַס פירט אַ קאַמף פאַר יושר, אַ קאַמף פאַר יאַכ־טעלען דער יתומה, וואָס איז נעבעך „פאַפּיאַט" געוואָרן פון דעם הויכן משה פון דער וואָלינסקע־גאַס: „משה אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס און געזונטע הענט. פאַר אים קראַפּירט אפילו די שיינע צירל — די שענסטע מויד פון דער גאַס, צוליב וועלכער די יונגען זענען זיך שוין נישט איינמאָל פאַרפאָרן אין דער צורה. אויך צירל שטאַרבט אַוועק, ווען משה באַווייזט זיך אום שבת, גייענדיק פון סטאַרשע פעלדשער מיט אַ פריש, אָפּגעגאָלט פנים, די געקרייזלטע, פעכשוואַרצע טשופּרינע צוגעשווירן, פאַרקעמט מיט אַ שרינט אין דער מיט און אָפּגעגלאַנצט מיט פּאָמאַדע. נישט ווינציקער פון די האָר גלאַנצן זיינע שוואַרצע ציגיינער־אויגן און דער גאָלדענער צאָן אין דער סאַמע מיט פון אַ פול מויל געזונטע ציין, אפילו די שטיוול גלאַנצן ביי משהן אַנדערש ווי ביי אַנדערע יונגען, די גרעסטע פּאַצעטן".

מיט אַזאַ חן און פאָלקסטימלעכער קערנדיקייט שילדערט זאַנשיין יידיש־וואַרשע, וואָס איז געווען און שוין נישטאָ מער.

1955

## ד״ר מ. דוואָרזשעצקי

„בין הבתרים״!? יאָ, דאָס זענען די בלוטיקע שניטן, וואָס די נאַצי־תקופה האָט איבערגעלאָזן אין האַרץ און אין דער נשמה פון דעם ניצול־געוואָרענעם, דעם ייִד פון דער „שארית־הפליטה״. דאָס זענען די שניטן וואָס רופן זיך אָפּ מיט אומרו און ציטער און זוכן באַשייד. איז דען מעגלעך באַשייד? איז דען מעגלעך צו פאַרענטפערן און אויפקלערן, וואָס ס׳איז געשען און ווי אַזוי ס׳איז געשען?

ד״ר מ. דוואָרזשעצקי איז דער עדות, דער באַשרייבער און פאָרשער פון די חורבן־יאָרן, וואָס איז ביכולת מיט אַזויפיל פּינקטלעכקייט און אחריות צו באַטראַכטן און באַהאַנדלען אין זיינע ארבעטן די טראַגישע פּראָבלע־מאַטיק, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער פאַרלענדונג אין מזרח־אייראָפּע. ער טוט עס אין זיינע אַרבעטן, ווי: „אייראָפּע אָן קינדער״, וועגן די נאַצישע פּרווון פון סטעריליזאַציע, וועגן קראַנקהייטן אין די קאַצעטן און לאַגערן, וועגן די גייסטיקע, פּסיכאָלאָגישע און ביאָ־לאָגישע פּראָצעסן און איבערקערענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען ביים לאַגער־מענטש, דעם קרבן פון דעם היטלעריסטישן אייראָפּע.

אָבער אויך ער, וואָס האָט מיט אזא געניוקייט און פּינקטלעכקייט אַרויס־געבראַכט דאָס לעבן און געראַנגל אין געטאָ, דאָס לעבן פון ערב־טויט פון איינער פון די עלטסטע און שענסטע ייִדישע קהילות „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום״ — אויך ער איז נישט מסוגל, ווייזט אויס, צו באַ־האַנדלען די פראַגן און פּראָבלעמען פון דער תקופה מיט דער מאָס פון לאָגישער פאָרשונג. דאָס זעען מיר אין די צענדליקער און צענדליקער טיף־רירנדיקע באַשרייבונגען, בילדער, מעדיטאַציעס, באַטראַכטונגען אינעם בוך „בין הבתרים״, וועלכע זענען פול מיט דער שטימונג פון אין גרויל דורכגעגאַנגענעם נעכטן און מיט דעם געפיל פונעם מענטש פון דער

שארית־הפליטה״, וואָס זעט אַנדערש און פילט אַנדערש ווי יענע, וואָס זענען „אין טרעבלינקע נישט געוועזן״...

איך ווייס נישט צי די קלאַסיפיקאַציע איז ריכטיק, אָבער אויבנאויפיק זעט אויס, ווי צוויי שיכטן וואָלטן געווען צווישן די ניצול־געוואָרענע, די אָפּגעראַטעוועטע פון אַלע טויטן: איין שיכט, וואָס וויל פאַרגעסן, ביזדעים פאַרגעסן און אָפּמעקן כאָטש אויסערלעך, דעם גרויל, וואָס זיי זענען אָקערשט דורכגעגאַנגען, און אַ צווייטער, אפשר אַ קלענערער טייל, וואָס נישט די בלויקייט פון הימל און נישט דער ריטעם פון לעבן זענען מסוגל אין זיי איינצושטילן דעם געשריי, וואָס רייסט זיך מיט טויזנטער פראַגן און וואָס איז בעצם איין און די זעלבע פראַגע — ווי אַזוי איז עס געשען, און ווי אַזוי האָט עס די וועלט דערלאָזט, אַז ס׳זאָל געשען?

סקעפּטיקער און מענטשן וואָס זענען אַטראָפירט פון יסורים, זעען זיכער אין אָט דער פראַגע אַ נאַיווקייט: מוז מען דווקא אויסזוכן דעם מקור פון דער רשעות, דעם אָפּשטאַם פון אַלדאָס בייז, בכדי צו באַנעמען די אומ־מענטשלעכקייט און צביעות פון דער מישטיינסגעזאָגטער פרייער וועלט?

ד״ר מ. דוואָרזשעצקי — אפשר אויך דערפאַר וואָס זיין גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע אָנלאָדונג שטויסט אים דערצו, — ברענגט אַרויס צו־זאַמען מיט דער שילדערונג פון לעבן אין געטאָ און די יסורים פון יידישן מענטש אין די קאַצעטן און אין אַרבעטס־לאַגערן די האַרבע פראַגע: וואָס איז מיט דעם מענטש? דער מענטש קעגן דער חיה אינעם מענטש, דער מענטש קעגן דעם נאַצי אינעם מענטש?

דאָס בוך „בין הבתרים״ טיילט זיך אויס אין דער חורבן־ליטעראַטור קודם־כל מיט דעם אויפהייבן די פּראָבלעמאַטיק פון דער תקופה: „פאַרשיי־דענע אַספּעקטן זענען פאַראַן אין דער חורבן־פּראָבלעמאַטיק — אַ היס־טאָרישער אַספּעקט, אַ סאָציאָלאָגישער, אַ מעדיציניש־פּסיכאָלאָגישער, — און אַלע צוזאַמען פאַרמאָגן איין הומאַניסטישן אַספּעקט: אַ קריזיס פון מענטשלעכן געוויסן און אַ דורכפאַל פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע״.

אין דער זאַמלונג „בין הבתרים״ פאַרענטפערט נישט ד״ר מ. דוואָרזשע־צקי די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען. ער אַנטוויקלט זיי אפילו נישט גענוג. ער הייבט זיי נאָר אַרויס. בלויז דאָ און דאָרט באַלייכט ער זיי און שטראַלט זיי דורך מיט דער פאַרב פון יענע טעג, מיט דער גרויל־שטימונג

פון ערב־אומקום, און טאַקע דערפאַר צווינגען זיי דיך צו טראַכטן נישט בלויז וועגן דעם בייזן און טראַגישן וואָס איז געווען, נאָר אויך וועגן דעם וואָס איז נאָך פאַראַן: „די חיה אינעם מענטש״, דאָס רשעות וואָס איז נאָך נישט פאַרשווונדן געוואָרן אין באַצוג צום יידישן פאָלק.

ד״ר דוואָרזשעצקין איז געלונגען אַרויסצוברענגען אינעם בוך בילדער פון געטאָ (אויסגעצייכנט איז די שילדערונג „אַ מעת־לעת אין געטאָ״): די מחשבות, שטימונגען און געפילן וואָס מאַטערן און מאָנען, וואָס זוכן לייזונג און דערלייזונג: „די וועלט — שרייבט ער — ווייסט נאָך ביז היינט נישט וועגן דעם אַלעם, וואָס ס׳איז זיך פאַרלאָפן אין די טויזנטער קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן״. מיט באַזונדערער סענסיוויטעט ווייזט ער אָן, ווי האַנט ביי האַנט מיט די תלינים פון געסטאַפּאָ האָבן דאָך מיטגעאַרבעט די דייטשי־שע דאָקטוירים. די מעדיצינער, וועלכע זענען במשך פון דורות געווען דער סימבאָל פון מענטשן־ליבע און הומאַנישן געדאַנק, זענען געוואָרן די געטרייע אויספירער פון דער פייניקונג און מענטשן־פאַרלענדונג.

ד״ר מאַקס ווײַנרייך, אין זיין באַרימט געוואָרענעם ווערק „היטלערס פּראָפעסאָרן״, באַווייזט, ווי שוין יאָרן פאַרן קריג האָבן דייטשישע אינטע־לעקטועלע זיך איינגעגלידערט אין די צוגרייטונגען צו די דייטשישע מער־דערייען; ווי אַזוי אַ גרויסער טייל פון די דאָקטוירים האָבן אויפגענומען די תורה פון ראַסן־האַס און מיטגעהאָלפן צו באַווירקן „וויסנשאַפטלעך״ די שפּעטערדיקע נאַצישע גרוילטאַטן.

דוואָרזשעצקיס בוך „בין הבתרים״ איז נישט קיין שטודיע, נישט קיין פאָרשונג־אַרבעט. דאָס איז אַ יחידישער רוף ממעמקים. דאָס איז אַ וואָ־רענונג פון איינעם, וואָס האָט געזען פון דער נאָענט, ווי די גייסטיקע אינ־טעלעקטועלע סביבה אין אייראָפּע איז איינגעבראָכן געוואָרן און געבליבן אָן געוויסן. דאָס איז אַ וואָרענונג פון איינעם, וואָס האָט אַליין דורכגעפילט די אויפשוידערנדיקע שטראָף (פינפאונצוואנציק שמיץ אויפן נאַקעטן לייב), וואָס ס׳האָט אים צוגעטיילט אַ דייטשישער דאָקטאָר, אַ „פאַך־קאָלעגע״, פאַרן געבן הילף אַ פאַרפייניקטן, גוססדיקן ייד אין לאַגער.

דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון קורצע עסייען, געדאַנקען, באַטראַכטונגען, שטימונגען און שילדערונגען. אין פלוג זעען זיי אויס ווי עקספּראָמטע, נישט פּלאַנירטע אַרבעטן. און אפשר איז גוט אַזוי, ווייל גראָד דורך דעם

זעען מיר עכטער און פילן נענטער דעם מענטש פון ווילנער ייִדישקייט, דעם היינטיקן מעדיצינער מיט דער ירושה פון דער ווילנער פאָלקסטימ־לעכקייט. מיר לייענען די קאַפּיטלען און פילן זיך אַזוי אייגן מיט דעם לעבן אין געטאָ, מיר שפּירן אַזוי נאָענט די עצבות פון געטאָ, די אימה, די גע־דאַנקען וועגן לעבן און אומקום, וועגן פאָלק און וועלט, די שניידיקע טענות און די קנאַפּע הייטערע שעהן, וואָס שיינען אַמאָל אויף אין דער אַרומיקער חשכות. מיר קאָנען נאָכגיין און מיטפילן די שטילע פרייד און דעם אומעט פונעם מחבר אין זיין ערשטן טאָג אין דער אייגענער היים.

מיר ווייסן וואָס ארץ־ישראל האָט באַדייט פאַרן רוב פון אומגעקומע־נעם ייִדישן פאָלק אין אייראָפּע. פאַרמאָגן טאַקע אַזאַ שטימונג יענע שטעלן אינעם בוך, וועלכע ברענגען אַרויס די ארץ־ישראל־בענקשאַפט ביי די געטאָ־און לאַגער־ייִדן:

„אַז איך וועל אַרויס — זאָגט איינער פון די לאַגער־ייִדן — אַז איך וועל אַרויס פון דאַנען, וועל איך אַוועק נאָר צווישן ייִדן. איך וועל קענען רעדן צו יעדן איינעם און איך וועל זיך פילן פריי נאָר דאַן, ווען איך וועל קאָנען רעדן צו יעדן איינעם מיט מיין שפּראַך און זינגען אַ ליד אין מיין שפּראַך, און פריי וועל איך זיך פילן נאָר דאַן, ווען איך וועל קאָנען זאָגן זיך אַליין און דעם צווייטן: איך בין ביי זיך, אין מיין היים״.

„בין הבתרים״ איז אַ בוך פון אונדזער צייט, וועגן פּראָבלעמען און גע־דאַנקען פון אונדזער צייט. אַפילו דער פּאַטאָס, וואָס באַגלייט אָפט די שיל־דערונגען און באַטראַכטונגען, פאַרמאָגט דעם נאָגנדיקן טרויער און די שטילע חדווה פון אונדזער היינט.

# יחיאל גראַנאַטשטיין

„איך האָב געוואָלט לעבן" — איז דער נאַטירלעכער און נאָרמאַלער כוח, וואָס האָט געטריבן י. גראַנאַטשטיינען צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער יידישע יונגעלייט זיך צו דערשלאָגן צום וואַלד, זיך דערשלאָגן צו די, וואָס קעמפן קעגן די פּאַרטיזאַנער. אָבער אפשר צום שטאַרקסטן האָט באַוועל־טיקט דאָס געפיל פון נקמה, דער ווילן כאָטש מיט עפּעס אָפּצאָלן די מער־דער פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פון זייערע נאָענטסטע, פאַר די חרובע היי־מען, פאַרן חרוב געמאַכטן לעבן. טאַקע דאָס דאָזיקע געפיל קומט אָן אַן ערך שטאַרקער און בולטער צום אויסדרוק ווי דער דראַנג און ווילן אויפצוהאַלטן דאָס אייגענע לעבן. וואָס פאַר אַ ראָלע און ווערט האָט געהאַט דאָס אייגענע לעבן אין אָנבליק פון אומקומענדיקן אַרום? האָט טאַקע דער יידישער פּאַרטיזאַן גענומען אויף זיך מיט אייפער די שווערסטע אויפגאַבן, האָט אין אים טיפער געווירן דער רוף צו נקמה, איינצוברעכן מיט וויפל ער קאָן און מיט וואָס ער קען די מערדערישע נאַצי־מאַשין.

וויפל עס זענען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן באַשרייבונגען און זכרונות, טאָגביכער און דערציילונגען פון יענער צייט, איז נאָך ביז היינט נישט אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין זיין פולן פאַרנעם די ראָל פון אַקטיוון יידישן ווידערשטאַנד. ס׳איז אייגנטימלעך פאַרן יידישן יחיד און פאַרן כלל, ווי ס׳איז כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן פאָלקס־געמיט, צו פלעגן און צו פאַרהערלעכן אַלעמאָל און אומעטום די פּיין און יסורים פון פאָלק, די ליידן און קדושה, און צו פאַרזען, אָדער נישט גענוג דערזען די עקשנות און העלדישקייט, די געוואַגטקייט און קעמפערישקייט, וואָס יידישע זיין האָבן געוויזן. ס׳איז גאָר קיין ספק נישט, אַז די עפּאָפּייע פון יידישן ווידער־שטאַנד, פון דער יידישער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג אין דער תקופה פון אונדזער לעצטן חורבן, פאַרנעמט נישט דאָס געהעריקע אָרט אין דער געשיכטע פון יידישן קאַמף און געראַנגל. און דער דאָזיקער שטח איז דאָך

נישט נאָר וויכטיק פאַרן אַלגעמיינעם בילד, ווי ס׳האָט געלעבט און גע־קעמפט דאָס יידישע פאָלק אין דער פינצטערער נאַצי־צייט, נאָר איז אויך פון אומגעהויערער חשיבות פאַר דער געשטאַלטיקונג פון אונדזער גייס־טיקן און נאַציאָנאַלן קיום.

בעת מיר קומט אויס צו באַגעגענען יחיאל גראַנאַטשטיינען אויף שריי־בערישע צוזאַמענטרעפן און מסיבות און איך זע זיין באַשיידענע באַנעמונג, זיין צוריקגעהאַלטנקייט, טראַכט איך אָפט: ווי איז עס מעגלעך געווען פאַר אָט דעם שטילן מענטש דורכצוגיין אין אַזאַ אומאויפהערלעכער גע־שפּאַנטקייט אָט דאָס, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען אין די וועלדער, פּוש־טשעס, אין די באַרימטע בלאָטעס פון פּינסקער און פּאָלעסיער געגנט. און הגם מיר ווייסן שוין פון לאַנג, אַז גראָד גייסטיק־אַנטוויקלטע מענטשן זע־נען ביכולת מיט מער אויסדויער אויסצוטראָגן פיזישע שוועריקייטן און פּרעונים, און באַזונדער די, וואָס זענען רעליגיעז געשטימט — איז מיר דאָך אים שווער צו קאָנפראָנטירן מיט דעם „פּיליפּ״ פון וואַלד, מיט דעם פּאַרטיזאַן, וואָס האָט דורכגעפירט די געוואַגטע טעראָר־אַקטן, מיט דעם נקמה־דורשטיקן ייד אין וואַלד, וועלכער האָט אויסגעשטאָכן די אויגן פון דעם געכאַפּטן נאַצי־אָפיציר...

שוין פון די ערשטע זייטלעך אינעם בוך שפּירט מען אַרויס די אומ־מיטלבאַרקייט און דעם וואַרעמען אָטעם פון מחבר. ער מאָלט פאַר אונדז אַ נייעווירקלעכקייט אין די געדיכטע וועלדער און זומפּן, די ווירקלעכ־קייט פון העלדן און געיאָגטע. אין דער נאַטירלעכער פּראַגמענטאַרישקייט, אין וועלכער דאָס בוך איז געשריבן, וויקלט זיך אַרויס דאָס לעבן פון דער פּאַרטיזאַנער־מחנה; קומען אויף יחידים און גרופּעס מענטשן פון פאַר־שידענע אָפּשטאַמען און מענטאַליטעטן. און אָט צווישן די רויע און אכזריות־דיקע אוקראַינער, ווייסרוסן, צווישן די, וועלכע האָבן זיך מיטאַמאָל דער־פילט פרייע און אומגעצוימטע, און ביי וועמען ס׳האָט זיך אָפּגערופן און פאַנאַדערגעשפּילט די אַמאָליקע פיינדשאַפט צום ייד, — גייט אַרום דער יידישער פּאַרטיזאַן מיט אַ צעוווּנדיקטער נשמה, מיט זיין פּיין. ער איז געבליבן איינער פון די לעצטע, איינער פון זיין גרויסער משפּחה, אַ לעצ־טער פון זיין שטאַם.

נאַטירלעך און געטריי זענען צוזאַמענגעפלאָכטן דעם מחברס מחשבות,

זיין טיפער אומעט, זיין בענקעניש צוזאַמען מיט דער שטילער פרייד, וואָס גייט־אויף ווען מ׳דערזעט, ווי אונטערגעלייגטע מינעס האָבן געטאָן זייערס און ס׳פליען אין דער לופטן באַן־שינעס, ס׳פליט געוועזר פון די מחבלים און ס׳צעשפּרינגען די אָנגעפּרעסענע גופים פון די נאַצי־לייט. ס׳איז אַ מאָדנע פרייד פון אַן אומגליקלעכן ייד אין אַ וועלט פון כולו רשעות.

אָבער אויך אין דער טעמפּער און בלינדער וועלט, אין דעם רויען אַרום, ווערט אָפּגעפרישט דאָס געמיט און דער גלויבן אין מענטש, ווען מ׳דער־פילט נעבן זיך אַ נאָענטן, אַן אייגענעם; הגם אַ ווייטן פון ספּערע און שטאַם, אָבער אויך אַזאַ בענקענדיקער און אַ האַרציקער. אַזאַ איז זיין רוסישער חבר מישאַ. גראַנאַטשטיינס שילדערונג פון אָט דעם תמימותדיקן און ערלעכן דאָריפשן בחור, די שמועסן און „פילאָזאָפיעס״ פון אויפריכטיקן דאָרפס־מענטש, זיינע ווייטיקדיקע לעכצענישן נאָך זיינע נאָענטע, נאָך דער היימישער כאַטע, נאָך זיין כלה מאַרוסיאַ, און דער עיקר — נאָך דער האַרמאָשקע, אַ וווּנדערלעכע האַרמאָשקע, צו וועלכער ער האָט יאָרנלאַנג גע־שטרעבט און וועלכע ער האָט געקויפט אינגאַנצן מיט אַ וואָך פריער, איי־דער ער איז אַוועק אויף דער מלחמה — אָט די שילדערונגען זענען באַ־גלייט מיט אַזאַ ליריש־דערציילערישן טאָן און מיט אַזאַ וואַרעמקייט, אַז די קאַפּיטלען לייענען זיך ווי גוטע בעלעטריסטישע פּראָזע.

דאָס שווערע און סכנה־פולע לעבן אין וואַלד, דער פּחד פאַר כסדרדיקע דייטשישע לויערונגען און דער געדריקטער געמיט־צושטאַנד, אין וועלכן דער מחבר געפינט זיך, נעמט ניט אַוועק פון אים דאָס געפיל פאַר נאַטור־שיינקייט: פאַרן מאָרגן־געזאַנג פון פויגל, פאַר טויאיקער פרישקייט און פאַרן צעצונדענעם זון־אונטערגאַנג. אָפּטמאָל בלייבסטו פאַרחידושט ווי אין אָט דער מידער און אָנגעשפּאַנטער אַטמאָספער קומט אויף ווי אַ ליב־לעכער, צאַרטער שמייכל אַ פּייזאַזש־שילדערונג, אַ בילד מיט דער גרינקייט פון אַלטן סודותפולן וואַלד.

גראַנאַטשטיין פאַרמאָגט אַ מעלאָדישע שפּראַך, ער האָט פּינקטלעכע אויסדרוקן, ער איז פון די שרייבער, וואָס קענען אין דער קורצער שורה אַרויסברענגען דעם עיקר. און טאַקע אין די קורצע איין און צוואַנציק קאַפּיטלען פון בוך האָט ער אַרויסגעבראַכט זיינע איבערלעבונגען און רעפלעקסיעס, זיינע מחשבות און שטימונגען. ער פירט אונדז אַריין אין

דעם לאַבירינט פון פּראָבלעמען פון וואַלד־לעבן, פּראָבלעמען פון קעמפער אין וואַלד. מיר באַקענען זיך מיט דער גרויער מאַסע פּאַרטיזאַנער, מיט די אָנפירער און פּאָליטרוקן, מיט העלדן און פּחדנים, מיט צעהפקרטע יונגען, מיט אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרן קומען אין וואַלד שוין באַוויזן זיך אויסצולערנען די מלאכה פון רויבן יידן. איינס פון די קאַרדינאַלע פּראָב־לעמען, וועלכע גראַנאַטשטיין ברענגט אַרויס אין זיין בוך איז דאָס פּראָב־לעם פון אַנטיסעמיטיזם אין דער פּאַרטיזאַנער־מחנה. ווי אַ גרונט־מאָטיוו גייט דורך אין דער באַשרייבונג די בלוטיקע שנאה צו יידן און צום יידישן מיטקעמפער, צום יידישן פּאַרטיזאַן. גראַנאַטשטיין שילדערט גרויליקע סצענעס, באַזונדער אין דעם ערשטן יאָר פון זיין געפינען זיך אין וואַלד. אַנטיסעמיטיזם אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג איז שוין אַ באַקאַנט טרויעריק קאַפּיטל (מ. קאַהאַנאָוויטש אין זיין בוך „מלחמת הפרטיזנים היהודים במזרח אירופּה" ווידמעט אַ גרויס אָרט דער פּראַגע און פּרוּווט באַווייזן די סיבות און גורמים פון אַנטיסעמיטיזם אין וואַלד). גראַנאַטשטיין גיט זיך, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּ מיטן אַנאַליזירן אָט דאָס פּראָבלעם, ער ברענגט נאָר די ווייטיקדיקע פאַקטן פון מערדעריי און אַכזריות לגבי די יידישע מיטקעמפער. און אויף וויפל מיר זאָלן נישט קאָנען פאַרשטיין און פילן די באַדינגונגען פון שוצלאָזיקייט, אין וועלכע דער יידישער פּאַר־טיזאַן האָט זיך אָפּטמאָל געפונען — איז דאָך שווער צו באַנעמען ווי אַזוי אָט די געוואַגטע יידישע יונגעלייט, וועגן וועלכע גראַנאַטשטיין דערציילט, האָבן זיך געלאָזט אַזוי דערנידעריקן און אויסמאָרדן פון די, מיט וועלכע מ'האָט צוזאמען געקעמפט קעגן „געמיינזאַמען שונא".

נאָר ווייזט אויס, אַז בכדי דאָס צו פאַרשטיין דאַרף מען טאַקע אַליין זיין אַ ייד פון וואַלד.

## מ. קאַהאַנאָוויטש

מיר ווייסן, אַז אין יעדן אומגעקומענעם ייד איז געווען אַ ניצוץ פון גבורה, אַ פונק פון אַלט־פאָלקישן מסירת־נפש, און וואָלט געווען די מינדסטע מעגלעכקייט פון אָפענעם קאַמף, פון פנים אל פנימדיקן געראַנגל מיט די נאַצישע פאַרלענדער, וואָלט דער אויסגאַנג פון מזרח־אייראָפּעישן יידנטום זיכער געווען אַן אַנדערער.

אָבער דאָס זענען דאָך נישט מער ווי טראַכטענישן אין אָנבליק פון יידישן חורבן. אין דער סאַמער בייזער נביאות האָט דאָך קיינער נישט געקאָנט פאָרויסזען דעם טאָטאַלן אומקום פון ייִדיש־פאָלק אין אייראָפּע.

זוכן מיר טרייסט אין די בלעטער פון פייןּ, זוכן מיר דערהויבונג אין די פינצטערע און אין יסורים־אָנגעפּילטע טעג. קומען אויף: שפּליטערן, פונקען, אויפשטראַלן פון יידישע ווידערשטאַנד־אויפטריטן, פון יידישער עקשנות און גבורה — די יידישע פּאַרטיזאַנער, די קעמפער אין די געטאָס, אין די לאַגערן און קאַצעטן, און הונדערטער, הונדערטער אין די וועלדער, וואָס האָבן אין די חושכדיקע און פּיינטלעכע באַדינגונגען אויפגעפלאַקערט מיט שטאָלץ און אויפגעהויבן דעם כבוד פון ייד און מענטש.

ווי אויסטערליש און אומפאַרשטענדלעך דאָס זאָל נישט זיין, אָבער אזוי איז עס געווען — יידן זענען געווען פון די ערשטע פּאַרטיזאַנער. דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ איז געקומען פריער, ווי דער פּוילישער אונטערערד איז אַרויס צום אָפענעם קאַמף. אין דעם אָקופּירטן פראַנקרייך זענען יידן אויפגעטראָטן ווי די אָנזאָגער פון דער שפּעטערדיק־באַרימטער „מאַקי״־באַוועגונג. אין די וועלדער און פּושטשעס פון ווייסרוסלאַנד האָבן יידן — יחידים און גרופּעס — זיך געזאַמלט, נאָך איידער ס׳זענען געקומען די באַוואָפנטע און גוט־אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן.

סאיז מיר שוין אויסגעקומען צו לייענען די אַרבעטן פון משה קאַהאַנאָוויטש: זיין זאַמלונג וואָס איז דערשינען אין איטאַליע, שפּעטער, אַ מער

אויספירלעכע אַרבעט, אין העברעיש. איצט האָבן מיר פאַר זיך זיין גרונ־טיק צוויי־בענדיק ווערק „די מלחמה פון יידישע פּאַרטיזאַנער אין מזרח־איראָפּע״.

די משונהדיקע און בלוטיקע צייט האָט אונדז מזכה געווען מיט מערק־ווירדיקע זאַמלונגען. און מאָדנע, אויך זיי קייטלען זיך ווי איינס אין דאָס אַנדערע און באַקומען גאַנצקייט, ווי אַ מין שלימותדיקייט פון אַ היינט־צייטיקן תלמוד. ד״ר מאַקס ווײַנרייכס איבערראַשנדיק ווערק „היטלערס פּראָפעסאָרן״, די זאַמלונגען פון דאָקומענטן פון יוסף וווּלף און לעאָן פּאָ־ליאַקאָוו, מיכאל באָרוויטשעס דריי בענד „אַרישע פּאַפּירן״ — זענען ווערק, וואָס שילדערן בעיקר דעם רוצח, זיינע מעשים, זיינע פּלענער צו פאַר־שקלאַפן די וועלט און אומברענגען דאָס יידישע פאָלק. ווי אַ לויטערער טרייסטנדיקער מאָטיוו קומט דאָ אַריין דאָס בוך פון משה קאַהאַנאָוויטש, וואָס שילדערט פאַר אונדז ווי די הונדערטער יידישע יוגנטלעכע, זין פון המון־עם, יידן פון שטעט און שטעטלעך האָבן געראופן צו פאַרטיידיקונג, צו נקמה, און האָבן גענומען נקמה...

מיר זענען נאָך צו נאָענט צו יענע טעג, בכדי צו קאָנען ווי געהעריק אָפּשאַצן דאָס העראָישע און רומפולע, וואָס האָט געשטעקט אין די טאָטן פון די האַרציקע יידישע פאָלקס־מענטשן. מיר לייענען וועגן די צענדלי־קער און הונדערטער שטילע העלדן, וועגן זייער לעבן, קאַמף און געראַנגל אין די וועלדער. דורך אָט דער אַרבעט פון קאַהאַנאָוויטש זעען מיר זיי נישט ווי פאַראיינצלטע, אָפּגעריסענע, באַזונדערע, נאָר זיי גייען אויף פאַר אונדז ווי אַ גאַנצע, באַוווּסטזיניקע מחנה.

דאָס לעבן און קאַמף פון יידישן פּאַרטיזאַן איז געווען אַרומגערינגלט מיט א שלל פון פּראָבלעמען, וואָס פאַר דעם נישט־יידישן פּאַרטיזאַן האָבן זיי כמעט ווי נישט עקזיסטירט. שוין אָפּגערעדט, וואָס זיין מערכה אָלס ייד אין דעם נישט־יידישן אַרום איז געווען גאָר אָפּט שווער און קאָמפּליצירט, האָט דאָס אַרויסרייסן זיך פון דעם אונטערגייענדיקן און פאַרפּייניקטן געטאָ, געמאַטערט און געמאָנט: די איבערגעלאָזטע נאָענטע, די זאָרג פאַר זיי, דער קאָשמאַר פון דעם וואָס ס׳געשעט דאָרט. דאָס האָט אי דערדריקט דאָס געמיט, אי געשפּאַנט, שאַרפער און גרייטער געמאַכט דעם קאַמפּס־ווילן.

דער יידישער קעמפער אין וואַלד האָט אויסער די אַלגעמיינע שווערע באַדינגונגען, וועלכע דאָס וואַלד־לעבן האָט געשאַפן, פאַרמאָגט אויך זיינע באַזונדערע, ספּעציפישע פּראָבלעמען. דורך אָט דעם ווערק דערקענען מיר זיי אינעם פולן היקף. דאָס איז געווען נישט נאָר פון אָנהייב, ווען: „די יידן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין די וועלדער, בלאָטעס און קוסטאַרניקעס אין דער אומגעגנט פון די שטעט און שטעטלעך, פון וועלכע זיי זענען אַנטלאָפן — שוצלאָזע, אָן געווער, פאַרצווייפלטע, אָן האָפענונג און גלויבן, האָבן זיי אַרומגעבלאָנקעט איבער די וואַלד־רחבותן צעציטערטע פון שורשען פון אַ בוים־בלעטל...".

סיי אין דער אָפּשאַצונג פון די פּאַרטיזאַנער־אינסטאַנצן און אוודאי׳ אין דער באַציונג פון דער גרויסער, גרויער מחנה פּאַרטיזאַנער צום יידישן קעמפער איז געווען קענטיק די איינגעוואָרצלטע איינרעדעניש, אַז יידן זענען פחדנים. דאָ איז אויך צוגעקומען דער יידן־האַס און די יידן־שנאה. קאַהאַנאָוויטש באַטאָנט עס ריכטיק אינעם קאַפּיטל „אַנטיסעמיטיזם אין דער פּאַרטיזאַנקע": „דער מענטשן־מאַטעריאַל פון וועלכן עס האָבן זיך רעקרוטירט סאָוויעטישע פּאַרטיזאַנער, איז באַשטאַנען צווישן אַנדערע פון מענטשן, וועלכע זענען, קומענדיק אין די וועלדער שוין געווען רייפע, באַוווסטזיניקע אַנטיסעמיטן באַהערשט פון אַלע אַנטי־יידישע פּאַראורטיילן און שקרים".

דאָס האָט נאַטירלעך אַוועקגעשטעלט דעם יידישן פּאַרטיזאַן פאַר נייע און צוגאָבלעכע אויפגאַבן. ער האָט נישט בלויז געדאַרפט זיך אויסהיטן פונעם מערדערישן נאַצישן שונא און פון דער אינעווייניקסטער פיינטלעכער סביבה, נאָר ער האָט אויך געדאַרפט ווירקן און באַווירקן מיט זיין טאַט צו ענדערן אָט די איינשטעלונג און באַציונג.

אויף אַ געטרייען אופן ברענגט אַרויס קאַהאַנאָוויטש די עפּאָפּייע פון יידן־פּאַרטיזאַנער. די ביכער לייענען זיך נישט בלויז ווי דאָקומענטן פון אַ תקופה, נאָר ווי שילדערונגען פון אַ גרויס מערקווירדיק לעבן.

יאָרן פון מיפולער אַרבעט האָט אין די דאָזיקע ווערק אריינגעלייגט דער מחבר. פון דער ערשטער זאַמל־אַרבעט באַלד נאָכן קריג ביז די סאַמע לעצטע טעג, באַרייכערט ער זיין פאָרשונג מיט נייע פאַקטן און דאָקומענטן. אויב ביבליאָגראַפיע דינט ווי א מאָס פון סאָלידקייט און גענויאיקייט

פאר אזא ווערק, טאָ לאָמיר דערמאָנען עטלעכע פּרטים, וואָס האָבן געדינט ווי מקורות פאַר דער דאָזיקער אַרבעט; קרוב צו הונדערט איינסן, ביכער, זאַמלונגען, באַשרייבונגען און פּנקסים האָט קאַהאַנאָוויטש דורכגעשטודירט. אין אָט די ביכער ווערן דערמאָנט 129 וועלדער און פּושטשעס, 688 שטעט און דערפער, 176 פּאַרטיזאַנישע און מיליטערישע איינהייטן.

די ציפערן זאָגן עדות וועגן דער טיפער אחריות און וועגן דער זעלטע־נער איבערגעגעבנקייט פון דעם מחבר, וואָס האָט אונדז געבראַכט אַ גע־טרייע שטודיע וועגן דער „מלחמה פון יידישע פּאַרטיזאַנער אין מזרח־אייראָפּע“.

1957

# אפרים דקל

אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק פאַרנעמט דאָס קאַפּיטל פון לויפן און אַנטלויפן אַ גאַנץ אָנגעזען אָרט. דאָס איז געווען בדרך־כלל אַ לויפן פון פאַרפאָלגונגען און רדיפות. אָבער אין די יאָרן פון און נאָכן צווייטן וועלט־קריג איז אויך געווען אַ לויפן, אין וועלכן עס איז געקומען צום אויסדרוק נישט בלויז דער ווילן זיך צו ראַטעווען, נאָר געהאַט אויך אַ ציל: אָנקומען קיין ארץ־ישראל, ווו עס האָט געהאַלטן אין ווערן די יידישע מדינה.

דערשלאָגן, דערנידעריקט און פאַרלוירן האָט זיך דערזען דער אָפּגעראַ־טעוועטער פון לאַגער און אפילו דער קעמפער אין וואַלד, קעגן דער נאַצי־שער חיה־רעה. אויפמאָנען זיין נאַציאָנאַלן חשבון אויפן פּלאַץ איז ער געווען שוואַך, איז דעריבער געווען שטאַרק דער דראַנג אַוועקצוגיין פון דער ערד, וואָס איז געוואָרן צו קבר און חורבן.

קאָן מען דען אויפמאָנען פאַר אומגעבראַכטע טאַטע־מאַמע? איז דען פאַראַן אַ באַצאָלונג פאַר פאַרטיליקטע קינדער? אויב קיין שטראָף איז נישטאָ און קיין באַלוינונג קאָן נישט זיין. איז דער אויספיר צו ברעכן גרע־נעצן און אַנטרינען פון דער ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט דעם בלוט פון די אייגענע.

"בנתיבי הבריחה" פון אפרים דקל, דערציילט פאַר אונדז די אויס־טערלישע באַוועגונג פון אומלעגאַלער אויסוואַנדערונג אין די יאָרן פון, און בעיקר נאָכן יידישן חורבן אין אייראָפּע. דקל ברענגט אין דעם דאָזיקן גרויסן און דאָקומענטאַלן ווערק נישט נאָר די פּרטים פון די געשעענישן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער "בריחה", נאָר אויך די אידעישע דערקענ־טעניש, דאָס גייסטיקע פּנים פון דער פּליטים־מאַסע און — די שליחים — די טוער און פירער פון "הגנה" — פון דער "בריחה".

צווישן אַנדערן זאָגט אפרים דקל אין זיין גרעסערן אַריינפיר־וואָרט צו דעם ווערק: „די ציוניסטישע און היסטאָרישע באַדייטונג פון דער „בריחה" איז אין איר עצם די צענטראַלע געשעעניש אין ייִדישן לעבן נאָך דער באַפרייונג. זי האָט עס אָפּגעראַטעוועט די שארית־הפליטה פון דער פאַלשער האָפענונג וועגן אַ מעגלעכקייט זיך ווידער איינצולעבן און זיך איינצוגלידערן אין די לענדער פון ייִדישן חורבן. ביי אָט די ייִדן איז שטאַרק געווען דער לעבנס־ווילן נאָכדעם, ווי זיי זענען דורכגעגאַנגען די גרעסטע יסורים. אָט דער לעבנסווילן האָט זיי אויפגעהאַלטן אין דער שווערער איבערגאַנגס־צייט אין די פּליטים־לאַגערן פון דייטשלאַנד.

זיי זענען ווי אויסגעשטעלט געוואָרן צו אַ פּוסטן חלל, וואָס פון אים איז נישט געווען קיין אַנדער וועג, ווי רייסן זיך פאָרויס. דאָס האָט געשאַפן דעם דרוק, וואָס האָט נישט דערלאָזט, נישט אונדז און נישט די אויסערלעכע וועלט, אָוועקצוגיין פון זייערע פאָדערונגען צו לעבן...".

און דער דאָזיקער דרוק איז געקומען פון די טיפענישן פון ייִדישן פאָלק. דער טליענדיקער פונק פון בענקשאַפט צו נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט האָט אין אָנבליק פון דער הימלאָזער ווירקלעכקייט באַקומען מער ציליבאַוווסטקייט, געוואָרן רייפער אין זיין פאָדערונג. דאָ האָט גערעדט די נויט און די לעבנס־נויטווענדיקייט. דערפאַר זענען אפשר געוואָרן מעגלעך אַלע אוממעגלעכקייטן...

אפרים דקל פאַרפיקסירט דעם העראָישן און שטורמישן אָפּשניט, וואָס די בריחה האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט ביים אַריבערברענגען די טויזנטער און טויזנטער ייִדן, וועלכע האָבן זיך נאָך דער מלחמה געפונען אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד און עסטרייך. וויפל מיר זאָלן נישט וויסן וועגן דעם קאָמפּליצירטן און אייגנאַרטיקן פּראָצעס, ברענגט אונדז דקל נייע פאַקטן, געשעענישן, וואָס נאָר דער אידעישער באַוווסטזיין פון די מענטשן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער איינציקאַרטיקער וואַנדערונג האָט זיי געקאָנט אויסטראָגן און פאַרווירקלעכן.

דקל איז געווען איינער פון די אָנפירער פון אָט דער באַוועגונג. ער איז געקומען צו דער „בריחה" מיט אַ יאָרנלאַנגער דערפאַרונג אין קאָנספּיראַציע און פאַרטיידיקונג. דאָס איז געווען ווי אַ המשך פון זיין טעטיקייט אין דער „הגנה", ער האָט די „בריחה"־באַוועגונג געזען ווי אַ רינג אין

דער קייט פון אַלײדישער זעלבסטפאַרטיידיקונג און קאַמף, וואָס ציט זיך פון די עלטסטע צייטן פון די „סאַמאָאָבראָנצעס״, „השומר״, און „הגנה״ — ביז די געטאָ־קעמפער און יידישע פּאַרטיזאַנער.

ס׳איז נישט מעגלעך אָפּצושאַצן די גענויע צאָל מענטשן, וועלכע די „בריחה״־באַוועגונג האָט אַריבערגעבראַכט אין משך פון פיר־פינף יאָר. אויף דער מאַפּע פון דער דאָזיקער וואַנדערונג צייכענען זיך הונדערטער און הונדערטער דראַמאַטישע פּאַסירונגען, עקשנות און קרבנות־גרייט־קייט, הומאַניטאַרע און מענטשלעכע באַציונג פון נישט־יידן — גרענעץ־היטער, קאָמיסאַרן און באַאַמטע; די אוממיטלבאַרע הילף, וואָס עס האָבן געגעבן די איטאַליענישע, טשעכישע און פראַנצויזישע פאָלקס־מענטשן, ווי געוויסע אַמעריקאַנער און רוסישע מיליטער־לייט.

אפרים דקל האָט אַרויסגעבראַכט אָט די וווּנדערלעכע עפּאָפּייע פון דער אומלעגאַלער אויסוואַנדערונג פון אייראָפּע. אין די צוויי בענדער „בנתיבי הבריחה״ האָט ער געשילדערט זיינע אייגענע דערפאַרונגען, איבערלע־בונגען, און ער האָט געלאָזט רעדן און דערציילן די צענדליקער און צענד־ליקער שליחים און טוער, אויף די שליאַכן פון דער „בריחה״. מיט אַ שפע פון דאָקומענטן און שילדערונגען פון עדי־ראיה האָט אפרים דקל פאַר־צייכנט אַ גרויס און וויכטיק קאַפּיטל פון אונדזער היינטצייטיקער געשיכטע.

# ד

א. מ. פוקס
משה בראָדערזאָן
מלך ראַוויטש
חיים גרינבערג
י. זרובבל
יחיאל האָפער
ד"ר י. רובין-רבקאי
משה גראָסמאַן
דוד פלינקער
חיהלע גראָבער
אהרן ברעזינסקי
דוד פינסקי

# א. מ. פוקס

מיט העכער פיר צענדליק יאָר צוריק, ווען א. מ. פוקס איז אריין אין דער יידישער ליטעראטור, איז באלד קענטיק געווען, אז ער וועט נישט גיין אין אויסגעטראָטענע וועגן, הגם זיינע טיפן זענען די זעלבע. היימיש, און באַקאַנט זענען אויך די סביבות און פּאַרלויפּעניש. זוכט שוין פוקס זיי צו געבן אין אן אנדער דערציילערישן נוסח ווי ביז אים.

זיינע דערציילונלען זענען כמעט אלע פון דער זעלבער מיליע און סביבה, פון דעם יידישן שטעטל אין מזרח־גאַליציע: האָרעפּאשניקעס, דאָרף־גייער, הענדלער, באלמעלאָכעס, וואָס די מלחמה האָט אויסגעקרימט זייער לעבן, געמאכט זיי פאר אָרעמעלייט, און זייער שווער און ביטער לעבן ווערט נאָך ביטערער און פינצטערער אנטקעגן דער שנאה, וואָס ס׳טראָגט זיך פון זייערע שטעטלשע און דאָרפישע שכנים. ס׳איז די צייט פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג. די בערעס, לייזערס און מנחמס, פוקס׳ס היימישע יידן זענען צוריקגעקומען פון פראנץ יאָזעפס חיילות מיט טשאַד אין די קעפּ און מיט שווערקייט אין די געמיטער. און אָט איז אַ נייע צרה: די רוטע־נישע סאָלדאטלעך און די אייגענע גויים פארביטערן דאָס לעבן, לאָזן נישט אָטעמען, ראַבעווען, גזלענען, די גאַנצע טעמפּקייט און רוצחישקייט איז ארויסגעקראָכן אין זייער גדלות פון דער דערגרייכטער זעלבשטענדיקייט.

פוקס פאַרפיקסירט קינסטלעריש אָט דעם שטח יידיש לעבן, ער ברענגט פאר אונדז גאַנצע, שלימותדיקע יידן מיט זייער כוח צום לעבן, מיט זייער עקשנות און ווירדיקייט. זייערע מחשבות וועלכע ווערן אויסגעברייטעט אין זייערע אָנגעכמורעטע, פארהארטעוועטע געמיטער, מחשבות וועגן אומגע־רעכטיקייט, וועגן דער פינצטערער דאָליע פונעם אָרעמאן און וועגן דער מערכה פון יידן אין דער פרעמד. און אין די רוטענישע סאָלדאַטלעך, וואָס האָבן זיך אזוי געלאָזט וווילגיין איבער די אויסגעמאטערטע שטעטלשע יידן, זעען מיר בחוש די טאַטעס פון די שפּעטערדיקע „באַנדעראָווצעס״.

מיט זעלטענער קינסטלערישער אינטואיציע שפּירט אַרויס פּוקס דעם פּסיכישן צושטאַנד פון זיינע העלדן, ער לאָזט זיך נישט אוועק אויף קיין עקסקוריעס אין פּסיכאָלאָגישע גריבלענישן, ער איז קודם־כל שילדערער. אָבער אָט אַזוי מיט אַ וואָרט, מיט אַ זאַץ קומט אויף אַ בילד, קומט אויף אַ געשטאַלט, דערקענען מיר דעם מהות פון זיין העלד, זיינע טראַכטענישן, זיין כאַראַקטער. פּוקס'ס געשטאַלטן וואָרצלען אין אַן אומעטיק גרויער סביבה, מיט אַ סך זאָרג און מיט שווערן עול און מיט אומעטיקע יידישע היימען, וואָס די לייזערס און די לייבעס מיט זייערע צעאַקערטע, אָנגעדראָ־לענע פּנימער און פאַרפאַפטע, דראָטענע בערד האַלטן זיי אויף מיט עקשנות און טראַציקייט.

פּוקס האָט אַ סך דערציילונגען פון דער גרויסער שטאָט. ער איז אַ סך יאָרן געווען אַ תושב אין גרויסע שטעט. ער האָט געוווינט אין ווין. דאָרט האָט ער דערקענט די מענטשן „פון אונטערן בריק", מענטשן באַעוולטע, פון גורל געטראָפענע, מענטשן פון אונטערוועלט און מענטשן פון האַלב־וועלט. ער האָט בילדעריש און סאַטיריש געשילדערט די אויפגעקומענע ראַבינערלעך, די פאַרזעסענע מיידלעך און די גאַליציאַנער יידן וועלכע ווילן פאַר יעדן פּרייז פאַרגעסן זייער שטעטלשן אָפּשטאַם.

אין דער גרעסערער דערציילונג „דער רויטאַרמייער", גייט אַדורך דער ווירוואַר און די שטורעם־עפּאָכע פון סוף קריג. ס'גייט אָן אַ שלאַכט צווישן די פּאָליאַקן און רויטענער, פון ביידע ליידן די יידן. אויפן פּאָן פון דער שטעטלשער צערודערטקייט, אָרעמקייט און הונגער שילדערט פּוקס אַזוי האַרציק און רירנדיק די באַציונג פון מנחמס שטוב, פון די זין און פון דער מאַמען צו דעם געקומענעם סאָלדאַט פון דער רויטער אַרמיי. אין דער דערציילונג גייט דורך אַ גאַלעריע טיפּן יידן און נישט־יידן, — יידן, וואָס די מלחמה האָט זיי רייך געמאַכט, און זיי זענען צוזאַמען מיטן פּריץ, דעם שונא־ישראל, און גויים, וואָס זעען אייַן אַז עס זענען פאַראַן יידן פּונקט אַזעלכע אָרעמעלייט ווי זיי. די שטעטלשע יוגנט האָפט, אַז אָט־אָט וועלן קומען יענע, וואָס ברענגען מיט זיך גלייכהייט און אחדות... און דאָס בילד ווי מ'פירט דעם רויטאַרמייער צו דער תליה איז אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל מענטשלעכן צער, און עס דאַכט זיך אַז מיט זיין טויט ווערן אָפּגעשטאָרבן אַלע האָפענונגען.

אייגע פון די כאַראַקטעריסטישע דערציילונגען איז „די נאַכט". אַפילו פּאַר פוקס׳ס המונישע יידן, וואָס שרעקן זיך נישט אָפּ פאַר צעיושעטע גוֹיים, איז דער העלד פון דער דערציילונג אַ ביז גאָר געוואַגטער טיפּ. ס׳ברענט אין אים נישט נאָר דער ווייטיק אויף דער פאַראומגליקלעכטער טאָכטער, וואָס דער רוטענישער קאָמענדאַנט האָט איר אין אַ פאַרנאַכט פאַר־שלעפּט און פאַרגוואַלדיקט, נאָר בכלל די גליאיקע שנאה צו ד ע ם רשעות וואָס צעקאַליעטשעט די וועלט. די מלחמה האָט אים שוין אינגאַנצן צעטריי־סלט, לייבען, דער דלות אין שטוב לאָזט זיך נישט לייכטער מאַכן מיט זיין האָרעוואַניע, אָבער ער איז מפקיר די פיר קינדער מיטן ווייב — ער מוז אויפמאָנען די עוולה.

די קאַנוועע אויף וועלכער פוקס שילדערט איז תמיד אַ ברייטע. זיין קאָמפּאַקט בילד פירט אונדז תיכף אַריין אין זיין סביבה און אינעם געווירבל פון די געשעענישן און דערנענטערט צו זיינע טיפן און פאַרשוינען. און דאָס אַלץ דערגרייכט ער מיט זיין לויטערער שילדערונג און מיט זיין אייגנ־דיקער שפּראַך.

די דערציילונג „די נאַכט" מיט איר האַרבן און דראַסטישן אינהאַלט טראָגט אין זיך פוקס׳ס קרעפטיקע, פאַרביקע בילדערישקייט און די דינסטע פיינקייטן פון זיין קינסטלערישן וואָרט. פוקס׳ס שפּראַך־געפיל און מייסטע־רישער ווערטער־אָפּקליב מאַכן ניי און פריש אפילו באַקאַנטע האַנדלונגען און קאָנפליקטן.

שוין אין אָנהייב גייט אויף אַ פול בילד פון מענטש און סביבה: „...טונקל פאַרגליווערט אין אָוונטלעכן דעמער, איז דער שוואַרצער לייבע געשטאַנען אָנגעבויגן ביים פּריפּעטשיק, דעם געלאַטעטן טיזליק אויפגעהאָנגען אויף איין אַקסל, דעם שווערן האָריקן קאָפּ מיטן פוטערנעם היטל אַרונטערגע־שטעקט אונטערן געזימס פון קוימענדעכל, און ער האָט געגעסן פון א גרויסן ערדענעם טאָפּ, וואָס איז ענלעך געווען צו זיין פּנים. זיין צעקנאָ־דערטע באָרד האָט זיך געהויבן און גענידערט אַזוי, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס אַ גרוילעכער פויגל היפּט דאָרט אין דער סאַדזשעדיקער פינצ־טערניש אונטערן פּריפּעטשיק... אָפּגעגעסן, האָט לייבע פאַרבונדן דעם טיזליק מיט אַ שטריק, גענומען דעם קרומען סענקאַטן שטעקן און איז אַרויס אין דרויסן. אין פאַרטייעטן אָוונט־טונקל האָט דער שניי געבלאַנקט

מיט עפּעס אַ פאַרדעכטיקן גלאַנצל ווי אַ שאַרף פון אַ מעסער. דאָס פּראַסטיקע שטומשווייגן האָט שווער געגאָגט דעם פאַרצערטן אָטעם פון דער שלייכנדיקער באַכט...״.

און אַזוי־אָ זענען זיי אויס די העלדן פּוקס׳ס, די לייבעס און לייזערס און שלום־בערס די דאָרף־הענדלער. אַזוי האַמעטנע און דומפּיק־שווער טראַכטן זיי — ווי זיי וואָלטן זייערע רעיונות אויסגעטראָגן אין די אויסגעהאָרעוועטע גופים, אָבער אַז זיי טראַכטן שוין דורך און באַשטימען, וועט זיי שוין גאָרנישט אָפּהאַלטן פון אויספירן עס. פּוקס קען ווי זעלטן ווער די אַלע פאַרשוינען, זייערע מחשבות און מעשים, זייער פאַרגאַנגענהייט און זייערע איצטיקע טווּנגען.

לייזער, שלום־בער און לייבע, דאָס זענען די שטילע אָרנטלעכע עם־הארצים, זייער האַמעטנעקייט און פרומקייט האָבן זיי געירשנט פון די טאַטעס — אויך אַזעלכע, וואָס ביי זייער גאַנצן שפלן מצב האָבן זיי קיין עוולה נישט געקאָנט פאַרטראָגן.

נאָך לאַנגע און אָפּטע אויספרעגענישן דער טאָכטער נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל, אַזוי ביז טיפן ווייטיק: — „ווען איז דאָס געווען רבקה, האַ? וואָס זאָגסטו? דערצייל נאָר!״. און פון געדיכטער נעפּלדיקער טראַכטעניש באַ־פעלט לייבע זיין ווייב, דער לייבעכע (ביי פּוקסן הייסן די ווייבער אויפן מאַנס נאָמען), „נעם אַראָפּ דעם זאַק פון בוידעם און שוין...״. און דער נאַראַטאָר גיט צו: „דאָס איז נישט געווען קיין געוויינלעכער זאַק פון מעל, קאַרטאָפל אָדער תבואה. ער איז געווען שוואַרץ, שטאַרק, זייער גרויס און עפּעס אומהיימלעך קלעפּיק ווי פאַרטריקנט בלוט״. אין דער דאָזיקער גע־שפּאַנטער שטימונג פון נקמה־דורשט און אימה, פילן אַלע, אַז דער טאַטע גרייט זיך צו עפּעס. אפילו דאָס יינגל ברוכל שפּירט עס, בעת דער טאַטע זאָגט אים אָן מיט האַרץ: „זיי אין שטוב מיט דער מאַמען און מיט די קינדער, הערסט, ברוכל...״.

אַ שיינע סצענע איז, ווי לייזער, איידער ער גייט אַוועק צום קאָמענ־דאַנטל, טרעט אָפּ אין דער היים פון זיין שוועגערין, דער מנחמקע זיך צו דערוויסן אַביסל נייעס. דער נייעס־ברענגער איז יאָסל, מנחמקעס זון. ער צעכראַבעט זיך אין אייגענער בריהשקייט, אין די פּעטש, וואָס ער האָט געגעבן האַוורילקען דעם סטראַזשניק, ער טיילט פּעטש, יאָסל. נאָר די

מאַמע, די מנחמקע, האַלט אים אָפּ — „שוין, ס׳איז אים שוין אַריין די ברכה אין די פּעטש אויכעט... ביסט אַ מבין?". פוקס לויכטנדיקער הומאָר, ווי אַ לייכטער פרילינג־ווינט גיט אָנגענעם אַ לאַשטשע, פרישט אָפּ, מאַכט לייכטער די אָנגעכמורעטע שטימונג.

דער פינאַל פון דער דערציילונג איז קלאָר. לייבע פּאַקט אַריין דעם רוצחישן קאָמענדאַנטל אינעם טיפן זאַק און טראָגט אים אַוועק צום קריי־ליוויצער שטיינבאַרג, און דאָרט, אין אַ פינצטערן שטיינלאָך וואַרפט ער אים אַריין... „פויערים פון דער געגנט פלעגן אַהין אַראָפּוואַרפן די פּגרים פון בהמות און הינט...".

אָט די געזונטע, ווירדיקע יידישקייט האָבן מיר אויך אין אַנדערע דער־ציילונגען. אָט דער מאָטיוו איז אויך פאַראַן אין די דערציילונגען „דער לאַנדשטורמאַן", „דער אָפּגרונט", „די דעמבענע טיר".

די צוויי דערציילונגען „דער טויט פון אַ פערד" און „דער לעצטער וועג" קאָנען זיך זיכער פאַרגלייכן מיט די בעסטע דערציילונגען וועגן בעלי־חי אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָ דערשיינט פוקס ווי אַ גרויסער קענער און דערקענער פון חיות. אויפן ברייטן לייוונט פון וואַלד־פּייזאַזש מאָלט פוקס פרעכטיקע בילדער פון געראַנגל פונעם פערד מיט זיין אייביקן בלוטיקן שונא — דעם וואָלף.

ס׳איז שווער געגנוי צו דעפינירן וואָס פאַר אַ מין דערציילער א. מ. פוקס איז. ער איז ליריש און קאָנקרעט, ער פאַרמאָגט שטראַלנדיקן אמתן הומאָר און טיפן מענטשלעכן אומעט, און עפּעס אַ בייזע גאַליקייט פאַרמאָגן זיינע געשטאַלטן. אָפּגעפּסקנט האָט מען, אַז ער איז אַ רעאַליסט און אז זיין רעאַליזם דערגייט צו נאַטוראַליזם. אָבער אז מען פרוווט געגנוי אנאַליזירן זיינע שאַפונגען, קאָן מען קומען צו אַן אַנדערן אויספיר. קלאָר איז נאָר, אז ער איז א דערציילער מיט אַן אייגענעם סטיל, מיט אַן אייגענעם דער־ציילערישן לשון, אז ער איז זיכער איינער פון די אָריגינעלסטע נאַטור־שילדערער אין דער יידישער בעלעטריסטיק.

# משה בראָדערזאָן

נאַ זע!... טאָ קוק אויף אַלץ זיך אום אַרום.
איך זוך מיט אַלע חושים... מיט אברים רמ״ח איך זוך.
און ס׳שלאָגט דאָס האַרץ — אַ שלאָגן שטום...
ווײַ־ווײַ, איך שטיי אויף גרענעץ, פיל איך, פון צוזאַמענברוך.
אָבער ניין! ניט שטיין! איך טאָר ניט אָפּשטעלן דאָס האַרץ
פאַר צער דאָס אײַנגעדאַרטס,
וואָס אָפּשטאַרבן איז גרייט ממוכן.
איך הער ניט אויף צו זוכן
ווי אין אַ הינערפּלעטע צעטראָגן,
צו זוכן די, וואָס זייער נאָמען — ניט אַרויסצוזאָגן...

אָט די שורות האָט משה בראָדערזאָן אָנגעשריבן עטלעכע טעג פאַר זיין טויט.

ער האָט גוט געוווּסט וואָס מיט זיין יידיש־פוילן איז געשען, אָבער די באַקענטקייט מיט דער טראַגישער ליידיקייט האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט, צעבראָכן.

אַז מ׳וועט שרייבן אַמאָל די עפּאָפּייע פון יידישן לעבן אין פוילן, פון דער יידישער ליטעראַטור און קונסט, פון דעם וווּנדערלעכן אויפגאַנג פון דער יידישער קולטור אין פוילן — וועט מסתמא דאָס קאַפּיטל משה בראָדערזאָן זיין איינס פון די אינטערעסאַנטסטע. האָט ער דאָך אין די יאָרן פון יידישן קולטור־אויפגיי — צווישן ביידע וועלט־מלחמות אין פוילן — אויסגעזונגען אַזאַ מקורותדיקן, אייגנאַרטיקן ניגון. זיין ליד איז געבוירן געוואָרן אין פאַרהאַוועטן און פאַררויכערטן לאָדזש און געגרייכט צו די טויזנטער און טויזנטער, וואָס האָבן מיט ציטער געוואַרט אויף אַ ניי וואָרט און אויסדרוק.

בראָדערזאָן האָט געבראַכט אַ נייעם טאָן און אַ נייע פאָרעם אין דער דיכ־טונג, ווען אפילו דער אינהאַלט איז געווען דער זעלבער. אינהאַלט פאַר־מאָגט דאָך סיי דאָס גוטע, סיי דאָס בייזע. אפילו דאָס סאַמע טונקעלע האָט דאָך אַמאָל איר טשיקאַווען פאַרלויף. איז מיט וואָס קאָן דער דיכטער באַ־נייען, אויב נישט מיט זיין נוסח? מיט דער קינסטלערישער אידעע? מיט נייעם אויסדרוק פונעם מייסטערישן וואָרט?

מיט פיר צענדליק יאָר צוריק, ווען בראָדערזאָן איז געקומען מיט זיינע ערשטע לידער — מיט די „שוואַרצע פליטערלאַך", מיט די לידער פון „טוי" און שפּעטער מיט „פערל אויפן ברוק" און „באַגייסטערונג" — איז ער אפשר נישט מסוגל געווען משפּיע צו זיין מיט דער טעמע און מאָטיוו פון זיין ליד; דאָס איז אָבער געווען אַ גוטער אָנזאָג פון פריש דיכטערישן אויסדרוק און נוסח, פון דער שיינקייט און אויסגעגליטקייט פון יידישן וואָרט, מיט וועלכן בראָדערזאָן האָט אַזוי דרייסט עקספּערימענטירט.

היינט, ווען די דיכטערישע שאַפונג אין יידיש איז דערגאַנגען — און גראָד אין דער טרויעריקסטער תקופה אינעם לעבן פון פאָלק — צו אַזאַ פאַרטיפטקייט, דיכטערישער צעפליגלטקייט און שפּראַך־ווירטואָזיטעט, אַנטפּלעקן זיך נאָך מיט מער קראַפט די אויפטוען און די ווירקונג פון בראָדערזאָנס ליד פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער יידישער דיכטונג.

זיין שפּראַך־עשירות, זיין סימבאָליק, דער עקספּרעסיאָניסטישער מהות פון זיין ליד, זיינע מערקווירדיקע און פאַנטאַסטישע ווערטער־און קלאַנגען־פאַרפלעכטונגען, וואָס כישופן אי מיט זייער פאָלקסטימלעכער גאַמע אי מיט זייער נאָוואַטאָרישקייט, האָבן אויסגעאיבט זייער השפּעה אויפן גאַנג פון דער יידישער דיכטונג.

בראָדערזאָן איז פון די וויניקע יידישע שרייבער, וואָס שטאַמען פון גרויס־שטאָט. ער איז אין דעם יידישן פוילן. אין דעם יידישן לאָדזש גע־קומען פון מאָסקווע. ער האָט דורכגעמאַכט אין רוסלאַנד יענע יאָרן, וואָס האָבן געצויבערט מיט זייער רעוואָלוציאָנערן צוזאָג. ס'איז נאָך געווען אין וואָס צו גלייבן און ס'האָט זיך געלאָזט גלייבן, אַז ס'וועט אויפקומען אַ נייע, אַ שיינע, אַ יושרדיקע וועלט. דער גייסט פון רעוואָלוציע האָט אָנגע־שטעקט אַלע געביטן פון לעבן און אַריינגעדרונגען אויך אין דער ליטעראַ־טור און קונסט.

אין זיין ליד האָט זיך אָפּגערופן דער שטילער, אינערלעכער פּאַטאָס.

בראָדערזאָן האָט געשאַפן — בפרט אין דער ערשטער צייט — אַן אַ שיער שטימונג־לידער, יחידישע לידער פון זיין אייגן־דיכטערישער וועלט. ער איז אָבער אַלץ נענטער געוואָרן צום אַרומיקן לעבן, צו די פּאַרלויפּענישן פון צייט און סביבה. און איינס האָט אים נישט אַוועקגענו־מען פון דאָס אַנדערע. להיפך, איינס האָט גוט געווירקט אויף דאָס אַנדערע:

אויב איך בין נאָך יונג,
וועל איך נאָך מער זיך יינגערן
און אַן אויפגעפלאַמטער פון יעטוועדער פונק
פאַרליבט אין יעדן שטערן־ווונק,
פאַרליבט אין יעדן ווערטער־קלונג,
אין יעדע סודי־סודות זינגערין.

אוי, פינגער מיינע אויסגעצויגן לאַנג —
איר שטראַלט אַרויס מיין יעדן האַרציקן געדאַנק.

און אויפגעקומען זענען טאַקע שוין אין יענער צייט געדאַנקען און אי־דעען וועגן מענטש, און וועגן דער מערכה פון ייד, געדאַנקען, וואָס האָבן געבליפּט סיי מיט זייער אויסערלעכער שיינקייט, סיי מיט זייער אינער־לעכן נאַציאָנאַלן אימפּולס, מיט זייער געוואַגטער מאָנונג און פאָדערונג — צו זיין גאַנצע יידן.

איינע פון אָט די כאַראַקטעריסטישע נייע שאַפונגען אין יענער צייט איז די באַקאַנטע פּאָעמע „פּאַננאַ יוסטינאַ”, וואָס ברענגט אַרויס אַזוי פּלאַסטיש די שטילע טראַגעדיע פון די אָפּגעפרעמדטע יידן, בעיקר יידישע פרויען אין פוילן, וואָס מיט זייער גאַנצן ווילן זיך צוצופּאַסן און זיך אויס־צומישן מיטן נישט־יידישן פאָלק, בלייבן זיי עלנטע, אָפּגעריסענע, ווייטע און נישט־דערגאַנגענע:

ווו זענען זיי די טעג און נעכט, די שיינע?
ווו זענען זיי די תכלת־הימלען אויסגעלייטערטע, די ריינע?
די צאַרטע וואַרעמקייט פון די ווינטן יונג?
פאַר אונדז האָט עמיצער אַרויסגעשטעקט אַ גיפטיקע צונג.

פחדים גרויזאַם, גרויזאַמערע פרעסן
שוין וויפל אימהדיקע ביטערע מעת לעתן!
האַ, האַ די עלטער־זיידעס, עלטער־באָבעס האָבן שוין געהאַט
פאַרגעסן.
אָן יידישקייט, אָן אַלטן שטאַרקן שטאַם,
פון עבר אָפּגעטיילט מיט נייקייטן אים!
און וויפל האָבן שוין צעריסן לאַנג דעם לויזן זיידן פאָדעם,
און זענען משומדים; אמת, פאַננא, משומדים
און גרויזאַם גרויזאַמער עס פרעסן די פחדים.
און ס'טוט מיר אַזוי באַנג אייך צו דערמאָנען,
אייך פאַננא אָרימע יוסטינאַ, וואָס איר
פאַרטרערטערהייט געהערט האָט בעת די זיסטע רייד:
צוריק, צוריק דאָ פאַלעסטיני.

**און מיט באַזונדערער אַקצענטירונג רעדט און טרייסט דער דיכטער זיין אָפּגעפרעמדטער העלדין:**

מיין שוועסטער, מוט! איר זעט? איר זעט:
אין וויסטער פינצטערניש — אַ בליץ, אַ פלעמל
עס שפּאַנען שטילע קאַראַוואַנען, אַ קעמל נאָך אַ קעמל —
דער מדבר רופט, דער מדבר רעדט און בעט
מיר האָבן זיך אַליין פאַרלאָזט.
און ס'האָט געהערשט אין אונדז אַ ווילדער פראָסט!
און איצטער זעט, דער זאַמדיק מדבר גראָזט
מיר קומען שוין צוריק צו זיך דורך דעם ענוויים־בראַנד
צום ווייטן מדבר, וואָס וועט ווערן אונדזער הייליק לאַנד
אויפסניי — אויף שטענדיק שוין אויפסניי!
און מיר, מיר — אַלע פריי!

**פון אָט דער פּאָעמע, ווי פון אַ סך אַנדערע לידער פון נאַציאָנאַלן כאַראַק־טער ביז זיין דערשינענער גרויסער פּאָעמע „ייד", וואָס איז אַרויס אין פּוילן געציילטע חדשים פאַר דער מלחמה, איז געוועזן אַ צייטאָפּשניט פון**

קרוב צוויי צענדליק יאָר. בראָדערזאָן האָט געשריבן הונדערטער און הונ־דערטער לידער, אָריגינעלע זאַכן פאַר דער בינע, פּרעכטיקע קינדער־לידער, אַרויסגעגעבן זאַמלונגען און אָרגאַניזירט קינסטלער־ און שרייבער־גרופּעס אין דעם טיפּישן בראָדערזאָנישן נוסח — וואָס הייסט זוכן, פּרוּוון, עקס־פּערימענטירן, נישט שטיין בלייבן — צילן צו נייקייט, צו אַנדערשקייט פון פאָרעם.

אין אָט דער לעצטער פּאָעמע זיינער, „ייד", וואָס איז ד'ערשינען כמעט אַ יאָר פאַר היטלערס אַריינמאַרש קיין פּוילן, רעדט אַרויס די טראַגיק און די פאָרויסאָנונג פון דעם טרויעריקן, בייזן און פינצטערן, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויפן יידישן לעבן. ער, דער שפּילעוודיקער און צעזונגענער דיכטער, דערשפּירט אַזוי שאַרף דעם גורל פון ייד אין יענער ערב־מלחמה־צייט.

אָבער אויך אין יענער צייט זעט ער דעם גורל פון ייד אויפן פאָן פון מענטשן־גורל בכלל. די פּאָעמע „ייד" איז איינע פון די גרעסטע שאַפונגען בראָדערזאָנס און איינע פון די אייגנאַרטיקסטע אין דער יידישער ליטע־ראַטור.

אין איינעם אַ לעצטן ליד פון ציקל „ייד", זאָגט ער:

דאָס ווייסן מיר — און אפשר מיר אַליין עס ווייסן,
אַז כל זמן עס איז אין ערגיצן פאַראַן נאָך גרויל,
אַז כל זמן אין מי אין שווערער באַשלאָגן מענטשן קאַלטע
שווייסן —
קאָן קיין בן אדם נישט געניסן פון דעם גליק מיטן פולן מויל.

דאָס ווייסן מיר, כל זמן פאַראַן אויף ערד איז פּיין און יאָמער,
און ס'רייסט זיך נאָך פון עמעצנס האַרץ אַרויס אַן אוי —
עס קאָן קיין שלימותדיקער גליק נישט זיין — כה אמר —
אין זיין גרויסער מענטשלעכקייט — כה אמר אד'!

כל זמן אַ קינד גייט אויס פון הונגער ביי אַ מאַמעס פּוסטע
ברוסט,
וועט קיין גענוס — טון קיין שום מענטש די פּרעס צו זעט,

עס וועלן קיין שום תיקון האָבן ליידנשאַפטן־לוסטן,
און פּוסטע רייד וועט קינדיקן דער נביא און פּאָעט!

דאָס ווייסן מיר — אַז ס׳וועט נישט קומען קיין ישועה,
און קיין שבת־רו אין קיינעמס נישט געצעלט —
מיר ווייסן — אונדזער וועג עס איז אין שטענדיקן נישט רוען,
ביז אויסלייז ברענגען וועלן אַלע גאָר דער וועלט!

**דאָס איז געווען ווי אַן אָנזאָג פונעם דיכטער, משה בראָדערזאָן.**

# מלך ראַוויטש

זיי ליגן אויפֿן טיש מיינע לידער,
סאָרטירט און פֿאַרבונדן אין פּעק,
און זיי דרימלען אויך אין די ווינקלען
פֿון נישט איין ביבליאָטעק.
און איך האָב זיי פֿיינט, מיינע לידער,
און נישט נאָר מיינע נאָר בכלל.
און אַז איך ריר זיי אָן מיט די ליפּן,
איז ווי איך וואָלט געלעקט גאַל.

(„פֿון בוך „67 לידער״)

היינט גיי פֿאַרשטיי אַ דיכטער: אַ שם האָט ער, מלך ראַוויטש, ווי דער ריטער פֿון יידישער פּאָעזיע, און ליב האָט ער דיכטונג — ממש בלבֿ ונפֿש, און אַ בעל מאמין אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער שליחות פֿון דער יידישער ליטעראַטור איז ער, ווי ס׳איז גאָר זעלטן צו געפֿינען. און דאָ גאָר האָט ער פֿיינט נישט בלויז זיינע לידער, נאָר בכלל... אָבער מאַלע, וואָס אַ דיכטער, בפֿרט נאָך אַזאַ ווי ראַוויטש, וואָס אַלע זיינע שטימונגען און רעפֿלעקסיעס דריקט ער אויס אין ליד, קאָן אַלץ נישט אַרויסברענגען אין פֿאַרביטערטע שעה׳ן. אגבֿ, אַ שטיקל שליסל צו זיין דיכטערישן מהות איז עס גראָד יאָ. און אפֿשר נישט אַזוי צו זיין דיכטערישן מהות, ווי צו זיין דיכטערישן מאַניר. דאַכט זיך, אַז פֿון יענע צעשטורעמטע „כאַליאַסטרע־יאָרן״ איז ביי אים געבליבן — מער ווי ביי די אַנדערע צוויי זיילן פֿון דער „כאַליאַסטרע״ — פּרץ מאַרקיש און אורי צבֿי גרינבערג — דער ווילעריש־כאַליאַסטרישער מאַניר.

מלך ראַוויטש איז נישט בלויז אַן אָריגינעלער דיכטער, נאָר בפּירוש אַ מערקווירדיקער טיפּ אין דער יידישער ליטעראַטור. ס׳איז אפֿילו היפּש

באַנאַל, נאָר זאָגן מוז איך עס: ער איז אַ גאַנצע ליטעראַטור־אינסטיטו־ציע, מלך ראַוויטש. דער סך־הכל פון זיינע אויפטוען אין דער יידישער ליטעראַטור און קולטור, אָנהייבנדיק פון יענע אימפּולסיווע יאָרן אין וואַרשע, ביז היינט אין די אַמעריקעס, און אינצווישנצייט אויסטראַליע און נאָך אַ צאָל לענדער, וועלכע ער האָט באַזוכט — איז אַזאַ היפּשער, אַז ס׳וואָלט געלוינט אַמאָל, טאַקע באַזונדער, צו כאַראַקטעריזירן מלך ראַוויטשן ווי דעם אָרגאַניזאַטאָר, רעדאַקטאָר, רעפעריענט און איניציאַטאָר פון יידישער קולטור־שעפערישקייט.

ס׳איז ממש פענאָמענאַל ווי אַלץ לעבט ביי אים בשלימות, ווי דער אימ־פּולסיווער, דראַמאַטישער און אָפּטמאָל רוישיק־פייערלעכער דיכטער, קומט אויס מיט דעם סאָלידן און באזאכטן עסייאיסט; ווי דער איבערגע־געבענער שפּינאָזיסט איז אַזאַ בריה אין אולטראַ־מאָדערנע געזאַנגען, און ווי דער טיף־וויטיקדיקער און אייפעריקער זוכער פון יידישער מחשבה און פון יידישן המשך, איז אַזוי גאַנץ מיט זיין גאָר אָפּט פּאַטעטיש־אויפ־געשרויפטן ליד און מיט זיין פאַראַדנעם אויסגעפּוצטן לשון. אַ לשון האָט ער אַ רייכן, אַ פאַרביקן און אַ בייגעוודיקן. די שפּראַך און דער סטיל פון זיינע קורצע עסייען שאַפן אַן און פאַר זיך שטימונג. עפּעס אַן אווירא ד׳ראַוויטש טראָגן תמיד זיינע אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען.

ראוויטשעס לידער און עסייען פאַרמאָגן אַן אייגנאַרטיקן אָטעם און רעגן אָן מיט זייער אומרויקייט און מיט זייער אויפריכטיקן גלויבן. ער האָט אַנומלט, אין די מבול־יאָרן, געשטורעמט קעגן גאָט, וואָס זעט־צו די יסו־רים פון פאָלק און שווייגט, געשטורעמט קעגן די סדרי־הוועלט. ס׳האָבן שוין דיכטער פאַר אים און אויך מיט אים געטאָן דאָס זעלבע, אָבער ראַ־וויטשעס וואָרט דערהערט זיך באַזונדער, הן מיט זיין אינערלעכער אָנלאָ־דונג, הן מיט זיין פּאָעטישער שאַרפקייט.

שרייבער, וואָס קענען ראַוויטשן פון דער נאָענט, דערציילן אָפט וועגן זיין חברישער איבערגעגעבנקייט און עטישער פנימיות, באַשיידנקייט, פילבאַרקייט און איידעלער באַציונג צו שאַפערישע מענטשן. טאַקע צוליב אָט די מעלות, קודם־כל, איז ער ביכולת געווען צו פאַרפאַסן זיין דריי־בענדיקן לעקסיקאָן, וואָס צווישן זיינע קרוב צוויי צענדליק ביכער לידער, באַלאַדעס, פּאָעמעס און רייזע־באַשרייבונגען, פאַרנעמען זיי אויב נישט דעם

אויבנאָן אין מ. ראַוויטשעס שאַפונגען. — צו אַלעם ערשטן איז ער דאָך אַ דיכטער — איז לכל הפחות פון די וויכטיקסטע ווערק זיינע.

פאַר די איבער פערציק יאָר וואָס ראַוויטש איז טעטיק אין דער יידישער ליטעראַטור, איז אים אויסגעקומען — מער ווי וועמען, צו דערקענען נישט בלויז די שאַפונגען, נאָר אויך זייערע שעפער. ער איז אויסגעפאָרן אַ וועלט. ער איז יאָרנלאַנג געווען דער סעקרעטאַר פון באַרימטן יידישן ליטעראַטן־פאַריין אין וואַרשע. צו אים זענען געקומען שרייבער־אָנפאַנגער. צו אים האָבן געצויגן יונגעלייט, באַלאָדענע מיט כתבים, פון אלע עקן פוילן. ער האָט געקענט די שרייבער פון אַלטן דור און די דיכטער און שרייבער, וואָס זענען אויפגעקומען „צווישן די צוויי גרויסע וועלט־מלחמות״. אין „מיין לעקסיקאָן״, וואָס איז דורכגענומען מיט ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור און צו די, וועלכע האָבן איר געדינט און געשאַפן, שיילן זיך אַרויס צענדליקער און צענדליקער דיכטער, דערציילער, דראַמאַטורגן, קינסטלער און קולטור־טוער — דער רוב פון די, וועלכע זענען געגאַנגען דעם וועג פון יידיש־פאָלק אין פוילן. דאָס איז איינער פון די מערקווירדיק־סטע מאָנומענטן נאָך דער פאַרשניטענער יידישער ליטעראַטור און קולטור אין איראָפּע. ראַוויטש רופט זיין אָן פאָרטרעטן. אָבער דורך זיי דערקענען מיר די סביבה, דעם כאַראַקטער און אפילו די שטימונגען און געפילן פון די געשילדערטע שרייבער און קינסטלער, און הגם ראַוויטש האָט די פאָר־טרעטן געשריבן, בעת ס'איז שוין גוט באַקאַנט געווען דער גורל פון יידישן לעבן אין פוילן, זענען עס נישט קיין יזכור־אָפּהאַנדלונגען, נישט קיין הספּדים, נאָר טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיקעס און לויטערע שילדערונגען, וועלכע העלפן מיט צו צעגלידערן און באַנעמען די שאַפונגען פון די יחידים, און אויך דעם שטייגער און סביבה פון דער יידישער ליטעראַטור.

ראַוויטש ווערט תמיד פאַרכאַפּט פון אַן אידעע, פון אַ נייעם געדאַנק. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט ער זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט ארגומענ־טירן זיין פּלאַן, וועגן „צונויפשטעלן און קאַנאָניזירן אַ צווייטן תנ״ך״, (וועגן איינשליסן אין ספר הספרים די יידישע מחשבה און מעשה פון די לעצטע 2000 יאָר). און טאַקע אינעם זעלבן בוך („איינעמס יידישע מחשבות אינעם צוואָנציקסטן יאָרהונדערט״), ווו ער רעדט אַרום די נייטיקייט און די דעטאַלן פון זיין פּלאַן, ברענגט ער אויך זיין פּאָעמע „והיה באחרית הימים״ (אַ ליד פון גורל, פון שליחות און פון טרייסט) ווו ער זאָגט:

יידיש פאָלק, איך גלויב אין דיין שליחות,
כאָטש מיינע ציינער קריצן שאַרף
פון ווײ און צום הימל ביילן זיך די פויסטן.
קיין אויסוועג איז נישטאָ, ס׳איז מיטן ים,
לאָמיר אָנכאַפּן דעם רודער און פירן שטאַרקער
אונדזער שיף אין דעם וועלט־שטורעם צעברויזטן.
אָט איז דיין שליחות, יידיש פאָלק;
אין אַ וועלט וואָס איז אין שיינקייט און אין זינד פאַרזונקען,
מיט אויגן, תאווהדיק הייס־בלויע אַפּלען איינגעטונקט אין
בלוטיק־רויטע ווייסלען,
צו שרייען שמע אין איינעם פאָרט, אין איינעם פאָרט, אין
איינעם פאָרט,
דיין שליחות, יידיש פאָלק, איז דער וועלטס געוויסן אויפצו־
טרייסלען.

**אָט דעם גלויבן אין דער שליחות פון יידיש פאָלק איז שוין אַ ריי יאָרן דער גרונט־מאָטיוו פון אַלע זיינע שאַפונגען. ס׳איז אַ מאָטיוו, וואָס באַגלייט זיינע לידער, זיינע אַרטיקלען און מעדיטאַציעס. זאָגן, אַז ראַוויטש איז אָריגינעל מיט דעם מאָטיוו — קאָן מען נישט. גענוג דיכטער האָבן שוין אַרויסגעבראַכט און אויסגעדריקט זייער ביטחון און אמונה וועגן דער שליחות פון יידיש פאָלק אין דער וועלט. אָבער אייגנדיק איז ראַוויטשעס עקשנות, זיין דראַמאַטישע אָנגעשפּאַנטקייט און זיין באַזונדערע אַטמאָספער און בילדערישקייט.**

**אין דער פּאָעמע „די קרוינונג פון אַ יונגן יידישן דיכטער אין אַמעריקע״, האָט מלך ראַוויטש סובלימירט זיין אידעע, זיינע פילאָזאָפישע שטימונגען, אויסגעחלומט זיינע געדאַנקען וועגן דער מעגלעכקייט און נייטיקייט פון אויפהייבן די קרוין פון גייסטיקער יידישקייט אין דעם היינט צו טאָג גרעסטן יידישן קיבוץ, אין אַמעריקע. ראַוויטש פירט אַריין אין די י״ג פרקים פון דער פּאָעמע אַזויפיל מאָמענטן און עלעמענטן, קלאַנגען און ווידערקלאַנגען, פּאַרשוינען פון וואָכעדיקן עול און געשטאַלטן, וואָס גייען אַרום אין אויס־געחלומטער קדושה, „שבת און יום טוב״ און „וואָך געגראַמט מיט יאָך״,**

וויזיע און וואָרהאַפטיקייט, פאַרגאַנגענהייט און שטייגער. לאָמיר אָנרופן די טיטלען פון עטלעכע קאַפּיטלען אין דער פּאָעמע, וועלכע זענען טיפּיש נישט נאָר פאַר דער פּאָעמע, נאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר ראַוויטשעס אייגנ־דיקע, אויסטערלישע קעפּ, וואָס ער גיט צו זיינע לידער. דהיינו: קאַפּיטל ו׳ — „דער מוטערס וואָרטן, דער פּרץ־אָוונט, דער פּרעג־צייכן, די פייער־דיקע שלאַנג״, קאַפּיטל ז׳ — „דער לעצטער תוהו ובוהו, די אייביקע ווונד״, קאַפּיטל ח׳ — „די גאָלדענע פּאַווע, דער הילצערנער יאָד״.

ראַוויטש איז אַ דענקענדיקער דיכטער. אין זיינע פּראָזע־אַרבעטן איז ער תמיד זאַכלעך, קאָנקרעט, אַ זאַך איז ווי געוויגן און געמאָסטן. אָבער דערפאַר צעקוועלט זיך, און צעשפּאַרט זיך, און צעזינגט זיך, און קומט אויף פון אַלע וועגן, פון נעכטן און פון היינט און פון דעם אויסגעטרוימטן מאָרגן — זיין ליד, ווי ער וואָלט וועלן פּותר זיין מיט אים אַלדי אויפגאַבן און געשעענישן.

„איר יסוד — זאָגט ראַוויטש אין דעם אַריינפיר — איז אמונת און אהבת ייד. דאָס איז נישט אין סתירה מיט אמונת און אהבת־אָדם. נישט אַנטראָ־פּאָלאָגיש — נאָר אידעאָלאָגיש. און אַזוי ווי אָן יידן איז קיין יידישקייט נישטאָ — איז ממילא דאָס טליענדיקע פלעמל פון יידישקייט אַלעמאָל דאָרט, וווּ עס איז דאָ דער גרעסטער כמות־ייד. און — אַקסיאָם — וואָס מער כמות, אַלץ מער איכות. און דעריבער איז דער גראַוויטאַציע־פּונקט פון ייד־גורל היינט נישט ערגעץ אַנדערש וווּ צו זוכן, ווי נאָר אויפן אַמעריי־קאַנישן קאָנטינענט, דער פיזישער היים פון העכער אַ העלפט פון אונדזער פאָלק״.

מיר נעמען זיך נישט אונטער אָפּצופרעגן, בפרט אַז דער דיכטער זאָגט, אַז דאָס איז „אַקסיאָם — וואָס מער כמות אַלץ מער איכות״. הגם די גע־שיכטע פון אונדזער פאָלק, די געשיכטע פון אַמאָל און פון נישט ווייטן נעכטן, האָט עס נישט תמיד באַשטעטיקט. מיר אַלע אָבער ווינטשן זיך און האלטן פאַר נאַטירלעך דעם המשך און די קרוינונג פון יידישן פּאָעט אין אַמעריקע.

די פּאָעמע, טראָגט איר איבערגעלאָדנקייט און איבערגעשוומענקייט, איז אָן צווייפל אַן אינטערעסאַנטע דיכטערישע דערגרייכונג. פאַראַן אין איר וואַרעמער, מענטשלעכער אומעט, נייקייט פון בילד, פּאָעטישע שטימונג און אפילו פיינע סאַטירע פון אונדזער לעבעדיקן היינט. למשל:

און איינמאָל האָב איך (אַז מיין זון זאָל אַלצדינג וויסן) אינעם
דזשאַנגל אים מיטגענומען.
עס רופן הונדערט שרייבמאַשינקעס: גיט מיליאָנען, גיט פּאַר
ברויט און נויט און יידן־טויט,
און הונדערט יידן־מיידלעך אַלע פּערטל שעה אין הונדערט
שפּיגלען קוקן: אַכצן דירעקטאָרן
שפּאַצירן צווישן זיי אַרום, באַקליידט מיט גאָלד און זייד און
קרעכצן פון לאַנגווייליקייט.

דער זון איז יוסף בן ישראל, וועלכן ראַוויטש וויל קרוינען מיט דער קרוין פון יידישער דיכטונג און יידישן המשך אין אַמעריקע. ער ברענגט פאַר אונדז זיין יוגנט, זיין בענקעניש, זיין ליבע מיט דעם נעגערישן מיידל פון האַרלעם, און די נעגערישע שכנים פון יוספן מיט זיין מאַמען אין האַרלעם, זיין מאַמע מיט איר עלנטער אלמנהשאַפט, מיט איר זאָרג און שרעק, מיט דער ניו־יאָרקער יידישקייט. נאָר ס׳איז פּשוט אוממעגלעך אַרויסצוברענגען אפילו אַ טייל פון די טענער און געדאַנקען, וואָס באַגלייטן דעם וועג צו דער קרוינונג פון יונגן יידישן דיכטער.

ווי שרייבט דער דיכטער אין קאַפּיטל „די אייביקע יידישע צוויי־איי־ניקייט, עמוס, עדלשטאַט" (!?): „געדאַנקען בליצן אויף און אָפּ און ווערטער פאַלן גיך און שטיל אין מיר ווי ווייטע וואַסערפאַלן: / אויב יוסף האָט דעם הימלס גאָלד דערפילט אין פּראָסטן האָלץ, קדושה פון אַ קרוין אין יאָך / דאַן מעגסטו רויק זיין, אַז אָט דאָס מלכות גייסטיקע וועט אין דער עיר הבירה / פון צייטן אַלע, אַלע לענדער יידישע זיך אויפכאַפּן צום נייעם לעבן און לעבן, לעבן נאָך".

אַ גוטע כוונה פון אַ האַרציקן אמת־יידישן פּאָעט.

# חיים גרינבערג

ווען איך האָב געזען און געהערט צום ערשטן מאָל חיים גרינבערגן — און געווען איז עס אין תל־אביב — האָב איך מיך געוווּנדערט: אָט דער, איז ער? ער האָט אויסגעזען ווי אַ באַפּטיסטישער פּרעדיקער, ווי אַן על־טערער פילם־רעזשיסער, ווי אַן אינדישער מאַהאַראַדזשע, נאָר אַזוי זאָל אויסזען חיים גרינבערג, דער טיף־יידישער דענקער, דאָס האָט אַרויסגע־רופן פאַרוווּנדערונג. און עפּעס טאַקע פון זיין אָריגינעלער און אימפּאָ־זאַנטער אויסערלעכקייט איז משמעות אויך געווען אין זיין געמיט, אין זיין גייסט, אַ געמיש פון טיפער יידישקייט און וועלטישקייט, פון אוניווערסאַ־לער פאָרעם און יידישער עמקות.

אין משך פון די לעצטע יאָרצענדליקער האָבן יידישע מענטשן, יידי־שע לייענער, ווען עס האָבן פאַראינטערעסירט די פּראָבלעמען פון פאָלק און וועלט, אַרויפגעקוקט צו די צוויי פּערזענלעכקייטן פון אונדזער היינט־צייטיקייט, חיים זשיטלאָווסקי און חיים גרינבערג. נישט שייך דאָ דורכ־צופירן וועלכע עס איז פאַראַלעלן אין זייער געדאַנקען־גאַנג, זיי זענען איינע פון די אַנדערע ווייט אין זייערע מסקנות ווי אין זייער אויפפאַסונג און וועלט־באַנעם.

חיים גרינבערג איז אַלע זיינע יאָרן געווען אַ ציוניסט און איינער פון די אָנפירנדיקע געשטאַלטן און טעאָרעטיקער פון אונדזער נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן, אָבער ער איז דערביי געווען אַ גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט, אַ וווּנדערלעכער רעדנער, אַ שיין־גייסט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט טאָג־טעגלעכער פאַרטיי־אַרבעט און אין תוך איז ער געווען אַ קינסטלער. ער האָט זיך פאַרנומען מיט רעדאַגירן פאַרטיי־שריפטן, יאָרנלאַנג געווען דער רעדאַקטאָר פון „יידישן קעמפער" און פון דעם ענגלישן פאַרטיי־אָרגאַן פון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע און נאָך פריער פון אויסגאַבעס אין

העברעיש און רוסיש אין אייראָפּע. דאָס איז געווען אין איינקלאַנג מיט זיין געזעלשאַפטלעכער שליחות, וואָס ער האָט געטראָגן מיט ווירדע.

נאָך זיין טויט זענען דערשינען די בענדער געזאַמלטע עסייען „ייד און וועלט", „מענטשן און ווערטן" און „בלעטלעך פון אַ טאָגבוך". דאָס איז אוודאי נישט אַלץ, וואָס חיים גרינבערג האָט געשריבן במשך פון זיין אימפּולסיוו שעפעריש לעבן. אָבער אָט די געזאַמלטע עסייען, וועלכע ער האָט אַליין צוגעגרייט קורץ פאַר זיין פּטירה, ברענגען צום אויסדרוק נישט נאָר זיינע אידעען, מחשבות און עקספּרעסיעס, נאָר מיר דערקענען דורך זיי די גרויסע פּערזענלעכקייט און דעם צויבער פונעם זעלטענעם עסייאיסט און ליריקער.

אין זיין עסיי און אָפּהאַנדלונג, וועגן וועלכן פּראָבלעם און טעמע עס זאָל נישט זיין, פּילט זיך אַרויס די וויכקייט, וואָס אפילו זיין עלעגאַנץ פון וואָרט איז נישט ביכולת אַוועקצונעמען. עפּעס איז פאַראַן אין זיי פון דיכטערישן געראַנגל, פון קינסטלערישע ספיקות, און פון יענער רעליגיע־זיטעט, וואָס מאַכט יעדע שאַפונג בראשיתדיק.

חיים גרינבערג איז נישט געווען דער שרייבער און פּובליציסט פאַר מאַסן, הגם ער האָט עס בפירוש געוואָלט און געצילט צו דעם. נישט די טעמעס און דער סטיל פון זיין שרייבן האָבן אַלעמאָל געקענט גרייכן צום דורכשניטלעכן לייענער און דאָס איז בפירוש אַ שאָד. ווייל כמעט יעדער עסיי זיינער איז אַ מייסטערווערק פון געדאַנק און פאָרעם.

וועגן וואָס האָט ער אַלץ נישט געשריבן אין זיינע עסייען? צומבעסטן דעפינירט עס דער נאָמען פון דער זאַמלונג „ייד און וועלט". יאָ, דאָס זענען קודם־כל די אייביקע און אוודאי אויך אַקטועלע פראַגן און פּראָבּלעמען פון ייד און יידישקייט, פון יידישן פאָלק און יידישן עבר, פון יידישן גלויבן און יידישן קולטור־המשך.

ער איז געווען אַ טיף־רעליגיעזער מענטש, וואָס האָט געזוכט אויפצוהאַלטן דעם טליענדיקן פייער פון אור־יידישקייט, זי אַריינפּאַסן אין נייע פאָרמען פון גייסטיקייט. אין אַ וויכוח וועגן היינטצייטיקע יידישע ימים־טובים וואָס איז מיט אַזאַ אייפער אַנומלט אָנגעגאַנגען אין אַמעריקע, זאָגט גרינבערג: „כדי נאָכאַמאָל צו קריגן ימים־טובים, „פייערלעכקייטן", מוז אַ נייַ פייערל אין אונדז זיך צעפלאַקערן, מוזן אין אונדז אויפגעוועקט ווערן

האַלב־אַטראָפּירטע קינסטלערישע קרעפטן, מיטאָס־בילדנדיקע פעיקייטן, דער טאַלאַנט פון סימבאָליזירן זעערישקייט, אמונה, אַלץ איינס, צי נייע אמונה, אָדער, באַנייטע אמונה, יעדנפאַלס יענע קראַפט, וואָס שטייט אין הינטערגרונט פון אַלע ביז־אַהעריקע ימים־טובים, פון יעדער יום־טוב־דיקייט".

אמת, נישט אַלעמאָל דערפירט ער זיינע געדאַנקען ביזן סוף, און ער ווייזט נישט אַפילו מיט קיין אָנווונק ווו און ווי אָט די געדאַנקען און אידעען זאָלן זיך דעקן מיט טאַט, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך איינוואָרצלען אין אונדזער ווירקלעכקייט. איז עס אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס אַ סך פון די קאַרדינאַלע, עטישע פּראָבלעמען האָבן זיך נאָך ביי אים נישט געהאַט אויסגעראַנגלט? אָדער דאָס איז דער בפירושער דרך פון דענקער, וואָס וואַרפט אָן מחשבות, רעגט אָן און סטימולירט אַנדערע זיי אַריינצופירן אין לעבן?

גרינבערג איז געווען פון יענע פירער אין ציוניסטישן לאַגער, וואָס האָבן אָפּגעשאַצט די גרויסקייט און דעם באַדייט פון יידישן גלות־לעבן אויך נאָכן אויפקום פון דער מדינה. אין איינעם פון זיינע גרונטיקע און פּראַקטיקע אַרבעטן, שרייבט ער:

„ווען מיר קוקן אויף צוריק, אַז די דאָזיקע, כמעט פאַנטאַסטישע ביאָ־גראַפיע פונעם יידישן פאָלק איז געווען אַן אינהאַלטסלאָזע, אָדער אַ לאַנג־ווייליקע, אָדער אַן אומפּרוכטבאַרע, אויף די „לאַטיפונדעס" פון צייטן, פון דאַכט זיך, בלויז זכרונות און האָפענונגען, האָט אונדזער פאָלק געשאַפן אַזאַ גראַנדיעזן בנין ווי דער תלמוד בבלי, די היכלות פון קבלה און חסידות, די פּרדסים פון מיטלאַלטערלעכע פילאָזאָפיע און פּאָעזיע, די קאָלירן און אַראָמאַטן פון שבתים און ימים־טובים".

די צוקונפט פון יידישן פאָלק זעט ער אין ישראל און אַרום מדינת ישראל, ווייל די גויאישע וועלט איז זינדיק, אַ סך זינדיקער פון דער יידישער, וועלכע איז אויך באַלאַסטעט מיט שווערע חטאים..

גרינבערג האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט נישט־יידישע פּראָבלעמען, אָדער אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס האָבן אַן אומדירעקטע שייכות צום יידישן זיין און צום יידישן גאַנג. מיט זיין טיפער ערודיציע און מיט זיין שאַרף און וואַכזאַם אויג איז ער אַוועק און געגרייכט צו די וואָרצלען פון מענטש־לעכער מאָראַל און קולטור. דאָס איז נישט געווען קיין פּראָדוקט פון עמאָ־

ציעס נאָר אַ פּערמאַנענט און התמדהדיק אַריינדרינגען אין דער טיף און רייסן זיך אין די הייכן. דאָס זענען זיינע פּרעכטיקע אַרבעטן: „אויף שטויב און אַש", „הלכה און אגדה", דאָס איז „אַ בריוו קיין אינדיע", און „מענטש — און וואָס ווייטער"; דאָס זענען זיינע עסייען „מיתה נשיקה", „תפילה" און „גאַנדי אַ בן שבעים". — דאָס זענען זיינע דריי בענדער וווּנדערלעכע עסייען אין יידיש.

# י. זרובבל

זכרונות איז אַן אַלטער צווייג אין דער ליטעראַטור. גרויס איז די וויר־קונג, וואָס די מעמואַרן־ליטעראַטור האָט געהאַט און האָט נאָך ביז היינט פאַר דער אנטוויקלונג און פאַרטיפונג פון דער קינסטלערישער שאַפונג.

אין י. זרובבלס „בלעטער פון אַ לעבן" ווערן ארויסגעבראַכט די געשעע־נישן פון זיין אייגן לעבן, אָנהייבנדיק פון זיינע קינדער־יאָרן אין דער אוקראַינישער היימשטאָט, דורך זיינע וואַנדערונגען איבער כמעט אַלע וועלט־טיילן — ביז זיינע אָקערשטיקע שליחותן. דאָס זענען אָבער נישט קיין זכרונות און שילדערונגען וואָס אינטריגירן אונדז בלויז מיט דער אינטימקייט פון די איבערלעבונגען. נישט דווקא די פּאַסירונגען און ביל־דער פון דער אַמאָליקער היים, און נישט די שילדערונגען אפילו וועגן די געוואַגטע רעוואָלוציאָנערע מעשים מאַכן דאָס ווערק אַזוי טשיקאַווע און אינטערעסאַנט.

זרובבל האָט פאַר אונדז געעפנט און געשילדערט זיין גאַנג. ס'איז אַ גאַנג דורך דער דערהייבנדיקסטער און טראַגישסטער תקופה אין דער געשיכטע פון פאָלק. און הגם ער דערציילט אויסשליסלעך וועגן זיינע אייגענע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען — אָפּטמאָל אינטימע, שטילע, בשמהדיקע — זענען עס אָבער די פּאַסירונגען פון דענקענדיקן און פילנ־דיקן מענטש, דעם מענטש וואָס האָט רעוואָלטירט איינגעבראָכן די צוימען און אויפגעכאַפּט דעם נייעם ניגון פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אויפ־ריכטונג — דאָס געזאַנג פון נייעם יידישן זיין.

זרובבל איז געשטאַנען ביי די אָנהייבן פון דער נייער לערע, וואָס איז אייפעריק געשריבן געוואָרן אין זיין היימשטאָט פּאָלטאַווע מיט אַ יובל יאָרן צוריק. אָט די גרופּע יונגע און עקשנותדיקע מיט דעם פּאָלטאַווער גאון בער באָראָכאָוו בראש, האָבן נישט נאָר אויסגעדריקט זייער ווילן און שטרעבונג — זיי האָבן אויסקריסטאַליזירט און געגעבן ריכטונג די באַגערן

און בענקענישן פון יידישן פאָלקס־מענטש, געשאַפן די טעאָריע פון יידישן, פון רעוואָלוציאָנערן און נאַציאָנאַלן געדאַנק און דערמיט געקערעוועט דעם גורל פון יידישן מאַסן־לעבן אין די תפוצות.

י. זרובבל איז געוואָרן דער רעפּרעזענטאַנט און אויסטייטשער פון דער נייער פּאָליטישער שיטה אין יידישן לעבן. ער האָט געלערנט און באַוויזן ווי נאַטירלעך אָרגאַניש עס בינדן זיך עכטע סאָציאַליסטישע אידעאַלן מיט ליבע צו ארץ־ישראל; ווי אייגן עס זענען נאַציאָנאַלע קולטור און דערציונג מיט חלומות אוןווירקלעכקייט פון יידישן אַרבעטס־מענטש.

יאָרצענדליקער האָט ער איבער קאָנטינענטן און ישובים געפּלעגט די אידעען פון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן אויפגאַנג; קאָנסטרוקטיוו יידיש לעבן מיינט: ארץ־ישראל, מיינט קעמפערישע, ווירדיקע יידן אין די תפוצות, מיינט יידישע און העברעישע ליטעראַטור, יידיש טעאַטער און יידיש געזאַנג.

זאָגט מען זרובבל — קומט באַלד אויף ביי יעדן דערינערונגען, וואָס בינדן זיך מיט זרובבלס פּערזענלעכקייט. דערמאָנט מען זיך זרובבלס אַ וואָרט, אַ זאָג, אַ געדאַנק אין זיינע פּאָרלעזונגען און רעפעראַטן; דער־מאָנט מען זיך זיינע שטאָלצע פאָדערונגען און וואָרענונגען, ווי זיינע לירישע און פאַרביקע שילדערונגען פון לענדער און ישובים און בפרט זיינע שיל־דערונגען וועגן לעבן אין ארץ־ישראל. ווי וויניק־ווער איז זרובבל געווען בירגער פון גרויסן יידיש־לאַנד: רוסלאַנד און אַרגענטינע, פּוילן און אַפריקע, רומעניע און בראַזיל, ענגלאַנד און פראַנקרייך. און הגם ער ברעגט גרוסן און פאַרבינדט יידישע ישובים, איז ער אָבער קודם־כל און אַלעמאָל דער געטרייעסטער בירגער און פּאָרשטייער פון שאַפנדיקן און אַרבעטנדיקן מענטש אין ארץ־ישראל.

די הנחה, אַז פּערזענלעכע עלעמענטן פון שריפטשטעלער קומען צום אויסדרוק אין דעם אופן און פאָרעם פון שרייבן, ווערט באַשטעטיקט אין זרובבלס בוך „בלעטער פון אַ לעבן". קלאָרקייט און געבונדנקייט, אמת און ווירדיקע מאַנונג, אויסגעשטאָלטער ווילן און לירישע מעדיטאַציע, אַנגעצילטע, קעמפערישע מחשבה און שיער נישט סענטימענטאַלע שיל־דערונג וועגן בלומען און פעלדער, — דאָס זענען זיינע כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן.

וואָלט זרובבל דערציילט אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין זיין אַקטיוון, דינאַמישן לעבן, וואָלטן אפילו זיבעציק ספרים נישט בכוח געווען אַלץ אַרומצונעמען. איז אים אָבער אויף אַ גראַטעמען אופן געלונגען צו ברענגען דאָס, וואָס איז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע און מענטשלעכע, אָט דאָס, וואָס קומט פון געפיל און געמיט און רעדט צום האַרץ און געמיט. דערפאַר הייבן זיך אַרויס זיינע שילדערונגען פון דער אַמאָליקער היים און סביבה, וועגן זיינע ערשטע געראַנגלען מיט זיך, וועגן זיינע ערשטע שאַפונגען, וואָס ער האָט געשריבן אין די אַכצן חדשים פון זיין זיצן אין דער לוקישקער טורמע. זיין פּאַרטיי־טעטיקייט זעען מיר מער אויפן פּאָן פון זיינע אַקטיוויטעטן און שליחותן וואָס זענען אָן שום ספק אין איינקלאַנג מיט דער באַוועגונג, אָבער זיי וואַקסן אַריבער די ראַמען פון פּאַרטיי.

אַ סך קאַפּיטלעך אינעם בוך לייענען זיך ווי גוט פאָרמירטע דערציילונגען, מיט בילדערישע שילדערונגען און פסיכאָלאָגישע באַטראַכטונגען. ס׳קומט אויף דער מענטש און זיין סביבה, דאָס מהותדיקע און וועזנטלעכע. נישט פאַראַן צופיל דעטאַלן, הגם דער פאַרנעם פון די געשעענישן איז עלול פאַנאַנדערצושפּאַרן. אָבער זרובבל דער שרייבער ווייסט ווי און ווו צו צוימען זיך און ברענגען דאָס עיקרדיקע, און דערפון אפשר קומט די ריטמישע שפּראַך און דער פליסיקער סטיל. ווי זאָגט טאַקע זרובבל ערגעץ אינעם בוך: „באַשטעלונג, אפנים, איז גאָרנישט שלעכט, אויב זי שט׳מט מיטן אינערלעכן געמיט־צושטאַנד און באַדערפעניש"...

דערפאַר איז דאָס בוך וועגן זרובבלס לעבן אַזוי תוכיק און תכליתדיק.

## ב

### „אַ נסיעה קיין אויסטראַליע"

„אַ נסיעה קיין אויסטראַליע" איז נישט קיין בוך. ס׳איז אפילו נישט קיין סעריע אַרטיקלען אָדער רעפּאָרטאַזשן. דאָס זענען פאַרצייכענונגען פון אַ רייזע. אָבער ס׳איז אָן ספק איינע פון די אָריגינעלסטע באַשרייבונגען, וואָס איז אונדז אויסגעקומען צו לייענען וועגן דעם וייטן לאַנד און דעם דאָרטיקן אייגנאַרטיקן יידישן ישוב.

„ס׳האָט געוואָלט זיין אַ „לעצטע נסיעה״ אין דער יידישער ווירקלעכ־קייט. וואָס אַ חוץ אויסטראַליע האָב איך געהאַט אַ פּאָר מאָל אויסגעמאָסטן אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, ווי זי איז אויסגעשפּרייט אין אַלע פיר וועלט־טיילן״.

ס׳איז אַפילו היפּש קשה ווי אַזוי זרובבל, דער אייביק אימפּעטדיקער, רעדט וועגן „אַ לעצטע נסיעה״, אָבער ביז גאָר טרעפלעך איז זיין אייגענע דעפיניציע: „אַ נסיעה אין דער יידישער ווירקלעכקייט״. און כדי צו דערקענען דעם גאַנצן גלאָבאַלן שטח פון יידישער ווירקלעכקייט האָט עס אים זינט יאָרן געלאָקט צו דערקענען אויך דעם קליינעם מערקוויר־דיקן יידישן ישוב אין אויסטראַליע.

אויך דאָ איז ער אַן אייגענער, דאָ איז פאַראַן די נאָענטקייט נאָך פון „דאָרט״, די וואַרעמקייט און היימישקייט פון אַמאָליקן פאָלקס־מענטש אין די טויזנטער יידישע שטעטלעך פון פוילן און ליטע, ווו זרובבל פלעגט קומען און ברענגען אַ פריש וואָרט, דערציילן וועגן דער שיינקייט פון דער יידישער ליטעראַטור און וועגן דער דערהויבנקייט פון די שטילע, פאַר־האָרעוועטע מענטשן. פון אָט די שטעטלעך זענען איצט בלויז געבליבן נעמען און זכרונות, מיט וועלכע עס אָטעמען נאָך געטרייע יידן אין דער „יידישער ווירקלעכקייט״.

ס׳איז ממש צו באַוווּנדערן ווי שרייבעריש דיסציפּלינירט זרובבל איז. אין זיינע פּובליציסטישע אַרבעטן האָט ער ליב ברייט מסביר צו זיין. אַזוי האָט ער דאָך אין משך פון יאָרצענדליקער קלאָר געמאַכט און פּאָפּולאַרי־זירט פראַגן און פּראָבלעמען פון יידישן אַרבעטס־מענטש אין דער וועלט און אין ארץ־ישראל. אָבער וואָס פאַר אַן אַנדערשדיקן טאָן און פאַרעם, סאַראַ שרייבערישע געצוימטקייט פאַרמאָגט ער אין זיינע ליטעראַטור־קריטישע אַרטיקלען, אין זיינע אָפּהאַנדלונגען איבער טעאַטער און אין זיינע רע־פּאָרטאַזשן — אויב מיט דעם אָנגענומענעם נאָמען וועלן מיר אָנרופן זיינע באַשרייבונגען פון באַזוכטע לענדער.

דאָ קומען צום אויסדרוק זיינע טיפע געזעלשאַפטלעכע דערפאַרונגען, זיין צוגאַנג צו וועלט־פּראָבלעמען און צו יידישע פּראָבלעמען, אָבער איבער אַלץ קומט אויף עכטע שילדערונג פון סביבה, פון מענטש און פון נאַטור. מיט דער פרישקייט און מיט אַן אָנגענעמער תמימות פון אַ פּאָעטישן שיל־

דערער, מאָלט ער שיינקייט פון נאַטור, באַגרינטע וועגן און פאַרוואָרפענע שטעטלעך, די הייסע הימלען אין קאַלקוטא און די אייביקע הונגער־אַרמיי אין אינדיע. אין זיינע איינדרוקן פון אויסטראַליע ברענגט זרובבל אַרויס אַ סך באַגעגענישן, פאַקטן, כאַראַקטעריסטישע פּרטים, אַרויסזאָגונגען פון סתם־יידן און פון יידן־עסקנים, יאַהודים און מזרח־אייראָפּעישע יידן. זרובבל דערציילט נישט וועגן אַלץ בהרחבה. אָפטמאָל גיט ער בלויז אַ שטריך, אַן אַנדערשמאָל איז עס נאָר אַ ווונק, אַ מיניאַטור־בילדל, אַ שפּליטער פון אַ געדאַנק, וואָס קומט אויף שאַרף און טרעפלעך. ווען ער שטעלט נאָר דעם ערשטן טריט אין סידנעי דערשפּירט ער: „ס'איז אַ נייע וועלט מיט אַלטע יידן, וואָס ווילן זיך ביגוואַלד אַריינלעבן אין איר". דאָס אַריינלעבן זיך איז די תשוקה פונעם רוב מנין ובנין. אַפילו די, וואָס טוען נאַציאָנאַלע אַרבעט און ווילן אויפהאָדעווען זייערע קינדער מיט נאַציאָנאַל־יידישער ווירדע, געפינען נישט דעם ריכטיקן וועג. זיי צירן זיך מיט ענגליש און ציטערן עפנטלעך צו רעדן יידיש. זרובבל האָט מיט זיין מונטערן און אויפריכטיקן יידישן וואָרט צעצאַפּלט די געמיטער פון די אַסימילירטע און ערב־אַסימילירטע יידן.

די איינדרוקן און באַטראַכטונגען פון אויסטראַליע, ווי זרובבל ברענגט זיי אין דער פאַרביקער, שטימונגספולער און צוגלייך קאָנקרעטער באַשרייבונג — אין דער פאָרעם פון אַ טאָגבוך, איז דער געטרייער און לעבעדיקער גרוס פונעם יידישן ישוב אויפן פינפטן קאָנטינענט.

1956

# יחיאל האָפּער

ער איז אַ וואַרשעווער, יחיאל האָפּער, און ער האָט ליב ווי ס'חיות די פּוילישע יידישקייט. האָט ער אַמאָל, אין די יאָרן פון צווישן ביידע וועלט־מלחמות, געשריבן אין פּויליש וועגן יידישע ענינים, בעיקר טאַקע וועגן יידישער ליטעראַטור.

היינט שרייבט ער יידיש, אַ גוטן, פאַרביקן און קלאַנגפולן יידיש, וואָס דערמאָנט דעם שבת און די וואָך פונעם פּוילישן ייד, דעם אומרו און די התלהבות, דעם שטעל און די ברייטקייט פון פּוילישן ייד. און ער שרייבט אינטערעסאַנטע עסייען און אַרטיקלען און לידער — לידער פון לויטערער עצבות — און דערציילונגען און ראָמאַנען פון יענעם לעבן, וואָס איז שוין געוואָרן היינט שטיקער לעגענדע.

איז עס געווען אַ טרעפלעך שרייבעריש־קינסטלערישער איינפאַל צו שילדערן פאַר אונדז די וועלט פון נעכטן און אייערנעכטן דורך דער פּריזמע פון הייף און גאַס. ס'איז אַ הויף אין וועלכן יחיאל האָפּערס טאַטע־מאַמע־שטוב האָט זיך געפונען: „אַ הויף אויף פּאָקאָרנע״. אָבער דאָס זענען אינעם רוב אונדזערע אַלעמענס הייפן, מיט אָרעמע שכנים פון דער אַפּיצינע און מיט באַלויכטענע פענצטער פון צעבאַלעוועטע זין און טעכטער אויף די העכערע שטאָקן. מיט שכנים וואָס שטיקן זיך מיטן דלות, אַז קיין פרעמד אויג זאָל עס נישט דערזען און חסידיש־נגידישע פּירונג, וואָס שמעקט מיט צימערינג און איינגעמאַכטס. דאָ זענען אינאיינעם אומעטיקע פאַרנאַכטן און יוסטע מלוה־מלכהס, טרויעריקע יידישע ניגונים פון פאַרהאָרוועטע בייטאָרינס און אַ מליצהדיקער פּויליש וואָס זינגט אַרויס פון די יונגע זין און טעכטער פון די וואַרשעווער הייף.

נישט איינמאָל כאַפּט אָן אַ פאַרדרוס: צי וועלן דורות שפּעטער וויסן וואָס יידיש־פּוילן איז געווען? וואָס יידיש־וואַרשע איז געווען? ווער מען תופס זיין און באַנעמען דעם גאַנג און שטייגער פון פּוילישן ייד — זיין

וואָך און יום־טוב, די וואַרעמע פרייד און זיין טיפן אומעט ? און בעיקר — צי וועט מען פאַרשטיין און באַנעמען אָט דאָס גרויסע יידיש־פאָלק אין פוילן, וואָס האָט געבויט און געבענקט און געשאַפן — דעם יידיש־פוילישן נוסח ?

יחיאל האָפער האָט אין די צוויי בענד פון זיין ראָמאַן (דערווייל נאָר אַ טייל פון אַ גרויס פלאַנירטער סעריע), אַרויסגעבראַכט אָט דאָס אייגנאַרטיקע פון יידישן לעבן אין דער גרעסטער קהילה אין איראָפּע. ער ווייזט אונדז שטייגעריש און בהרחבהדיק ווי אָט דער נוסח איז אויפגעקומען, ווי נוסח יידיש־וואַרשע האָט זיך געשאַפן. און דער נוסח האָט געהאַט סיי גשמהדיקייט און סיי ניכטערקייט, הייסן אָטעם און לעבנס־דורשטיקייט.

האָפער הייבט־אָן זיין דערציילונג פון די סאַמע קינדער־יאָרן און נאָך פריער, ער הייבט אָן פון יענע עמפּינדונגען און פון יענע געשעענישן, וועלכע ער האָט משמעות געהערט און איינגעזאַפּט פון די צוגעהערטע שמועסן אין זיין סאַמער קינדהייט. וואַקסט שוין אויס דער ערשטער טייל ווי אַ שטיק שטייגערישע, געטרייע שילדערונג פון יידישן מיטלקלאַס אין וואַרשע.

די מיליע און דער קלימאַט פון ראָמאַן זענען דורכאויס יידישע. די יידישע גאַסן און די הייף און די יידישע שטיבער. די איינציקע נישט־יידן זענען דאָ דער סטרוזש פּאַוועל, וואָס טראָגט מיט זעלבסטווירדע זיין סטרוזשאָווסקע מיסיע און זיין געהילף סטאַשעק (און נאָך אַ פּאָר גויים). נאָר זיי אַלע זענען אַזוי היימיש אַריינגעוואַקסן אין דער יידישער פּאַנאָראַמע, אַז עס וווּנדערט גאָרנישט און ס׳ווילט זיך אַפילו נישט שמייכלען ווען האָפער דערציילט:

„אָפּטמאָל פלעגט סטאַשעק אַריינפאַלן אין הויף אַריין פון גאַס מיט אַ געוויין.

— ווּעס האָט מען דאָ געטיען, סטאַשעק ? — האָבן אים די קינדער געפרעגט אין יידיש.

— מאָט מאָ געשלאָגן, — האָט סטאַשעק וויינענדיק געענטפערט. — וועיאָ האָט דאָ געשלאָגן, יינגלעך, צי שקצים ? — האָבן אים די קינדער נייגעריק געפרעגט. — שקצים, — האָט סטאַשעק זיך געקלאָגט פאַר די יידישע קינדער, — און די יידישע קינדער האָבן געהאַט אויף אים רחמנות.“

אָבער דאָס איז, פאַרשטייט זיך, דרך־אגב, ווי דרך־אגבדיק און מיט אַ ברייטער האַנט ס׳זענען צעזייט איבערן ראָמאַן פּקחותדיקע רייד, באַגלייט און אויסגעבעט מיט אַלט־פּאָלקישן הומאָר, וואָס אָן דעם איז דאָך כמעט גאָרנישט מעגלעך קיין גרויס ווערק.

אין דעם שלל קאָנפליקטן, סצענעס, פּאַסירונגען און אין דער שטייגענדיקער דראַמאַטישער האַנדלונג פאַרנעמט אַ צענטראַלן אָרט אין דעם ראָמאַן דער שאַרפער ווידעראַנאַנד, וואָס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין וואַרשע צווישן די אַלט־געזעסענע, צווישן די יחסנדיקע וואַרשעווער יידן, און די צוגעקומענע „ליטוואַקעס״. אָט די ליטוואַקעס פון גאַנץ רוסלאַנד, האָבן אין אָנבליק פון די פּאָגראָמען און רדיפות, געזוכט אַ מקום מקלט און אַנטרינונג פאַר זיך, פאַר זייער ענערגיע און אונטערנעמערישקייט. אין דאָזיקן קאַמף צווישן פּוילישן ייד מיט די ליטוואַקעס, ווירקן זיך אויס און שפּילן זיך אויס די פּערזענלעכע דאָליעס פון די באַזונדערע העלדן פון דעם ראָמאַן, — ווי זעלמאַן כייקין, מאַטוועי סוליק, אַניאַ און עוואַ סוליק, און אַ צאָל געשטאַלטן, וועלכע האָפּער האָט מיט דערציילערישער געניויקייט געמאָלן זייער גאַנג, זייערע דערגרייכונגען, אַנטוישונגען, — זייער גורל.

מעגלעך, אַז האָפּער האָט בכוונהדיק אַקצענטירט און פאַרשפּיצט דעם דאָזיקן געראַנגל בכדי בולטער אויסצושיילן דאָס אייגנטימלעכע און כאַראַקטעריסטישע פון זיינע ליטווישע העלדן, די ליטווישע פּירעכצן און היימען, אַוועקגעשטעלט די תכליתדיקייט פון ליטווישן ייד, זיין שטרעבונג אויפצוטאָן און זיך אַרויפאַרבעטן, זיין טרוקענע אויסגערעכנטקייט אַקעגן דער שבת־יום־טובדיקייט און חסידישער צעפלאַטערטקייט פון דורותדיקן פּוילישן ייד.

אָט האָט דער מחבר דערקלערט פאַר אונדז דעם מהות פון איינעם פון די הויפּט־עלעמענטן אינעם ראָמאַן: דאָס הויז סוליק, וועמען ס׳איז געווידמעט דער צווייטער טייל פון „אַ הויף אויף פּאָקאָרנע״. דאָס הויז וועלכעס מ׳האָט אַוועקגעשטעלט לויטן נוסח פון דער יידיש־פּוילישער פּלוטאָקראַטיע — פאַלט איין. אַ סך סיבות האָבן דערצו גורם געווען. סיבות אינערלעכע און אויסערלעכע, ווי די ליטווישע נישט־פאַרוואָרצלטקייט, דאָס פאַרנעמען זיך מיט די געשעפטן אין דער ברייט, אַנשטאָט אין דער טיף. סוליקס געהעמטקייט, זיינע קאָמפּלעקסן צוליב שווערע פּסיכישע

איבערלעבונגען, דער דעמאָלטיקער שווערער עקאָנאָמישער קריזיס אין רוסלאַנד און דער אָנוואַקסנדיקער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן. דאָס אַלץ האָט דערפירט אַז דאָס הויז פון די סוליקס זאָל דערשיטערט ווערן.

אַזאַ איז אגב דער גורל פון אַלע רייכע הייזער וואָס ווערן געשילדערט אין דער וועלט־ליטעראַטור. ווייל אַזוי איז בכלל דער גורל פון מענטש און זייער האָב. ביי יידן וועלכע האָבן געלעבט אין אומנאָרמאַלע באַדינ־גונגען, איז עס פאַרלאָפן ראַשיקער און בייזוויליקער.

אָט דעם גורל פון מענטש און זיין דערגרייכטער אָדער געדאַכטער האָב, האָט יחיאל האָפער מיט אַ סך געניטשאַפט און מיט דער פּקחות פון אַ למדן „וואָס קען די וועלט״, אַרויסגעבראַכט אויפן פאָן פון יידישן לעבן, פון יידישע גאַסן און הייף אין וואַרשע.

ס׳וואָלט בלי ספק נויטיק געווען זיך אָפּצושטעלן נישט נאָר אויף דעם אינהאַלט פונעם ווערק, נאָר אויך אויף זיין אינטערעסאַנטער פאָרעם און קאָנסטרוקציע. יחיאל האָפער האָט דאָס ווערק מאָנטירט אויף אַן אָריגי־נעלן — און איך וואָלט זאָגן אין אַ מאָדערנעם נוסח. ער האָט דערציילעריש אויסגעבונדן שטייגער־שילדערונג און אינטימע איבערלעבונג, זכרונות און מעדיטאַציעס, וועלכע קומען אויף באַגלייך מיט דער אנטוויקלונג פון דעם סוליק־ראָמאַן. מיט דער דראַמאַטישקייט פון זיינע העלדן, מיט דער טראַ־געדיע וואָס עס לעבט איבער זעלמאַן כייקין אין דער בענקעניש נאָך זיין פרוי־פאַרשטאָרבענער פרוי, נאָך זיין היים — —.

ס׳איז וואַרשע, וואַרשעווער הייף און וואַרשעווער היימען פון נישט־ווייטן אַמאָל, וואָס וועט נאָך מסתמא יאָרן און דורות זיין די וויזיע און דער סטימול פאַר גרויס־קינסטלערישער שאַפונג.

# ד״ר ישראל רובין-רבקאי

אָפטמאָל, אויף אַ שרייבערישער מסיבה צי אויף אַ פאַרזאַמלונג, דאַכט זיך, אַז אָט וועט ער אַריינקומען, זיך אַוועקזעצן — ווי זיין שטייגער — אַ ביסל זייטיק, אַ פאַרקלערטער, אַן אָנגעכמורעטער, נאָר מיט אַ מאָל וועט ער זיך געבן אַ שטעל אויף און וועט נעמען רעדן מיט אַזויפיל היץ און התלהבות, מיט פקחות און חכמהדיקייט, ווי נאָר ישראל רובין האָט עס געקענט. ער האָט געהאַט עפּעס אַ באַזונדערן אופן פון רעדן: ער פלעגט רעדן מיט האַרץ און געמיט, אין פאַרוויקלטע לאַנגע זאַצן און מיט אָפּוויי־כונגען, אָבער גלייכצייטיק מיט אַזויפיל פשטות און פאָלקסטימלעכער ביל־דערישקייט, באַווירצט מיט זיין חריפותדיקן הומאָר.

אַ סברה, אַז ווען מען האָט אים גערופן צום בית־דין של מעלה און דער קטיגור האָט פאַר אים אַ לייען געטאָן דאָס צעטל פון חטאים, האָט ער דאָרט, צו זיין פאַרטיידיקונג, אַ שאָט געטאָן אַ בינטל תלמודישע קאַלאַמ־בורן, ניי־געשאַפענע ווערטלעך, ער האָט מפרש געווען סוגיות אויף זיין אייגענעם שטייגער. און דער עיקר האָט ער מסתמא זיך קעגנגעשטעלט די נסיונות פאַר וועלכע דאָס פאָלק ישראל איז געשטעלט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן. אינעם נוסח פון לוי יצחק בערדיטשעווער האָט ער אוודאי געטענהט: וואָס ווילסטו פון פאָלק ישראל? וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויפן פאָלק ישראל? — —

אָט די טענה האָט דאָך פון אים אַזוי וויטיקדיק אַרויסגעשריגן.

ישראל רובינס ספּעציאַליטעט איז געווען פּסיכאָלאָגיע און פּעדאַגאָגיק. ער איז אָבער געווען אויך אַן אייגענער אין פאָלקלאָר און אין ליטעראַטור און אַ בקי אין יידישער פילאָלאָגיע. און פאַרשטייט זיך, אַז ווי אַ מענטש, מיט אַ פּאַרטייאישן עבר, איז אים פּובליציסטיק און פּאָליטיק אויך נישט פרעמד געווען. אוודאי זענען די אַלע טעטיקייטס־שטחים שטאַרק ניכר אין זיינע עסייען. דאָס האָט אַנטוויקלט ביי אים אַן אייגנאַרטיקן אופן פון דענקען און אַ באַזונדערן אַרט שרייבן.

מיט יאָרן צוריק האָט ער זיך שוין קונה שם געווען מיט זיינע אָריגינעלע אַרבעטן איבער דער פּסיכאָלאָגיע פון קינד, מיט זיין סעריע „בריוועלעך צו טאַטע־מאַמע", „די טראַגעדיע פון בן־יחיד", „קינד און דערוואַקסע־נער", „דער יונגער מענטש און זיין אַנטוויקלונג". ער האָט אַפילו ארויס־געגעבן אַ בוך פון אַזאַ כאַראַקטער, ווי „דעפעקטיווע קינדער אין דער יידישער ליטעראַטור", און אַ יאָר פאַר זיין טויט איז דערשינען אין תל־אביב אַ זאַמלונג עסייען און זכרונות — זיין לעצטע אַרבעט — וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן „פון דאַנען אַהין".

רובינס באַטראַכטונגען, מיינונגען און געדאַנקען האָבן תמיד פאַרמאָגט פרישקייט, אייגנאַרטיקייט און עפּעס אַ באַזונדערע חריפות. ביי אים וואַקסן־אויס צו גרויסצוגיקע און גרונטיקע אָפּהאַנדלונגען אויך אַזעלכע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס אין פלוג דאַכט זיך אויס, ווי זיי וואָלטן געווען אומווי׳כטיקע פאַר אונדזער ווירקלעכקייט. ער האָט פאַרמאָגט די פעיקייט און דעם כוח אַריינצודרינגען אין די דינסטע און פאַרפּלאָנטערטע געוועבן פון אונדזער געזעלשאַפטלעך און גייסטיק לעבן. ביי אים פלעגן אָפּטמאָל אויסוואַקסן אגב־אורחדיקע זאַכן און געשעעניש שיער־נישט צו צענטראַ־לע פּראָבלעמען. ער פלעגט זיי נעמען תחילת מן הצד, נאָר אָט שטייען זיי שוין צענומענע, צעגלידערטע אונטער זיין שאַרפער, אָנגעצילטער, און מיר וואָלטן געזאָגט — בייסיק־אַנאַליטישער באַטראַכטונג.

רובין פלעגט טראַכטן זייער אימפּולסיוו (דאָס האָט מען געשפּי׳רט ס׳יי אין זיינע עסייען און סיי אין זיינע גייסטרייכע שמועסן). זיין געדאַנק איז דינאַמיש און פול מיט ניואַנסירונגען. אין די עסייען ברענגט ער אַרויס אַלע פיבערן פון זיין געמיט און מחשבה אינעם באַהאַנדלטן ענין. און הגם עס געשעט אַז דורך דעם ווערט טיילמאָל פאַרבלאַסט דער עיקרדיקער געדאַנק, צו וועלכן רובין האָט געצילט, איז אָבער פאַראַן דאָ די מעלה, וואָס מיר דערפילן אַזוי אוממיטלבאַר דעם מחברס קוועליקע שעפעריש־קייט, אַן אָנגענעמע פרישקייט וואָס באַאיינפלוסט דירעקט.

רובינס עסייען זענען אינטערעסאַנט און אָנלאָקנדיק פאַרן דערפאַרענעם לייענער, זיי רעגן אָן צו פאַרטיפונג. און אפילו דאָס ביסל סאַרקאַזם, וואָס געפינט זיך אין זיי, גיט זיי צו אַ באַזונדערן חן. ס׳איז די בייסיקייט און דער סאַרקאַזם וואָס איז פאַראַן שוין זינט דורות ביי תלמידי חכמים.

הגם ישראל רובין איז געווען אַ דערפאַרענער פּעדאַגאָג און געשולטער פּסיכאָלאָג, פאַרמאָגן נישט זיינע עסייען קיין שמץ פון מוסר־זאָגעריי, נישטאָ אין זיי קיין ווילן צו צעברעכן געוווינהייטן און נאַטורן פון בן־אדם, אָדער צו ענדערן די אָרדענונג אין דער וועלט און דעם סדר אין אונדזער אייגענער יידישער וועלט. אין משך פון עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ער מיט אַ ברען, וואָס איז געווען אַזוי אייגן פאַר אים, געמאָנט און גערופן, אַז דער פלאַץ פון יידיש־שעפערישן מענטש, פון יידישן קינסטלער און שרייבער איז נאָר אין מדינת ישראל. אַז נאָר אויף דעם באָדן קאָן היינט אויפגיין און געדייען יידישע יצירה. ער, וואָס איז אין משך פון יאָרצענד־ליקער געווען פון די טוער און בויער פון דער יידישער שול, פון דער יידי־שער קולטור אין די תפוצות, איז געקומען צו דער מסקנה, אַז נאָר אויף דעם זעלבשטענדיק יידישן באָדן קאָן געדייען און ווייטער זיך אַנטוויקלען די יידישע שעפערישקייט.

ס'איז ביז גאָר טשיקאַווע ווי ער פלעגט באַטראַכטן און אַנאַליזירן גע־שעענישן פון אונדזער היינט און נעכטן, ווי אַזוי ער פאַרבינדט דעם היינט צום נעכטן אין זיין צילגעוווּנדקייט צו דעם קומענדיקן, און וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע און אייגנאַרטיקע אויספירן ער מאַכט. אָט אַ שטייגער זאָגט ער אין איינער פון זיינע באַטראַכטונגען „קידוש השמות": „די ווינציקע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען אין דער פראַגע פאַרוואָס האָבן דווקא יידן, און נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן, גענומען אַרויסווייזן אַ נייגונג צו באַנוצן זיך מיט ראשי־תיבותן, שטעלן אַרויס ווי אַ סיבה די נייטיקייט אין קאָנ־ספּיראַציע אין דער יידישער סביבה: יידן, וואָס האָבן געלעבט אומעטום און אַלע מאָל אין די סכנהדיקסטע באַדינגונגען פון רדיפות, מצד דער פיינדלעכער גויאישער וועלט, האָבן געמוזט שוין אין זייער שפּראַכיקן פאַר־קער צווישן זיך גופא איינפירן אַ שטרענגע געוואָרנטקייט, רעדן פאַר־שטעלט, צווײדײטיק, אָפט רעאַגירן אָנפּאַלעריש, מיט צאָרן און כעס אויף שונאי־ישראל, אָבער אַזוי, אַז די רעאַגירונג זאָל זיין נאָר פאַרן אינעווי־ניקסטן געברויך, און די, וואָס קעגן זיי איז די אָנפּאַלערישע (ריכטיקער: דעפענסיווע) רעאַגירונג געווענדעט, זאָלן עס נישט וויסן און פאַרשטיין".

אַזעלכע כאַראַקטעריסטישע און דערפינדערישע געדאַנקען און דעפיני־ציעס זענען צעוואָרפן אין אַלע זיינע אַרבעטן און עסייען, און אפילו ווען נישט אַלע איבערצייגן, רעגן זיי אָבער אָן נאָכצוטראַכטן.

ער האָט יאָרן־לאַנג געשריבן און באַרירט אוניווערסאַלע, עלעמענטאַר־לעכע פּראָבלעמען און פראַגן. אין זיין לעצטער גרויסער זאַמלונג „פון דאַנען אַהין" ווידמעט ער דעם רוב עסייען אונדזער זיין, קיום און נאַציאָנאַלן אויפקום. געפינען מיר דאָרט אַ קערנדיקן עסיי „אַלט־ניילאַנד און אַלט־ניי פאָלק", וואָס באַהאַנדלט אויף רובינס באַזונדערן אופן אָט די וויכטיקע און ביז גאָר פאָפולער געוואָרענע טעמע. דער דאָזיקער עסיי הייבט זיך אָן אַזוי: „אין אונדזערע יאָרן און פאַר אונדזערע אויגן ווערט פאַרווירקלעכט דאָס, וואָס איז אין משך פון גאַנצע הונדערטע דורות געווען אַ פאַרנעפּלטער טרוים, צילגעווענדט צום „ויהי באחרית הימים". דער סקעלעט פון איראַ־ציאָנעלער נאַציאָנאַלער בענקשאַפט טוט אָן אויף זיך בלוט און פלייש פון ממשותדיקייט: אונדזער אַלט־ניי פאָלק ווערט מאַסנדיק באַהאָפטן מיט אונדזער אַלט־ניי לאַנד. אין דעם אָפענעם היסטאָרישן פּינקס אונדזערן, ווו דער שר־האומה פלעגט ביז איצט פאַרצייכענען בלויז אומגליקן און שווערע נסיונות, האָט ער מיט אַמאָל אויסגעמעקט דעם און צווישןביידע מיטל־ווערטער אַלט־ניי פאָלק — אַלט ניי לאַנד און אָנשטאָט דעם אַריינגעשריבן דאָס וואָרט אין".

און רובין שווימט נאָך דעם אַוועק אין אַ ברייטן פילאָזאָפישן שמועס וועגן פאָלק־ישראל און לאַנד־ישראל און ברענגט ראיות פון ר' יהודה הלוי, ר' נחמן קראָכמאַל און אויך זיינע אייגענע עמאָציעס און שפּירונגען. און די גראַנדיעזע געשעעניש אַלט־ניי פאָלק אין אַלט־ניי לאַנד רופט אַרויס אַ שלל פון פרישע מחשבות אין זיינע וויטערדיקע עסייען אויף זייער סובטעלע, אָבער וויטאַלע פּראָבלעמען פון אונדזער קיום.

זיינע עסייען און אַרטיקלען זענען געשריבן אין אַ רייכן און זאַפטיקן לשון, רייך אין אויסדריקן און אידיאָמען, נישט בלויז אין יידיש, נאָר אויך אין דער העברעישער שפּראַך, אין וועלכער ער פלעגט פאָפולאַריזירן און כאַראַקטעריזירן די נייע שאַפונגען פון יידישע דיכטער און דערציילער אין די תפוצות.

ער איז געווען אַן אָריגינעלער פובליציסט, אַן אינטערעסאַנטער מענטש און אַ גוטער האַרציקער חבר. און הגם זיין געזונט איז שוין זינט יאָרן גע־וועזן אונטערגעבראָכן, האָבן מיר געגלייבט, אַז ער וועט אונדז נאָך לאַנג מהנה זיין מיט זיין טרעפלעכן און שאַרפזיניקן וואָרט און מיט זיין אחריות־פולן און ערנסטן געדאַנק.

1955

# משה גראָסמאַן

משה גראָסמאַן איז אַ וואַרימער דערציילער. אָנלאָקנדיק זענען די טעמעס צו וועלכע ער נעמט זיך, דער סיפּור־המעשה, וועלכן ער בויט אויס, און אויך זיין טעכניק פון שרייבן איז אָנציעודיק. זיין נוסח און שפּראַך פאַרמאָגט דינאַמיק און אַ הייס־אָטעמדיקייט, וואָס שפּאַנען אָן דעם לייענער נאָכצוגיין די גלגולים און מיטצומאַכן די פאַרלויפענישן פון משה גראָסמאַנס העלדן.

עטלעכע פון זיינע העלדן זענען גאָר וויכטיקע געשטאַלטן, וואָס האָבן געקערעוועט מיט דער געשיכטע און געשאַפן געשיכטע. מ׳האָט געדאַרפט פאַרמאָגן אַ סך שרייבערישע אַמביציע און וויסן, בכדי אַרויסצוברענגען אין אַ ביאָגראַפישן ראָמאַן אַזאַ מעכטיקע און קאָמפּיליצירטע געשטאַלט ווי קאַרל מאַרקס, און אַ ביסל שפּעטער, אין אַ באַזונדער בוך אונטערן נאָמען „דערוואכונג" — די יוגנט־יאָרן פון דער רעוואָלוציאָנערין ראָזאַ לוקסעמבורג. אָט די צוויי ווערק, וועלכע זענען דערשינען אין וואַרשע, מיט אַ יאָר פיר־פינף פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען נישט געווען גראָסמאַנס ערשטע שאַפונגען. נאָך פאַר דעם איז דערשינען זיינס אַ ראָמאַן און אויך אַ בוך נאָוועלן, וואָס דערציילן וועגן יידישן ארבעטער, יידישער נויט, און וועגן יענע, וואָס חלומען דעם חלום פון וועלט־דער־לייזונג.

גאָר אויסגענומען האָבן גראָד זיינע ביאָגראַפישע ראָמאַנען. צי דער־פאַר, ווייל דער אַרבעטער־לייענער — וואָס איז געווען דער רוב פונעם יידישן לייענער — האָט טאַקע אַזוי באַגערט צו הערן און וויסן וועגן די, וואָס האָבן געגעבן דער וועלט פון אונטערדריקטע און פאַרמאַטערטע נייע האָפענונגען און שטרעבונגען? און אפשר דערפאַר, ווייל אָט דער נוסח, וועלכן גראָסמאַן האָט אָנגעווענדט ביים אויסבויען די ביאָגראַפישע ראָ־מאַנען, באַזונדער זיין „קאַרל מאַרקס", איז געווען אַזוי אַנדערשדיק, פריש,

בילדעריש און קאַנטיק־שאַרף, אַז אָט די דערציילערישע נייאיקייט האָט געווירקט און באַשטימט דעם דערפאָלג, וואָס דער ראָמאַן האָט געהאַט?

משה גראָסמאַן האָט אָנגעהויבן זיין שרייבערישע אַרבעט אין אַ צייט, ווען עס איז געווען נאַטירלעך, אַז אַ יונגער און דענקענדיקער שרייבער זאָל געהערן צו די פרייהייט־קעמפנדיקע מחנות. ווער ס׳האָט געלייגט דעם טראָפּ אויף נאַציאָנאַלער אויפריכטונג און ווער ס׳האָט געזען זיין קינסטלערישע שליחות אין דינען די אינטערעסן פון דער סאָציאַלער גאולה. אַז יונג איז מען, און דער אַרום איז אַזאַ טרויעריקער, די יידישע דחקות איז גרויס, די געזעלשאַפטלעכע און מאָראַלישע מערכה איז גאָר אַ דערדריקנדיקע — איז ווי־זשע זאָל מען נישט זיין אויף דעם צד, וואָס קעמפט און זאָגט צו אַ וועלט פון כולו יושר און צדק? אַ וועלט, וואָס וועט אויסגלייכן אַלע שטאַנדן און פעלקער, אָרעם און רייך?

זענען אָבער געקומען געשעענישן, וואָס האָבן צעטרייסלט דעם גלויבן. זענען געקומען טראַגישע, פינצטערע מלחמה־יאָרן. מ׳איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער וועלט. מ׳איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער מדינה, וועגן וועלכער מ׳האָט ערשט נישט לאַנג אַזוי האַרציק, שיין און דערהויבנדיק געטרוימט. און דאָרט, אין די ווייטע, קאַלטע געגנטן, איז ביי משה גראָס־מאַנען און ביי אַנדערע פון זיינסגלייכן, גאָר אויסגעפרוירן און פאַרשטאַרט געוואָרן די אמונה, וואָס מ׳האָט יאָרנלאַנג אַזוי אייפעריק געפלעגט, וואָס האָט אַזוי העל און מונטער געלויכטן.

און אַז משה גראָסמאַן האָט נאָכן קריג, נאָך דער באַפרייונג, נאָך שווערע יאָרן פון טיפסטער מענטשלעכער פיין דערפילט אַ נייעם, פרייען באָדן — האָט ער מיט זיין אייגנטימלעכער שניידיקייט אויפגעשריבן און געשילדערט זיינע איבערלעבונגען און די איבערלעבונגען פון זיינע נאָענטע „אין דעם פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי״. דאָס זענען די פּאַסי־רונגען פון אַ מענטש, וואָס איז אַריין מיט גלויבן און איז אַרויס מיט אויפטרייסלענדיקער, צעווייטיקטער אַנטוישונג; אַן אַנטוישונג, וועלכע האָט דערדריקט און דעפּרימירט מאַסן מענטשן אין דער תקופה פון שווערסטן געזעלשאַפטלעכן און סאָציאַלן נסיון.

אַזאַ אינערלעכן גראַנגל און אַנטוישונג האָט אויך דורכגעמאַכט דער העלד פון זיין לעצט־דערשינענעם ראָמאַן — אָדער ווי גראָסמאַן רופט אים

אָן אין אונטערקאָפּ „פּאָליטישער ראָמאַן" — „די וידוי פון אַ רעוואָלוציאָ־נער". דער העלד פון דעם ראָמאַן איז געווען איינער פון די הונדערטער און הונדערטער געטרייע אויספאָלגער פון רעוואָלוציאָנערער שליחות, פון אייפעריקער, קעמפערישער, רעוואָלוציאָנערער טאַט.

אָט דער העלד, הערש מעכל, איז אַן אָפּשטאַמיקער פון דער סאמע יידי־שער וואַרשעווער געדיכטעניש, פון יידישער אויסגעטונקטער נויט. און טאַקע צו די בעסטע קאַפּיטלען אין ראָמאַן געהערן יענע, ווו משה גראָסמאַן שילדערט די היימיש־יידישע ספערע: יידישע הויפן, סמאָטשע־גאַס מיט איר דחקות, סמאָטשע־גאַס מיט איר מאָגערער פרייד. ווי: — „אין איין שמאָלן הויף אַזאַנעם ווינען אַזויפיל יידן, וויפל עס ווינען יידן אין אַ גאַנץ פּראָווינץ־שטעטעלע". און „שטעלט זיך דאָ דער פאַרטאָג, מיינט עס — אַז די שלאַכט האָט זיך אָנגעהויבן. די שלאַכט פאַר אַ טאָג „חיונה".
הערש מעכל האָט שוין אין זיינע קינדער־יאָרן דורכגעפילט וואָס הייסט די שלאַכט פאַר אַ טאָג חיונה. קינדער פון אָרעמקייט ווערן גיך רייף. האָט ער טאַקע גיך איינגעזען אַ סך זאַכעכישן, און דער עיקר — אַז ס'איז נישטאָ קיין יושר אויף דער וועלט. אפילו נישט אויף דער אייגענער סמאָטשע־גאַס. איז דען אַ חידוש, אַז מיט זיין שטילקייט, געוואַגטקייט און אָרנטלעכקייט האָט ער גענומען דעם גורל אין זיינע הענט? איז דען אַ חידוש אַז הערש מעכל זאָל אָפּגעבן זיינע בעסטע יאָרן פאַר גרויסע און סכנותדיקע טואונגען און ער אַליין זאָל אַרומגיין אַן עלנטער, אַ האַלב־הונגעריקער?

הערש מעכל, ווי ס'ברענגט אים אַרויס משה גראָסמאַן, איז דער גע־טרייער, רעוואָלוציאָנערער בעל מאמין און דער אמת־זוכער. זיינע אַנטוי־שונגען זענען שאַרפע און ביטערע, און דאָך זענען זיי נישט מסוגל איב־גאַנצן צו צעטרייסלען זיין גלויבן, אַז די וועלט פון די גערעכטע וועט זיגן.

# דוד פלינקער

פאַראַן ביי אונדז שרייבער וואָס גייען נישט אַריין פראָנטאַל אין דער ליטעראַטור, הגם דעם באַגאַזש וואָס זיי טראָגן, אָדער ריכטיקער, וואָס זיי האָבן צוגעטראָגן צו דער יידישער ליטעראַטור איז גאָר אַ וואָגיקער. צו זיי געהער דער ראָמאַניסט און זשורנאַליסט דוד פלינקער. אַמאָל, אַמאָל, ווען וואַרשע איז נאָך געווען דאָס יידישע וואַרשע, האָט ד. פלינקער פאַרנומען אַ וויכטיק אָרט אין דער יידישער זשורנאַליסטיק און געהאָלפן אויסבויען דאָס אָרטאָדאָקסישע „טאָגבלאַט" און דערמיט געהאָלפן אויפ־פראַלן די פאַרמאַכטע פעסטונג פון רעליגיעזן יידנטום.

דאָס זענען געווען נייע צייטן, און נישט אומזיסט האָט ד. פלינקער זיין איצטיקן גרויסן צוויי־בענדיקן ראָמאַן אָנגערופן מיטן דאָזיקן נאָמען. דער ראָמאַן, וואָס איז אגב פרעמירט געוואָרן אין אַרגענטינע מיט דער „סטאַ־ליאַר־פרעמיע", איז בעצם אַ המשך פון זיינע פריערדיקע צוויי ראָמאַנען — „אַ הויז אויף גזשיבאָוו" און „אין שטורעם". אַלע די פינף בענדער ברענגען בהדרגהדיק אַרויס דעם אויפגאַנג, אַנטוויקלונג און שטייגער פון דער אַמאָליקער יידישער מעטראָפּאָליע — וואַרשע.

דוד פלינקער האָט אין ראָמאַן „נייע צייטן" אויפגעדעקט פלאַסטן פון יידישן שטייגער אין וואַרשע. אין יענע יאָרן, ווען עס האָט זיך גענומען אויספאָרמען דאָס נייע האָפענונגפולע און דינאַמישע לעבן פון פוילישן יידנטום, — אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, — און ווי מאָדנע און פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט זיין, איז עס געווען דאַן, ווען אין פוילן, אין וואַרשע, האָבן געוועלטיקט די טאַטעס און זיידעס פון די שפּעטערדיקע נאַציס... איז דען נישט מאַיאָר פריץ קעמפּקע מיט וועלכן פלינקער באַקענט אונדז באַלד ביים אָנהייב פונעם בוך, נישט דער שטאַמ־פאָטער פון די שפּעטערדיקע „געסטאַפּאָווצעס" און עס־עס־לייט? „מאַיאָר פריץ קעמפּקע — דערציילט פלינקער — האָט מיט יעדן טאָג אַלע העכער

געשריגן „דאַנערוועטער״, און וואָס העכער ער האָט געשריגן, אַלץ מער האָבן די איינוווינער פון דעם שטעטל, פונקט ווי די איינוווינער פון אַלע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, איינגעזען, אַז יעקע האָט רעכט, אַז ער איז טאַקע דער אמתדיקער באַלעבאָס און אַז אַלע פעלדער און גערטנער און אַלע הייזער און אַלע קראָמען זענען טאַקע זיינע; דעם מאיאָר קעמפּקעס אייגנטום, הייסט עס״...

איך וויל זאָגן, אַז גראָד פון שרייבעריש־דערציילערישן שטאַנדפּונקט איז געווען די סכנה, אַז דער לעצטער שדים־טאַנץ פון די דייטשן אין פּוילן זאָל עמאָציאָנעל אינסטרואירן דעם מחבר צו ענדערן און פאַרשאַרפן דאָס בילד און די שילדערונג פון דער דעמאָלטיקער דייטשישער אָקופּאַציע. אָבער פלינקער איז געבליבן בעלעטריסטיש געטריי דעם אמת, סיי אין דער אַלגעמיינער ראַם, סיי אין די פּרטים מיט וועלכע דער ראָמאַן איז איבערפולט.

דוד פלינקערן גייט קודם־כל אין דער שילדערונג פון יידישן לעבן, וואָס האָט גענומען אויפגיין נאָך יאָרן פון צאַרישער אונטערדריקונג. נאָך אַ תקופה וואָס האָט געהאַמעוועט און געפּענטעט, געדראָט מיט תפיסות און פאַרשיקונג פאַר יעדן פרייען געדאַנק און געוואַגטן וואָרט.

ס׳איז שווער צו באַהאַנדלען די רייכע און פאַרשידנאַרטיקע גאַלעריע געשטאַלטן, וועלכע ווערן אַרויסגעבראַכט אין דעם ווערק. יעדער טיפּ פון־נעם ראָמאַן רעפּרעזענטירט אַ שיכט אינעם דעמאָלטיקן יידישן לעבן. אַזאַ איז בערטאַ, וואָס קערט זיך אום פון איר פאַרשיקונג אין סיביר, געבראָכן און צערודערט, אַזאַ איז יאַנקל, דער געוועזענער שמייסער פון גזשיבאָוו, וועמען די צייט האָט צוגעשפּילט און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן איצט מיט זיין כוח און מיט זיין עשירות, אַזאַ איז זעליקל, וואָס איז יאָרנלאַנג געלעגן ביים רבין אונטערן טיש און געהערט, און שפּעטער נאָכגעזאָגט דעם רבינס תורה. זעליקלס וועלט איז אינגאַנצן צעטרייסלט און צע־טרייסלט האָבן זי בעיקר די אייגענע זין... „ער פאַרשטייט עס נישט, זעליקל, ער קאָן עס נישט באַגרייפן, ער האָט דאָך אַלץ געטאָן וואָס א טאטע דאַרף טאָן פאַר זיין קינד. דעם לעצטן ביסן פון מויל זיך אָוועקגענומען פאַר פּיי־ניעס מלמדים און טאַקע גענומען אים אויף שבת צום רבין אויכעט, און דאָס האָט אַלץ נישט געהאָלפן. דער רבי זאָל לעבן, האָט זיך שטענדיק

אויף אים געפרעגט, אויף פּיניען, נאָר לעצטנס האָט ער שוין אויפגעהערט אפילו פרעגן, ער ווייסט שוין די בראָך... זיין ווייב פּעסע שרייט נאָך אָן אויף אים — וואָס ווילסטו פון קינד, נעבעך? זינט דער מלחמה איז ער דאָך דער גאַנצער פּרנסה־געבער!...״.

מיר האָבן ציטירט די דאָזיקע עטלעכע שורות, ווייל מיט זייער פּשטות ברענגען זיי אַרויס א שטיק פון יענער ווירקלעכקייט און דער עקאָנאָמישער צעטרייסלונג, וואָס די מלחמה און די דייטשישע אָקופּאַציע האָט געבראַכט מיט זיך. אָבער אין דער גרעסטער מאָס האָט עס זיך אויסגעווירקט אויף דער געזעלשאַפטלעכער און אידעישער געשטאַלטיקונג פון יידישן לעבן און שטייגער. די יונגערע האָבן זיך גענומען ראַטעווען פון דער נויט און דחקות וואָס האָט זיך באַזעצט אין טאַטנס שטוב. און אָט דער ממשותדיקער עול האָט זיי געפירט אויף אַנדערע וועגן, וואָס זענען געווען אין סתירה צו דעם ביז־איצטיקן. די חסידים־שטיבלעך האָבן שוין נישט געקאָנט מער פּאַרענטפערן די פראַגן וואָס האָבן גענומען עקבערן...

מיט הרחבה שילדערט פלינקער די געראַנגלען, אויסערלעכע און נשמה־דיקע, וואָס האָבן באַוועלטיקט דעם יונגערן דור אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ער ברענגט אַרויס צענדליקער און צענדליקער יוגנטלעכע מיט זייער אימפּעט און אינערלעכע איבערלעבונגען, מיט זייערע פריידן און אַנטוישונגען. זיי גייען אויף פּאַר אונדז ווי די פאָנען־טרעגער פון נייע האָפענונגען און אידעאַלן, וועלכע האָבן זינט יאָרצענד־ליקער געווירן אינעם יידישן פאָלקס־לעבן: „בונד״ און ציוניזם, אויסגע־קרימטע אַמביציעס צו אַסימילאַציע, און די מעכטיקע בענקשאַפט צו אַן אייגן נאַציאָנאַל לעבן. עס איז אַ שטורמישע תקופה, וואָס רופט צו אַק־טיוויקייט.

מיט אַ גאָר איינפאַכן סטיל און לשון, אָבער מיט פּסיכאָלאָגישער פּאַרטיפּטקייט שיילן זיך ארויס פאַסירונגען, סצענעס און איבער אלץ — טיפן און געשטאַלטן פון יידישן לעבן אין פוילן.

א מעכטיקע פיגור, וואָס פאַרדינט, אז מ׳זאָל זיך אויף איר אָפּשטעלן איז רפאל גאָלד, דער אויפגעקומענער לאָדזשער פאַבריקאַנט און עושר. מ׳ר זעען דאָ פאר זיך דעם פּראָטאָטיפּ פון באַקאַנטן יידישן מאַנופאַקטור־קעניג אָסקאַר קאָן. די שילדערונג פון אים גופא און די געשעענישן אַרום אים,

זענען ווי א באזונדערער ראָמאַן אין דעם ווערק „נייע צייטן", הגם נאָ־טירלעך איינגעגלידערט און פאַרבונדן, לייענען זיי זיך ווי אַן עפּאָפּייע וועגן א לעגענדארער און אויסטערלישער געשטאַלט.

באזונדערס געלונגען אינעם ווערק זענען די קאפּיטלען וועלכע שילדערן חסידישן שטייגער און חסידיש פּירעכץ. א רירנדיק קאפּיטל איז „דער לעצטער טיש ביי ר' לוי'ן". ר' לוי, דער גרויסער וואַרשעווער גביר און חסיד, איז ערב זיין ירידה, און ער פילט די דאָזיקע ירידה, הגם מיט זיין עקשנות און ווירדיקייט פון אַ גביר און אַן אַלטן פייערדיקן חסיד וואָלט ער זיך נישט געדארפט אונטערגעבן, אָבער ער גיט זיך אונטער, ווייל אויך ער פילט די „נייע צייטן".

עס איז דער לעצטער טיש ביי דעם אַמאָליקן גביר: „אַ בלייכער שמייכל שוועבט ארום דעם רבינס ליפּן, וואָס גייט פארלוירן אין זיין ברייטער באָרד, — פארוואָס רעדן זיי אַזויפיל די ראבינערס?

ער וואָלט זיי געוואָלט זאָגן, אַז ס'וואָרט, דאָס איינציקע וואָרט, וואָס איז די נקודה, גייט פאַרלוירן, ווערט מטושטש און פאַרלירט זיין באַדייט אין צופיל רייד. ער ווייסט אָבער נישט צי זיי וועלן אים פאַרשטיין. די חכמי אשכנז האָבן אמאָל געזוכט דעם כוח הצמצום, די אייניקלעך אָבער, האָבן פאַרגעסן. די גויאישע חכמות, וואָס זיי האָבן אַזוי פיל געלערנט, האָבן זיי אָן דעם עיקר געמאַכט פאַרגעסן".

אזוי טראכט דער רבי ביים סומנעם טיש צו וועלכן ער האָט אויך פאַר־בעטן די דייטשישע ראבינערס, וואָס זענען כולו ווונדער אויף דאָס גע־זעענע...

דער ראָמאַן „נייע צייטן" טראָגט אין זיך די רעאַלקייט פון דער תקופה און איר שטימונג. אָט די נייע צייטן זענען געווען גורלדיקע און אַנטשיי־דנדיקע אינעם יידישן לעבן פון מזרח־איירָאָפּע.

# חיהלע גראָבער

אַז חיהלע גראָבער פלעגט אין די פֿאַרמלחמהדיקע יאָרן קומען צו אונדז אין שטאָט, איז עס תמיד געווען אַ יום־טוב. שטילערהייט פלעגט מען זיך שטאַרק איבערנעמען. עפּעס פלעגט זיך אויסדאַכטן, אַז צוזאַמען מ׳ט איר ווערט שוין אויך באַרימט איר געבוירן־שטאָט — די פֿאַרהאָרעוועטע און פֿאַרמסחרטע ביאַליסטאָק. אַמאָליקע שול־חברטעס אירע און סתּם שכנים פלעגן דערציילן צום וויפלסטן מאָל, „אַז שוין אין איר קינדהייט האָט מען געזען, אַז זי וואַקסט אַן אַקטריסע״. איר טאַטע, מוליע גראָבער, דער טוך־קאָמיסיאָנער — אַ שטאַלטנער, הויכער ייד מיט אַ גרוי בערדל — פלעגט אין יענע טעג אַרומגיין איבער די ביאַליסטאָקער גאַסן און מאַנופאַקטור־לאַגערן מיט גרויס ווירדע און דרך־ארץ צו זיך אַליין, וואָס אַ גאַנץ יאָר האָט עס אים אויך נישט געפעלט.

ער, דער טאַטע, איז געווען אַ ייד אַ מנגן, ליב געהאַט חזנות און מוזיק, האָבן זיך אַרום זיין שטוב געקלעפּט יונגעלייט זינגער און אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זינגען. מ׳פלעגט אין די לאַנגע, ווינטערדיקע פרייטיק־צונאַכטסן איינאָרדענען היימישע געזאַנג־אָוונטן. מ׳פלעגט זינגען שטיק־לעך חזנות און איבערזינגען אַריעס. ס׳איז געווען אַ שטוב נישט נאָר מיט „אַ קאַנטאָרקע״, פון וואַנען דער טאַטע פלעגט אַרויסשיקן מוסטערן און חשבונות, נאָר אויך אַ שטוב, פון וועלכער עס האָט זיך געטראָגן ליבשאַפט פאַר מוזיק און טעאַטער, אַ שטוב, וואָס נישט אַלע יידישע קינסטלער האָבן זוכה געווען צו האָבן...

יידישע קינסטלער זענען על פּי רוב קינדער פון יידישער אָרעמקייט, פון יידישע האָרעפּאַשניקעס. חיהלע גראָבער איז אויפגעוואַקסן אין אַ שטוב פון יידישן מיטלקלאַס, אין אַ סביבה פון אַ יידיש־בירגערלעכער משפחה. און „פּונקט אַזוי ווי ס׳זענען געווען קאָלירנרייך און יומטובדיק די שבתים, אַזוי זענען געווען טרויעריק און מאָנאָטאָן מיינע וואָכעדיקע טעג״. און פון אָט די ימים־טובים און וואָכנטעג דערציילט חיהלע גראָבער אין איר בוך זכרונות „צו דער גרויסער וועלט״.

זכרונות פון אַקטיאָרן און טעאַטער־מענטשן זענען שטענדיק אינטערע־סאַנט, אָנציִעוודיק און עמאָציאָנעל. שוין דער סיפור המעשה איז לאָקנדיק און פאַרביק. אַליין די עצם מעשה ווי אַזוי מ׳ווערט אַן אַקטיאָר איז אַ פאַרכאַפּנדיקע מעשה. און גוטע אַקטיאָרן, דערציילן אויך גוט אַ מעשה — דערציילן מיט חן און מיט לעבעדיקייט. אָבער זעלטן טרעפט, אַז אַקטיאָרן זאָלן קענען אויפשרייבן זייערע איבערלעבונגען, און אפשר קומען זיי צו דעם זעלטן, ווייל די געוויינטשאַפט צו רעדן און פאָרצובערענגען יענעמס „פראָזע" שטערט זיי אַרויסצוברענגען זייער אייגענע איבערלעבונגען. אָבער גראָד אין די לעצטע יאָרן זענען דערשינען וויכטיקע זכרונות־ביכער פון יידישע טעאַטער־מענטשן. ס׳איז דערשינען דאָס וווּנדערלעכע בוך פון אַלעקסאַנדער גראַנאַך „אַזוי גייט אַ מענטש" — באַשרייבונגען פון זיין גאַליציאַנער היים און פון זיין שפּעטערדיק שטורמיש לעבן. זיגמונט טור־קאָוו „פראַגמענטן פון מיין לעבן" און חיהלע גראָבערס אינטים און אינ־טערעסאַנט בוך „צו דער גרויסער וועלט". יעדעס בוך איז ממש שטאָף פאַר אַ דראַמע, אַ דראַמע פון זיין אַן אַקטיאָר ביי יידן.

אין חיהלע גראָבערס בוך איז דאָ אַן אַ שיער ראַשיקע און רוישיקע מאָמענטן, הגם זי דערציילט וועגן זיי מיט אַ סך איידלקייט, מיט טעם און טאַקט. זי איז געווען פון די ערשטע שוישפּילערינס אין העברעישן טעאַטער, וועלכן ס׳האָט פאַרלייגט דער בן־עיר אירער, דער העברעישער לערער נחום צמח אין דער שטאָט פון „פערציק מאָל פערציק" צערקוועס. מיט יענער פּרשה פון איבערגעגעבנקייט און עקשנות, וואָס ס׳האָט פאַר־מאָגט די קליינע גרופּע העברעישע אַקטיאָרן און קינסטלער אין מאָסקווע בעת דער רוסלענדישער רעוואָלוציע — זענען מיר שוין מער־ווייניקער באַקאַנט. אָבער דערדריקנדיק ווירקן די טראַגישע איבערלעבונגען פון דעם גרינדער און בויער פון דער „הבימה". ער האָט פאַרמאָגט די קראַפט צו איבערצייגן אין דער נייטיקייט פון העברעישן טעאַטער דעם רומפולן רעזשיסער סטאַניסלאַווסקי ; ער האָט אויסגעקעמפט עקזיסטענץ־רעכט ביי די דעמאָלטיקע רעוואָלוציאָנערע מושלים אין דעם צעכוואַליעטן און הונגעריקן רוסלאַנד און לסוף געבליבן אַ פאַרלאָזענער, אַן אָפּגעגנאַרטער, און אין דער פרעמד.

דאָס בוך הייבט חיהלע גראָבער אָן מיט זכרונות פון איר געבוירן־שטאָט, פון איר סביבה און משפחה — אַ שטיק שטייגער פון אַ פאַרשווונדענעם

דור. און אַזוי פירט זי אונדז דורך יאָרן פון מלחמה, פּאָגראָם און רעוואָ־
לוציע ביז איר אויפגיי אין דער טעאַטער־קונסט. דאָס איז דער גאַנג פון
אַ יידישער קינסטלערין, וואָס קאָן אַזוי קלאָר און לויטער, זאַכלעך און
אינטים באַנעמען און אויפפאַסן די פּאַסירונגען נישט ווי גורל, נאָר ווי
אומפאַרמיידלעכע אַנטוויקלונגען.

ווי ריכטיק און קאָנקרעט ווערט אַרויסגעבראַכט די ראָל פון „הבימה״
און אירע דערפאָלגן איבער די יידישע מאַסן־ישובים. ס׳איז נישט קיין סתם
התפּעלות איבער די דערפאָלגן, ס׳איז נישט די באַרוישונג, אין וועלכער
מ׳האָט געקאָנט לייכט אַריינפאַלן, דערציילנדיק וועגן דער באַגייסטערונג
מיט וועלכער דאָס טעאַטער איז דאַן אויפגענומען געוואָרן אין די ישובים
פון מזרח־אייראָפּע. חיהלע גראָבער גיט אַ טרעפלעכע אָפּשאַצונג פון וואַ־
נען ס׳האָט זיך גענומען דער ענטוזיאַזם און די ליבע, מיט וועלכע דער
אַנסאַמבל און די פאָרשטעלונגען האָבן זיך אָנגעטראָפן. און פּונקט אַזוי קאָן
זי אָפּשאַצן די לאַגע פון דער „הבימה״ ווען זי קומט נאָך איר אייראָפּעישן
טור קיין אַמעריקע: „יידיש אַמעריקע האָט אין יענע יאָרן געהאַט נישט
בלויז די פינף טעאַטערס אויף דער „עוועניו״. עס זענען דאַן געווען עלף
טעאַטערס איבער ניו־יאָרק, ברוקלין, בראָנזוויל און בראָנקס״. דאָרט אין
אַמעריקע איז נישטאָ טאַקע אַזויפיל פּיעטעט, אַזאַ הייליקער ציטער פאַר
טעאַטער־עבודה. אָבער גראָד דאָרט דערשפּירט זי לעבן, פּריש און
צאַפּלדיק טעאַטער־לעבן, און אַז זי קומט אין די יידישע טעאַטערס, געפינט
זי אויס אַ סך נייקייטן. דאָרט דערגייט זי אויך צו אַ פּשוטער, אָבער קאַר־
דינאַלער מסקנה (וועלכע האָט זיכער משפּיע געווען אויף איר שפּעטערדי־
קע שעפערישקייט): „טעאַטער באַשטייט נישט בלויז פון אַן אַקטיאָר —
ווי גרויס ער זאָל נישט זיין. טעאַטער באַשטייט פון אַקטיאָר און פּוב־
ליקום״.

מיט אַ סך ליבע און פאַרערונג דערציילט זי וועגן אירע לערער און
וועגווייזער אין טעאַטער: וועגן נחום צמח, וואָס האָט געווירקט, אַז זי
זאָל זיך ווידמען דער טעאַטער־קונסט; וועגן דעם געניאַלן וואַכטאַנגאָוו
— זיין אַריינלעבן זיך אין דער „דיבוק״־לעגענדע, וועלכע ער האָט אויפ־
געפירט. זי דערציילט פון דעם אָפּגעפרעמדטן מוזיקער יולי ענגעל, וועמען
די „הבימה״ האָט דערנענטערט און ער האָט געשאַפן די אומפאַרגעסלעכע,

מערקווירדיקע ניגונים צום „דיבוק״. ביז היינט איז זי ווי דורכגעדרונגען מיט יענער שעפערישער שטימונג, אין וועלכער דער גרויסער מייסטער סטאַניסלאַווסקי האָט אַריינגעפירט די יונגע ענטוזיאַסטן: „ווי אָפּט — דערציילט זי — כ׳האָב זיך נישט צוגעקוקט צו אים בעת די פּראָבן, איז דאָך זיין שעמעוודיקע אויפרעגונג פאַרבליבן פאַר מיר אַ סוד. נאָר דאַן, ווען ער פלעגט שוין „אַריין אין צירקל״ — זיין אייגענער אויסדרוק פאַר קאָמפּלעטער קאָנצענטראַציע — נאָר דאַן פלעגט ער זיך אָנהויבן פריי באַוועגן און רעדן, אַרבעטן אומדערמידלעך, דערקלערן און אילוסטרירן, באַרעכטיקן יעדע באַוועגונג און יעדן זשעסט״.

מיט אויפריכטיק־טיפער בענקשאַפט רעדט זי וועגן די ערשטע, וואָס זענען געקומען צו דער „הבימה״ און אַוועק. אָט אַזאַ באַציונג שפּירט מען אַרויס, אַזויפיל יאָרן נאָך יענער פּאַסירונג, ווען איר ביאַליסטאָקער חברטע, די באַגאַבטע ראַשל סטאַראַביניעץ, איז אַוועק פונעם טעאַטער, פּשוט, בכדי צו פירן אַ פאַמיליע־לעבן מיט דעם בחור, אין וועלכן זי האָט זיך פאַרליבט.

אַ סך זייטן אינעם בוך ווידמעט חיהלע גראָבער דעם טעאַטער־פענאָמען וואַכטאַנגאָוו. זי שילדערט זיין לעבן, זיין אָפּשטאַם, זיין אויפפירונג אין טעאַטער, זיינע כאַראַקטער־שטריכן און זיין איבערגעגעבנקייט צו דער העברעישער טעאַטער־סטודיע. זי ברענגט זיינע געדאַנקען און מיינונגען איבער קונסט און ס׳באַקומט זיך אַ לעבעדיקע און גאַנצע געשטאַלט פון אַן אייגנאַרטיקן, מעכטיקן קינסטלער, וואָס האָט אַזוי אויפריכטיק געגלייבט און געלערנט: „דורך קונסט מוזן מיר דערציען אַ בעסערן מענטש, אַן אַרטיסט דאַרף זיין דער ביישפּיל פון אַ ריינעם, ערלעכן, גוטן גייסט; אַן אַרטיסט דאַרף אַליין לערנען און פּראָפּאַגאַנדירן פאַר אַנדערע די גרייט־קייט צו העלפן, ברידערלעכקייט און ליבע״.

אין איר גאַנג „צו דער גרויסער וועלט״, האָט חיהלע גראָבער מיטגענו־מען די דאָזיקע לערעס פון אירע טעאַטער־דערציער. זי האָט זיי אָנגעווענדט אין איר אומגאַנג מיט מענטשן, און אפשר האָט זי דאָס שוין אַליין פאַר־מאָגט נאָך אין יענע, ערשטע ביאַליסטאָקער יאָרן, ווען וועלכע זי דער־ציילט מיט אַזויפיל געמיט און מיט אַזאַ פאָלקסטימלעכער פּשטות, מיט אַזאַ אָפנקייט און וואַרעמקייט, ווי נאָר אַן עכטע און קולטורעלע קינסט־לערין קאָן עס טאָן.

1955

# אהרן ברעזינסקי

אין דער רעדאַקציע „דאָס נייע לעבן" אין ביאַליסטאָק האָט מען אים גערופן ארצי. דאָס איז געווען זיין פען־נאָמען. אַזוי' פלעגט ער אונטער־שרייבן נאָטיצן, בילדלעך, רעפּאָרטאַזשן. אין דער היים, ביי דער מוטער, וואָס איז געבליבן יונגערהייט אַן אלמנה, האָט מען אים גערופן אַרטשע, אַרטשיק. מ'האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט ליבע, מיט אַ צערטלעכן טאָן. ארצי פאַרמאָגט אַ קלאַנג, וואָס איז געווען אַזוי' אייגן און כאַראַקטעריסטיש פאַר אים — האַרציקייט, חנעוודיקע יידישע האַרציקייט.

דאָס רוב יידישע שרייבער אין ביאַליסטאָק זענען געווען ליבהאָבער. מ'האָט געשריבן אַ געלעגנהייט־אַרטיקל, אַן אָפּשאַצונג צו א יובל, און אַז מ'איז ערגעץ ווו אַרויסגעפאָרן, האָט מען עס באַשריבן. אויף אייגענע שטאָטישע ענינים האָט מען זיך אוודאי אָפּגערופן. פּראָפעסיאָנעלע שרייבער זענען געווען בלויז יענע, וואָס האָבן געאַרבעט אין די רעדאַקציעס. אַזעלכע זענען גראָד אין די לעצטע יאָרן געווען נישט וויניק. צייטנווייז זענען דערשינען אין ביאַליסטאָק פיר און פינף טעגלעכע יידישע צייטונגען. גע־ווען אין ביאַליסטאָק אויך מענטשן מיט אמתע טאַלאַנטן, דיכטער און דער־ציילער, פובליציסטן און עסייען־שרייבער, וואָס זענען שוין געווען באַ־קאַנט אין דער יידישער וועלט, שוין אָפּגערעדט פון אַזעלכע נעמען ווי א. ש. הערשבערג און פסח קאַפּלאַן. א. ש. הערשבערגס ווערק „חיי התרבות בישראל" (הארג ותעשית הארג, ורשה תרפ"ד, שטיבל־פאַרלאַג), האָט אפילו געדינט ווי אַ באַזע ביים שאַפן און צונויפשטעלן דאָס ווערטער־בוך פאַר טעקסטיל, וואָס דער ועד הלשון האָט אַרויסגעגעבן.

אהרן ברעזינסקי, הגם אין כמות איז זיין שאַפונג געווען אַ באַשיידענע, איז פונדעסטוועגן געווען באַקאַנט ווי אַ סובטעלער סקיצן־שרייבער, אַ דערציילער מיט אַן אייגנאַרטיקן פאָלקס־טאָן.

קיין ביאַליסטאָק איז ער געקומען פון אַ נאָענט שטעטל באָטקי לעבן

ביעלסק, און הגם דער שטעטלשער שטייגער האָט אים נישט געלאָקט, האָט ער מיטגענומען פון דאָרט אַ סך ליבע און וואַרעמקייט צום שטעטלשן מענטש. ער האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר די חלומות פון דער שטעטל־שער יוגנט און אויסגעזוכט פונעם מאַנאַטאָנעם גרויען לעבן דאָס ביסל יום־טובדיקע, דאָס אידעאַליסטישע, אַפילו פון דער גויאישער ספערע (דער רעוואָלוציאָנערער „סטודענט וואָלאָדיאַ"). ער האָט אויפגענומען דעם שטעטלשן אָרום, דעם גלחס סאָד ווי דעם מאַרק־טאָג אין שטעטל, און אויך די „היימישע ריחות" ווי ער רופט זיי.

שטעטל איז אין דער יידישער ליטעראַטור פון די עיקרדיקסטע מאָטיוון. ווער ס'האָט עס באַשריבן אויפן פאָן פון די אייגענע איבערלעבונגען און ווער אונטערן אַספּעקט פון געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג; ווער עס האָט עס געשילדערט מיט וואַרעמקייט, מיט בענקעניש, און ווער ס'האָט דער־זען נאָר דאָס נעגאַטיווע, די גרויע וואָכעדיקייט.

אהרן ברעזינסקי האָט אין אַן אייגנאַרטיק צוגעקליבענער שפּראַך געגעבן שטיקער ווירקלעכקייט פון יידיש־שטעטלשן שטייגער, פון יידישן מענטש — פון אַ לעבן, וואָס האָט זיך גענומען איינברעכן.

דאָס זענען די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון קרעסן־געביט האָבן פאַרלוירן זייערע פּרנסות און זיכער־קייט, זיך דערפילט ווי פרעמדע, בפרט נאָך, אַז די מאַכט האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף זייטיקע, און די פּוילישע שכנים זענען געוואָרן פול מיט גאַליקייט און שנאה.

אין יאָר 1936 איז דערשינען ברעזינסקיס אַ זאַמלונג דערציילונגען און סקיצן. ער רופט אָן דאָס בוך „אונדזער חרובע היים" — און דאָך איז אי־נעם בוך פאַראַן אַזויפיל לעבן און ווילן צום לעבן, גערעַנגל און אויסדויער. ס'האָט זיך אויסגעפורעמט ביי אים אַן אייגענער סטיל, וואָס איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיינע קורצע אויסגעטאָקטע דערציילונגען, צו זייער אינהאַלט און סיוזשעט. בכלל האָט ער געהאַט אַ נטיה צום קורצן און רעליעפן בילד, צום קורצן זאַץ.

ברעזינסקי האָט זעלטן גוט געקענט אַלע שיכטן און קלאַסן פון פאָלק, דעם המון־עם, די יידן פון „פּיאַסקעס" און פון שול־הויף, די שפּולערקעס און די זיצערקעס אין מאַרק, די לוינקעטניקעס און די אַרבעטסלאָזע ווע־

בער, די טרעגער פון גומיענער־גאַס און יידן באַלעבאַטים, וואָס האָבן בין מנחה למעריב געלערנט אַ בלאַט גמרא. ער האָט אויפגעכאַפּט דעם דרך פון יענע, וואָס זענען אַוועק מעבר־לים, זיך אַרויפגעאַרבעט, און אַראָפּ־געקומען מיט גדלות אין זייערע היים־שטעטלעך. ער האָט לייכט דערשפּירט די טראַכטונגען און באַנעמונגען פון אונטערגעוואַקסענע מיידלעך, פון פאַרזעסענע טעכטער, וואָס די הילפלאָזע טאַטע־מאַמע ווייסן נישט וואָס צו טאָן מיט זיי און ווי אומצוגיין מיט זיי.

מיט אַ באַזונדערן סענטימענט ברענגט ברעזינסקי אַרויס די יונגע, וואָס האָבן אין דער עקאָנאָמישער געדריקטקייט פון יידישן המון, ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, זיך געראַנגלט פאַר קיום, זיך געריסן צום לעבן. אַזוי פּשוט און היימיש שילדערט ער אַ „חתן־כלה" פון אונדזערע באַקאַנ־טע יידישע גאַסן:

„ווען די צייטן זענען געווען בעסערע און אַ גילדן איז געווען אַ ממזר, פלעגן זיי פרייטיק־צונאַכטס גיין צוערשט אין קינאָ און נאָכדעם, קומענ־דיק אין דעם אויבערשטיבל, ווו זי וווינט מיט איר אַלטער מאַמען, פלעגן זיי זיך בריען מיט שטענדיקן הייסן טיי, שיילן יאַדרעס און שמועסן זיך מעשה חתן־כלה וועגן זייער תכלית.

איצט אָבער, ביים ביטערן קריזיס, האָבן זיי פאַרביטן דאָס קינאָ אויף אַ שפּאַציר איבער דער הויפּט־גאַס. בלויז דער שפּעטערדיקער שמועס האָט זיך נישט געביטן. נישטמער אַ ביסל יאוש האָט זיך אין אים אַריינ־געכאַפּט: וואָס וועט זיין דער סוף?

זי איז אַ פריקאַזשטשיצע אין אַ קראָם מיט זעקס גילדן אַ וואָך און ער אַ מענער־שניידער מיט אַנדערהאַלבן טעג אַרבעט אין דער וואָך. ביי ליטן העלפן כאָטש אַרויס קרובים פון אַמעריקע, און ביי זיי — קלאָגט דאָס פּאָרל — רופט זיך קיינער נישט אָפּ, ווי אויסגעשטאָרבן! פירט מען שוין אַ ליבע אַ קיימא־לן פון אַכט יאָר (אין געסל זענען פאַראַן נאָך עלטערע ליבעס) און מ׳קאָן זיך נישט נעמען, כאָטש טו זיך אַ מעשה אָן...".

„איסר דער בוכהאַלטער" געהער צו ברעזינסקיס בעסטע דערציילונגען (די דערציילונג האָט באַקומען אַ פּרייז ביי אַ שרייבער־קאָנקורס אין „פאָרווערטס", ווו ברעזינסקי האָט בקביעות געדרוקט זיינע זאַכן). איסר איז איינער פון די טויזנטער יורדים, וואָס די צייט האָט זיי אינגאַנצן

צונישט געמאַכט. שוין ביים אָנהייב גיט ברעזינסקי אַן אמתע געשטאַלט און אַ רעאַלע סביבה:

„אַ סך, אַ סך יידן אין שטעטל האָט די מלחמה צעמורשט, איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, געבראַכט אפילו אַנדערע צו בעטל־ברויט. אויף קיינעם איז אָבער נישט אַזאַ ביטערער רחמנות ווי אויף איסר בוכהאַלטער. זיין בראָך איז דאַכט זיך גרעסער פון אלעמענס...

און קיין גביר איז ער דווקא נישט געווען, איסר בוכהאַלטער. געווען איז ער אַ „סלוזשאַשטשי״, ווי מ׳פלעגט עס רופן, אַ שרייבער אין אַ תבואה־קאַנטאָר ערגעץ אין אָדעס, פונוואַנען ער פלעגט שיקן דעם וויב „וואָכערס״ אויף חיונה, און אַליין פלעגט ער אַראָפּקומען אַהערצו צוויי מאָל אין יאָר — אויף פסח און ימים־נוראים. האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַ ליכטיק פּנים, איינגעראַמט אין אַ שוואַרצער באָרד, אויגן וואָס האָבן געשפּריינט אַרום זיך ימען מיט גוטסקייט, און ווען ער פלעגט אַראָפּקומען אין שטעטל אויף יום־טוב, האָט זיך געדוכט, אַז אַ פּרינץ פון ערגעץ אַ װוּנדערלאַנד שפּרייזט איבער די געסלעך. אַ הויכער, אַ שלאַנק־אצילותדיקער, פאַרשמעקנדיק אַלץ אַרום מיט אַ ליבן יום־טובדיקן ריח״.

אַזוי שילדערט ברעזינסקי דעם אַמאָליקן איסר בוכהאַלטער. נאָר איצט, אין „אונדזער חרובער היים״ ...אַנטלויפט איסר פון שטוב און דרייט זיך אַרום אין אָפּגעבליאַקעוועטן אויבער־מלבוש איבער די פּוסטע שטעטלשע גאַסן... און נאָכמער:

„מיט רחמנותדיקע בליקן קוקן זיי נאָך, די מאַרק־קרעמער, ווי איסר שאַרט אַלץ שטאַרקער מיט די אַלטע שטיוולעטן אין די געלע אָנגעהויפּטע בלעטער, ווי ער וואָלט ביגוואַלד וועלן פאַרטויבן די פּיאַנאָ־טענער (פון זיין, איסרס, אַמאָליקע פּיאַנע — א. ל.), וואָס טראָגן זיך, גרילצנדיקע, אויפגע־קומענע, פון חנא׳ס הויכע, געשאַליעוועטע פענצטער...״.

אַן אָריגינעלע דערציילונג איז „אַ ייד מיט צוויי קאַצאַפּעס״. פעדקע און פּעטקע פלעגן עס קומען באַלד אָנהייב ווינטער פון ערגעץ טיף „ראַסעי״ אין שטעטל אַריין אויסאַרבעטן פוטערלעך פון די היימישע פעלכלעך. די פריינדשאַפט צו זיי האָט זיך אַזוי איינגעבאַקן ביי מרדכי דעם שוכטער, אַז אַ צעדולטער גייט ער נאָך עד־היום אָפּוואַרטן, אפשר וועלן זיי דאָך אָנקומען, די קאַצאַפּלעך זיינע...

ברעזינסקי האָט אַ ריי בילדער און סקיצן געצייכנט מיט צאַרטקייט און אידלקייט, מיט טיפער דערקענטעניש פון מענטש און זיינע ליידן און קליינע מענטשלעכע פריידן. דאָס זעען מיר אין די דערציילונגען „די האַנט", „העלענקע", „אַ חתונה אויף אַן אָרעמען הויף", אָדער „די טרופע טראַגעדיע און קאָמעדיע". אַ קרעפטיקע און מערקווירדיקע דערציילונג איז „האַנס פריידאָרף אויפן בית־עולם". אָט דער האַנס פריידאָרף, וואָס האָט יאָרן לאַנג געשפּילט און געהאַט דערפאָלג אין די דייטשישע טעאַטערס, קומט צוריק צום מקור, צום שטאָם, און אויפן בית־עולם ווו די שטעטלשע יוגנט פירט אים וויזן די „זע־ווירדיקייטן", אַ מצבה נאָך אומגעקומענע יידן אין אַ פּאָגראָם, לייזט זיך אויף זיין ביטערניש:

„...און אַ מעכטיקער ‚מלא' צעטראָגט זיך פּלוצים, ווי אַ שטורעם, צווישן די הונדערט־יאָריקע בית־עולם־ביימער, וויל זיי, דאַכט זיך, אויסרייסן מיט די וואָרצלען, אומוואַרפן די מצבות. ווי לאַנג, אַז דער דאָזיקער ווונדערבאַרער קול האָט געדונערט אין בערלינער טעאַטער, און איצט וועקט ער טויטע פון די קברים, מאַנט, שלוכצנדיק, זייער בלוטיקע קריוודע, זיין אייגענע קריוודע".

און האַנס פריידאָרף דערמאָנט זיך אָן זיין טאַטן דעם חזן.

אַזאַ אין פלוג תמימותדיקע, אָבער ליריש־געשריבענע און טעמאַטיש רירנדיקע סקיצע ווי „אַ מיידעלע מיט גאָלדענע לאָקן", מעג אָן ספק אַריין אין יעדער ליטעראַטור־זאַמלונג, בפרט פאַר יוגנטלעכע.

אַ פּאָר יאָר פאַר דער מלחמה קומט ברעזינסקי אויף אַ באַזוך קיין ארץ־ישראל. ער שרייבט אַ סעריע רעפּאָרטאַזשן, עטלעכע גוטע ארץ־ישראל־דערציילונגען. ער וויל זיי אַרויסגעבן צוזאַמען מיט אַנדערע דערציילונגען אין איין באַנד. ער שרייבט זיך דורך וועגן דעם, פּלאַנירט אַ צווייט בוך...

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און די סאָוויעטן זענען אַריין קיין ביאַליסטאָק, האָבן זיי אהרן ברעזינסקין נישט געפּסלט. אַפילו נאָכדעם ווי זיי האָבן צוגעמאַכט די צייטונג „אונדזער לעבן". להיפך גאָר, ס'איז זיי געפעלן זיין סאָציאַלע אָנגעצילטקייט, זיין באַשרייבן די אָרעמקייט, דאָס דערזען דעם סאָציאַלן אומיושר... מ'האָט אים געגעבן אַרבעט, ער איז געוואָרן קאָרעקטאָר פון אַ רוסישער צייטונג פון די באַן־אַרבעטער „זאַפּאַדנאַיאַ מאַגיסטראַל". די סאָוויעטן האָבן אפילו געגרייט אַרויסצוגעבן זיינס אַ בוך אין רוסיש.

יידישע שרייבער האָבן שפּעטער דערציילט, וואָס אהרן ברעזינסקי און זיין פרוי, די לערערין רחל אַלפּעראָוויטש, האָבן פאַר זיי אין זייער נע־ונד זיין געטאָן. ביאַליסטאָק איז דאַן, כידוע, געוואָרן אַ פּליטים־צענטער. ברע־זינסקי האָט בלב ונפש געהאָלפן, געראַטעוועט. נישט איינמאָל איז עס געווען פאַרבונדן מיט דער גרעסטער סכנה.

ער איז אַרעסטירט געוואָרן דעם 21־טן יוני 1941, אַ טאָג איידער ס׳איז אויסגעבראָכן דער דייטשיש־סאָוויעטישער קריג. מ׳זאָגט, אַז מ׳האָט אים אַרעסטירט צוליב אַ טעות, אַ פאַרזען, אָדער אַ מסירה. זיין פרוי און קינד האָט מען פאַרשיקט קיין סיביר.

די דייטשן, ימח שמם, האָבן אים אומגעבראַכט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, דעם 12־טן יולי, אויף די פּיעטראַשער פעלדער, צווישן די „שבתדיקע״.

1956

# דוד פינסקי

מיט דוד פינסקיס פטירה האָט זיך אָפּגעשלאָסן אַ תקופה אין דער יידי־שער ליטעראַטור. ס׳איז אַוועק דער לעצטער פאָרשטייער פון אַ גרויסן שאַפערישן דור.

ס׳ווערט איצט גראָד פינף און זעכציק יאָר זינט פינסקי איז אַריינגעטראָטן אין דער יידישער ליטעראַטור. זיין ערשטע דערציילונג „דער גרויסער מענטשנפריינד״ איז פאַרעפנטלעכט געוועז אין 1894 (אין מרדכי ספעקטאָרס „הויז־פריינד״). ער האָט אַריינגעשפּאַנט אין דער יידישער ליטעראַטור אַזוי נאָענט נאָך איינעם פון די, וואָס האָבן פאַרלייגט אירע יסודות: י. ל. פרץ האָט דעביוטירט אין יאָר 1886, דוד פינסקי — אַכט יאָר שפּעטער.

און טאַקע ווי פרץ, וואָס האָט באַגערט נישט נאָר צו באַנייען די ליטעראַטור, נאָר געצילט און באַמיט זיך איבערצואַנדערשן דעם יידישן מענטש און בויען זיין קולטור, האָט אויך פינסקי זיך נישט באַגנוגנט מיט שרייבערישער שאַפונג אין אַלע פאָרמען. ס׳האָט אים געשטויסן צום קוואַליקן יידיש־לעבן בפועל ממש, צו די תשוקות פון יידישן מענטש, צום אַרבעטער — צו זיין וואָרט און צו זיינע אידעען.

פינסקי איז געוועזן איינער פון די סאַמע פּראָדוקטיווסטע שרייבער. ער האָט אָנגעשריבן הונדערטער און הונדערטער דערציילונגען, קרוב אַכציק דראַמאַטישע ווערק, ער האָט געשריבן לידער און קריטיק, פּובליציסטישע אַרטיקלען און היקפדיקע ראָמאַנען.

שוין ביים אָנהייב האָבן אויפגעוואַכט אין אים און אים באַוועלטיקט צוויי עיקרדיקע מאָטיוון: דער סאָציאַל־קעמפערישער און דער נאַציאָנאַל־אויסלייזערישער. מיט די צוויי איז ער געווען געבונדן זיין גאַנץ לעבן. זיי זענען געוואָרן זיין אמונה און ביטחון, מיט דעם זענען קינסטלעריש באַהויכט און דורכגענומען אַ סך פון זיינע שאַפונגען.

חלומות און אידעאַלן פון דורות, ווי די קאָנקרעטע אידעען און שטרע־בונגען פון דער סאַמער לעצטער צייט, זענען אַריינגעפירט אין זיינע ראָ־מאַנען און דערציילונגען.

פינסקי איז נישט געקומען פון שטעטל — ווי דער רוב יידישע שריי־בער — ער האָט געקענט די שטאָט און דאָס גרויסשטאָטישע לעבן; דאָס האָט אים געגעבן אַן אַנדערן שווונג און ריטעם, דאָס האָט טעמאַטיש אויס־געברייטערט זיינע שילדערונגען פון דער יידישער מיליע, פון דער יידי־שער געזעלשאַפט. דאָס האָט אים אפשר געמאַכט אויך שטורמישער, אָנגע־לאָדענער. זיינע דערציילונגען זענען פול מיט הייסן אומרו. דאָס איז שייך זיינע ערשטע בילדער פון אַמאָליקער היימיש־יידישער ספערע, ווי זיינע היסטאָרישע דערציילונגען און דראַמעס, די ראָמאַנען פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן: „דער צעריסענער מענטש" און „דאָס הויז פון נח עדאָן" ביז זיינע דערציילונגען וועגן יידישן אומקום (מיט דער מערקווירדיקער דער־ציילונג „ער לעבט"), ביז זיינע שילדערונגען פון דער איצטיקער ארץ־ישראל־ווירקלעכקייט.

אוודאי זענען געווען פאַרשידענע תקופות און פעריאָדן אין פינסקיס לאַנגן שאַפונגס־וועג, די יאָרן אין וואַרשע מיט ספעקטאָרן אין „הויז־פריינד" און מיט פרצן אין די באַרימטע „יום־טוב־בלעטלעך"; די יאָרן פון ווין און בערלין, ווו ער שרייבט שוין אויך זיינע ערשטע דראַמעס; און די אָנהייב־יאָרן אין אַמעריקע מיט פראָלעטאַרישע דערציילונגען אין גוסט און אין דער טענדענץ פון יענער צייט. ער אָטעמט שפּעטער איין די אַטמאָספער פון געדיכטן יידישן לעבן אין אַמעריקע. ער דערקענט די נישט־יידישע סביבה מיט אַלע אירע שיכטן און קלאַסן. דאָס זענען געווען די שטייגנדיקע מדרגות פון קראַפטפולן דערציילער, פון אָריגינעלן דראַ־מאַטורג און קינסטלער.

אַ קערנדיק קאַפּיטל יידישע ליטעראַטור־שאַפונג פון ביידע זייטן ים.

און ס'איז געווען נאַטירלעך פאַר פינסקין אַז נאָך פינף צענדליק יאָר אין אַמעריקע מיט געוווינהייט, איינגעלעבטקייט, סביבה, נאָענטע פריינד, זאָל ער דערקלערן: „איך פאָר אַוועק צו לעבן מיט דעם לעבן פון ישראל. דער גאולה־קאַמף, וועלכן איך האָב אַוועקגעגעבן אַ העלפט פון מיינע יאָרן, איז געוווּנען געוואָרן, און איך וויל געניסן פון אונדזער זיג דאָרט

אויפן אָרט, אין לאַנד פון אונדזער בענקעניש און אונדזער צוקונפט" („די צוקונפט", יאַנואַר 1949). און ער איז געקומען, דוד פּינסקי. ער האָט אויפגעהעלט מיט נייע ליכטער, מיט דער קראַפט און פרישקייט פון שאַפערישע אַלטע קעמפער און קינסטלער.

גיך האָט ער אויפגעכאַפּט דעם נייעם גאַנג און ריטעם פון ישראל. דאָס לאַנד איז געווען פאַר אים תמיד אייגן. סיי ארץ־ישראל פון היינט און סיי דאָס לאַנד פון ווייטן נעכטן. איצט האָט ער זיך באַהאָפטן דערמיט: פון זיין הויז אויפן כרמל־באַרג האָט ער געזען ווייט דעם גאַנצן אַרום; באַרג און טאָל, דאָרף און שטאָט, מענטשן און געשעענישן.

עס געדויערט נישט לאַנג און ער שרייבט זיין פּיעסע „נישט ווי אַלע פעלקער" מיט אַקצענטירטער דראַמאַטישער ארץ־ישראל־האַנדלונג. און באַלד קומט זיין צאַרטע דערציילונג „לאָז מיך הערן דיין קול", וואָס אין פלוג קאָן זיך דאַכטן, איז עס אַ דערציילונג אויף אַן אויסגעשריבענער טעמע: בחור־מיידל, מ'באַקענט זיך אין אַן אָפּרו־אָרט און מ'פאַרליבט זיך. איז אָבער די דערציילונג געשריבן מיט אַזויפיל אינערלעכער וואַרעמקייט און אויף דער רעאַלער קאַנווע פון לאַנד: ער, אַ באַפרייטער סאָלדאַט, אַ רעליגיעזער, האָט אין באַפרייונגס־קריג זיך אויסגעצייכנט ווי אַ געוואַגטער גוטער קעמפער. ער זיצט אין האָטעל־צימער און לערנט, לערנט גמרא מיט אַ שיין זינגעוודיק קול, אָבער דאָס אומבאַקאַנטע מיידל פון צווייטן צימער, פון איבער דער וואַנט, צעשטרייט אים די רעיונות, שטערט דאָס לערנען. שפּעטער, אונטן ביים טיש, באַקענען זיי זיך, זי איז געווען אין די זעלבע פּונקטן, אַ סאַניטאַריך, ער, אַ זעלנער, זיי האָבן מיטגעמאַכט די זעלבע קאַמפן. מען דערמאָנט זיך געמיינזאַמע פּאַסירונגען, מיליטערישע אויפגאַבן. מיט נאַטירלעכער פּשטות פירט צונויף פּינסקי דעם יראת־שמימדיקן בחור מיט דעם דרייסטן ארץ־ישראל־מיידל, טאַקע אַ זיווג מן השמים. — —

און ס'רייען זיך ארץ־ישראל־דערציילונגען און ס'קייטלט זיך אַן ארץ־ישראל־ראָמאַן מיט פרישקייט און מיט פּינסקיס קרעפטיקער מאָלע־רישקייט.

פּינסקי פלעגט אויך אָפט רעאַגירן אויף פּראָבלעמען און געשעענישן, פון יידישן לעבן אין דער וועלט, און אין אונדזער לאַנד. דאָ האָבן מיר

ווידער געזען דעם שטאָלצן שרייבער, דעם ווירדיקן ייד, דעם מענטש מיט אָרגאַניש־אייגענער באַציונג צו קולטור און שאַפונג. מיט זיין אייגנ־טימלעכער אחריות פאַרן עבר און פאַר דער צוקונפט פון פאָלק, האָט ער באַלד נאָך זיין קומען אין לאַנד געזאָגט: „גוטע, געטרייע יידן מוזן לערנען מיט זייערע קינדער די ליטעראַטור אין יידיש צוגלייך מיט דער ליטע־ראַטור אין העברעיש. זיי מוזן וויסן איר אָנהייב, אויפשטייג און פולן פאַ־נאַנדערבלי. די יידישע קינדער מוזן זי קענען, זיי זאָלן פולע יידן זיין, זיי מוזן וויסן די גאַנצע קראַפט פון יידישן שאַפונגס־גייסט!".

„מיט יאָרן צוריק, ווען איך בין געווען דער פרעזידענט פון דער יידישער קולטור־געזעלשאַפט, האָב איך אויפגעשטעלט פאַר איר דעם לאָזונג: יידישיזם און העברעיש אין גלות, העברעיש און יידיש אין ארץ־ישראל. דער לאָזונג איז נאָך איצט אַקטועל, עס איז דער פרינציפ פון אונדזער צוויישפּראַכיקייט, וואָס איז געווען אַ מזל ברכה פאַר אונדזער שאַפן און אַ ריזן־כוח פאַר אונדזער דערהאַלטונג".

דאָס איז געווען דוד פינסקיס טיפער גלויבן, און פאַר דעם, אין וואָס ער האָט געגלייבט איז ער גרייט געווען אויסצוטראָגן אַלץ — ווי ער האָט עס געטאָן אַלע זיינע יאָרן.

ס'איז געווען דערהויבנדיקע פרייד צו האָבן פינסקין אין מדינת־ישראל, צו האָבן אים אַזאַ ווי ער איז עס תמיד געווען. ס'האָט געשטראַלט פון אים מיט לויטערקייט, מיט גאַנצקייט און מיט דורותדיקן יידישן ביטחון.

דערפאַר האָט ער מיט אַזאַ וואַרעמקייט און ליבשאַפט זיך באַצויגן און אויפגענומען די יונגסטע דיכטער פון יידישן לשון. און ס'איז גוט און טרייסטנדיק צו פילן, אַז אין ישראל, ווו ס'האָט געלעבט און געשאַפן דער עלטסטער יידישער שרייבער, לעבן אויך היינט און שאַפן די יונגסטע דיכטער און דערציילער פון דער יידישער ליטעראַטור.

# אינהאַלט:

## א

ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור 7
יהואש 21
אפרים אויערבאַך 31
י. פּאַפּיערניקאָוו 37
שמואל איזבאַן 47
שמחה אייזין 53
ל. חיין ־ שמעוני 60
יואל מאַסטבוים 66
מלכה לאָקער 71
אברהם לעוו 77
אריה שמרי 82
ה. לייוויק 89
א. סוצקעווער 110
ש. בערלינסקי 111
יעקב פרידמאַן 116
מענדל מאַן 122
יצחק פּערלאָוו 127
בינעם העלער 132
א. קאַרפּינאָוויטש 137
משה יונגמאַן 142
צבי אייזנמאַן 148
מ. גראָס־צימערמאַן 152
מ. צאַנין 156
מרדכי יאָפּע 159
שמשון מעלצער 164

## ב

ח. נ. ביאַליק 169
שאול טשערניכאָווסקי 175
י. ח. ברענער 179
ש״י עגנון 184
יעקב פיכמאַן 187
ג. שאָפּמאַן 190
יצחק למדן 194
זאב זשאַבאָטינסקי 198
יהודה בורלא 202
משה סתוי־סטאָווסקי 206

## ג


| | |
|---|---|
| יצחק קאַצענעלסאָן | 215 |
| ז. סעגאַלאָװיטש | 221 |
| ישעיהו שפּיגל | 227 |
| ק. צעטניק | 233 |
| רחל אויערבאַך | 237 |
| לייב ראָכמאַן | 242 |
| יאָנאַס טורקאָװ | 248 |
| חיה עלבוים־דאָרעמבוס | 253 |
| משה זאָנשיין | 256 |
| ד״ר מ. דװאָרזשעצקי | 261 |
| יחיאל גראַנאַטשטיין | 265 |
| מ. קאַהאַנאָװיטש | 269 |
| אפרים דקל | 273 |


## ד


| | |
|---|---|
| א. מ. פוקס | 279 |
| משה בראָדערזאָן | 284 |
| מלך ראַװיטש | 290 |
| חיים גרינבערג | 296 |
| י. זרובבל | 300 |
| יחיאל האָפּער | 305 |
| ד״ר י. רובין־רבקאי | 309 |
| משה גראָסמאַן | 313 |
| דוד פלינקער | 316 |
| חיהלע גראָבער | 320 |
| אהרן ברעזינסקי | 324 |
| דוד פּינסקי | 330 |

## אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ-ביבליאָטעק זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדיקע ביכער :

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטוארן (ראָמאַן פון קבוץ-לעבן) |
| יוסף ראָזען | געקליבענע שריפטן (העברעיש) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאָטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש |
| אפרים שרייער | קונסט און טעאַטער (העברעיש) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל-דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| י. לעשצינסקי | דאָס פּנים פון גלות-יידנטום (העברעיש) |
| יעקב פּאַט | שמועסן מיט יידישע שרייבער (העברעיש) |
| רבקה באסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווי און גלויבן |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מ. בערלאַנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יהושע גלבוע | אויף די חורבות פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד (העברעיש) |
| יחיאל האָפּער | ר׳ זלמן |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאָגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש ווײַנשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |